א ל ע  ו ו ע ר ק:

# ז. סעגאלאוויטש

---

ו ו א ר ש ע, 1928

ז. סעגאַלאָוויטש

# רויך פון א ליולקע

באַוועלן

פופצענטער באַנד



פאַרלאַג ה. בזשאַזאַ

# דער גאָלדענער פּאַרטסיגאַר

טאַמאַראַ רויכערט פּאַפּיראָסן...

אַמאָל, מיט יאָרן צוריק, ווען זי פלעגט נעמען אַ פּאַפּי-ראָס אין מויל פלעגט זי באַלד אויסשפּייען און זיך פאַר-הוסטן:

— פּע! וואָס האָבן זיי די מענער דערפון? אַ ביטערניש אין מויל...

היינט רויכערט זי אַליין אַ סך פּאַפּיראָסן. זי רויכערט און זי קאָן שוין אָן דעם ניקאָטין נישט לעבן.

אמת, זי מאַכט עס זייער איידל, מיט גראַציע. ווען טאַ-מאַראַ נעמט אַרויס אַ פּאַפּיראָס פון איר פּאָרטסיגאַר, ווען זי צינדט אָן דאָס שוועבלע, ווען זי לאָזט אַרויס דעם רויך פון מויל... יאָ, ווען טאַמאַראַ רויכערט, זעט מען דאַמאָלס אַ פיין-דערצויגענע פרוי, אַ מאָדערנע פרוי, אַן אינטערעסאַנטע פרוי. און אַלע מענער, יעדער איינער באַזונדער וויל זיצן נעבן איר, שמועסן מיט איר וועגן וועלט און מענטש, שמועסן און רויכערן...

און וועגן וואָס צו שמועסן איז פאַראַן... בערגסאָן, איינ-שטיין, פרויד און איבערהויפּט, דער עיקר: די מאָדערנע טעכ-ניק, וואָס דרייט איבער דעם גאַנצן מענטשן מיט אַלע זיינע פלענער קאָפּ אַראָפּ אָדער קאָפּ אַרויף... די מאָדערנע טעכניק, די מאָדערנע טעכניק... צי די טאַמאַראַ פערליך האָט יאָ צו דעם אַ שייכות צי נישט, אָבער רעדן וועגן דעם קאָן זי, זי קאָן רעדן וועגן אַלץ, און נישט נאָר רעדן, אַפילו שווייגן קאָן זי אויך וועגן אַלע זאַכן, אָדער האַלב שווייגן, האַלבריידן, זי איז אַ מענטש, אַ פרוי פון פיינעם האַלבן טאָן... עס איז גענוג אַ קוק צו געבן אויף אירע ליפּן בעת זי רעדט: די ווערטער לויפן נישט נאָר יעדעס וואָרט וואַרט אַביסל אונטער אויף אירע

ליפּן, פאַרהאַלט זיך, ווי אַ שמעטערלינג און דערנאָך פלאַטערט עס אַראָפּ פון אירע ליפּן... עס איז געגוג אַ קוק צוגעבן אויף אירע פינגער אין וועלכע זי האַלט דעם דינעם פּאַפּיראָס, ווי צאַרט די פינגער שפּילן און באַוועגן זיך, די ווייסקייט פון אירע פינגער... ווער וועט עס אָפּלייקענען, אַז טאַמאַרע איז פיין דערצויגען?

און אַרום איר איז שטענדיג אַ געזעמל, די קליגסטע האָבן ליב צו שמועסן מיט איר... שמועסן מיט איר און... נישט מער.

זי איז רייך, זי איז פון דער פיינסטער פאַמיליע אין אונזער שטאָט, זי האָט אַ סך געררייזט, אַ סך געלערנט און געלייענט. אָבער העכער דריי צענדליק יאָר האָט זי שוין אויף אירע שמאָלע פּלייצעס. אַ סך פּודער און פאַרב האָט זי שוין אויסגענוצט. פריער האָט זי דאָס נישט באַדאַרפט, ווייל זי איז יונג און שען געווען.

איצט העלפט עס שוין נישט. זי ווערט עלטער. זי איז נישט קיין נאַר, זי קאָן ציילן... נאָר זעלטן, ווען זי ציילט אירע יאָרן. אַ נאַרישער קאַפּריז: זי וויל זיך אַליין איינריידן, זי וויל איינריידן דער גאַנצער וועלט, אַז זי איז נאָך אַלץ יע־נע שלאַנקע יונגעטשקע מיידל, וועלכע האָט זיך אויסגעלאַכט פון די שענסטע יונגע לייט. זי איז אַזוי זיכער געגאַנגען אין לעבן, און איצט... פּלוצלינג... זאָל טאַקי די זיכערקייט פאַר־שוואונדן ווערן?

און זאָל טאַקי די סיבה זיין דערפון, ווייל זי איז ביז איצט געבליבן אַליין? נישט חתונה געהאַט, נישט צוגעפּאַסט קיינעם צו זיך און זיך צו קיינעם נישט צוגעפּאַסט.

עס איז אַ נייע צייט. נייע מענטשן, נייע באַגריפן. און זי אַליין איז דאָך שטענדיק געווען די ערשטע פאַר אַ נייעם געדאַנק, די ערשטע פאַר דער מאָדע, זי האָט אַנדערע געלערנט. און איצט: דאָס לעבן, די צייט — אַלץ איז איבער איר אַרי־בער געשפּרונגען און זי איז געבליבן הינטערשטעליק, זי פילט דאָס שויך, נאָר זי איז זיך נאָך נישט מודה אין דעם, זי טאָר

זיך נישט מודה זיין. אַנשטאָט צו טראַכטן פון היינט, פון מאָרגן, פאַרטיפט זי זיך אין עראינערונגען, אין נעכטן.

זי איז געווען אין אירע יונגערע יאָרן פול מיט קאַפּריז, טאַקי אַ סך מאָל ביים געווען אויף די שלאַנקע בחורים, ביים געווען, ווי אַזאַ מיידל קאָן זיין. באַשטימט, אַ סך זענען צוליב איר נעכט נישט געשלאָפן, בלייך זענען זיי געוואָרן, ווען זי פלעגט זיי אָפּשטויסן.

אָבער היינט באַדאַרף מען נישט קיין קאַפּריז און נישט דעם רייץ פון אַ מיידלשן קאַפּריז. היינט באַדאַרף מען חוצפה, היינט באַדאַרף מען זיין אַביסעלע פרעך. ווייסט זי נישט, ווי מען פּאַסט זיך צו צו דער היינטיקער צייט. די האָר אָפּגעשוירן, דאָס קליידל קורץ געמאַכט, פּאַפּיראָסן רויכערט זי. אָבער דאָס איז ווייניק. די עטלעכע איבעריקע יאָר — דאָס שטערט איר. מען רעט וועגן איר בילדונג, וועגן איר קלוגשאַפט, אָבער אַלץ זעלטענער דערמאָנט מען איר שענקייט.

זי וויל זיך איינרעדן, אַז מענטשן זענען בלינד געוואָרן, אַפילו דאַן, ווען זי זעט גאַנץ גענוי אין שפּיגל, אַז די בעקלעך זענען שוין נישט אַזוי פריש און אונטער די אויגן באַווייזן זיך סימנים... ניין! נאָך נישט קיין קנייטשן, זי זעט און מאַכט זיך נישט זעענדיק, אַפילו דאַן, ווען זי פאַרשמינקעוועט די געפערלעכע ליניעס.

עס באַפאַלט איר אָפט אַ בייזע קראַמפּ, אַן אויפרעגונג: געגן דער גאַנצער וועלט וועט זי זיך שטעלן, אַבי נישט אונטערגיין, זי וועט מיט אַלץ און מיט אַלעמען קעמפן... זי. זי וועט אויסשרייבן פאַרב און פודער פון פאַריז גופא, זי וועט קעמפן...

זי איז נישט ענלעך ווי אַנדערע. זי האָט אַ קרייז באַקאַנטע, ס'איז אַפילו אַ כבוד פאַר אַ סך, ווען זיי ריידען מיט איר. זי האָט געשמאַק, זי ווייסט ווען אויסצוטיילן פון דער געזעלשאַפט, אָבער בעת זי נעמט טראַכטן פון אַזאַ איינעם, באַמערקט זי, אַז יענער הערט מער וואָס זי רעט און קוקט אויף איר ווייניקער, ווי מען פלעגט אַ מאָל קוקן אויף איר, וויל זי זיך איינרעדן, אַז יענער איז קורצזיכטיק.

לעבט זי דערווייל מיט אַזעלכע איינריידענישן.

זי . . .

זי וועט זיך נישט קלעמען פון דעם, וואָס אירע צוויי יונגערע שוועסטער האָבן שוין התנים . . . אַזוי טראַכט זי און אין דער אמתן קאָן זי נישט דולדן בעת זי זעט זיי צו־זאַמען, — בעת זיי לאַכן, בעת זיי צערטלען זיך. ווען זיי, די יונגע ציגן, וואָלטן וויסן ווען זי, טאַמאַראַ, האָט פון זיך פאַרטריבן, וויפיל העלדן עס האָבן געקניט פאַר איר.

אָבער פאַרגאַנגענהייט איז קיין קאַפּיטאַל נישט. און די איידעלע פינגער עפנען דעם פּאָרטסיגאַר, טאַמאַראַ רויכערט און לאָזט אַוועק מיט דעם רויך די מעלאַנכאָלישע געדאַנקען...

עס איז נאָך נישט קיין טראַגעדיע, זי האָט אַ סך מעג־לעכקייט איינצוהילן די ערשטע סימנים פון אומרו און מפלה. זי איז דאָך רייך און אין רייכע קליידער זעט מען נישט אַרויס אַזוי גיך דאָס אומגליק. זי צעוואַרפט און צעשמייסט אויף ברעק־לעך דעם ערשטן שרעק. זי לאָזט זיך רייזן איבער דער וועלט, פאַרברענגט אין קוראָרטן, פאַרברענגט ביים ים, אויף בערג און נאָך יעדער רייזע קומט זי באַרויקט, געזונטער און מונטערער... דאַכט זיך, אַז זי איז גרייט די וועלט איינצונעמען, אָבער די וועלט רוקט זי אַוועק פון איר. די וועלט... די יענע יונגע לייט, וועלכע רעכנען זיך פאַר די בעסערע און וועלכע ווייסן אַלע, אַז טאַמאַראַ איז שוין נישט אַזוי יונג... פרעכע און גליקלעכע מענטשן, וועלכער טייוול האָט זיי געגעבן דאָס רעכט צו ציילן די יאָרן פון אַ פרוי, ווי מען ציילט עס ביי אַ פערד? זי איז גרייט געווען די גאַנצע וועלט פיינט צו באַקומען, אָבער זי באַדאַרף די וועלט פאַר זיך, באַווייזן זיך פאַר דער וועלט, אויסהערן קאָמפּלימענטן, אַפילו פיינט האָבן קאָן זי נישט די וועלט, זי דאַרפט זיך צופּאַסן צו איר, אַריינפּאַסן זיך אין דער וועלט־ראַם...

איז אָבער איר שמייכל שוין נישט אַזוי יונג...

סימנים פון אַלטקייט...

ווי אַזוי איז דאָס געקומען? ווי אומגעריכט? זי, טאַמאַראַ,

האָט געגומען לעבן מיט ערינערונגען און דאָס איז דאָס ערגסטע. וואָס מער מפּלות זי האָט געליטן אין היינט, אַלץ מער האָט זי זיך אָבגעקערט מיט די געדאַנקען צום נעכטן. זי האָט דעם „נעכטן" גערופן צו־הילף, געוואָלט, אַז דער „נעכטן" זאָל עדות זאָגן, אַז זי איז געווען די ערשטע, די שענסטע, אַז יענע טעג פון איר בליען זענען באמת געווען אינטערעסאַנט און איצט לעבט מען מיט נאַרישקייטן, מען רעט זיך איין, מען נאַרט זיך אָב.

נעכטן...

נישט איינמאָל האָט זי זיך שוין געגריבלט אין אירע אַלטע בריף. זי האָט געליינט און געציטערט פון אויפרעגונג. איצט, ערשט האָט זי פאַרשטאַנען דעם זיסן פייער, וואָס האָט געפלאַקערט אין די בריוו צו איר, בריוו פון פאַרליבטע יונגע לעבנס, וועלכע האָבן זיך געבעטן ביי איר ליבע, אויפמערקזאַמקייט, דאַמאָלס האָט זי געשוויגן, אויף די בריוו נישט געענטפערט, איצט האָט זי געבענטשט יעדן איינעם פון זיי. די בריוו זענען געלעגן פאַרשלאָסן, פּונקט ווי אַ טייערער טעסטאַמענט, אין וועלכן מען פאַרשרייבט אויף איר נאָמען די גאַנצע וועלט...

אָבער זי איז דאָך פאָרט נישט קיין נאַר, זי זעט דאָך גאַנץ גוט, וואָס אַרום איר קומט פאָר. אין היינטיקע צייטן זעען אַזעלכע זאַכן, ווי באַהאַלטן בריוו פון געוועזענע געליבטע, זייער נאַריש. בריוו מיט הייסע ווערטער, בריוו מיט פאַרטריקנטע בלומען אין זיי... ווי קינדיש די סענטימענטן זענען און ווער? זי, טאַמאַראַ, פאַרנעמט זיך מיט אַזעלכע נאַרישקייטן.

זי האָט זיך פאַרשלאָסן איינמאָל אין קאַבינעט, נאָכאַמאָל געליינט די בריוו און געשמייכלט צו זיך...

קלוג, נאַריש — אַלץ איינס: זי האָט געפילט, אַז די בריוו זענען איר טייער. נאָר כּדי אַ סוף צו מאַכן, כּדי זיך צו באַפרייען פון נעכטן, האָט זי דאָס אַלץ פאַרברענט, זי האָט געמיינט, אַז זי וועט זיך באַפרייען פון דעם, וועט זי זיין מער מיט דעם לעבן פון היינט, זי האָט חשק צו גיין מיט דעם שטראָם...

אָבער פאַרברענט האָט זי בלויז דאָס פּאַפּיר. די ערינע־רונגען זענען געבליבן. זי האָט זיך גענומען שרעקן פאַר זיך, ווען זי בלייבט אַליין שווימען באַלד אַרויס די געשטאַלטן פון נעכטן. און עפּעס קומען זיי, כדי זיך צו רייצן מיט איר, כּד צו פאַרגלייכן אַמאָליקע טעג מיט די היינטיקע.

אַוועק!...

מען מוז פאַרטרייבן פון זיך יעדן ספק. טאַמאַראַ איז ערנסט און וואָס ערנסטער זי ווערט אַלץ מער דרך־ארץ האָט מען פאַר איר און אַלץ ווייניקער פלירט, שפּאַס...

זי זאָל דאָס נישט באַמערקן... ניין! זי האָט גוטע אויגן. אָבער ווייזן, אַז דאָס פּאַרדריסט, דאָס טאָר מען אויך נישט. און די בעסטע זאַך דערביי איז אַ פּאַפּיראָס. זי ציט אירע איי־דעלע פינגער צום פּאָרטסיגאַר...

טאַמאַראַס פּאָרטסיגאַר איז אַ קונסט־ווערק. גרינלעכע גאָלד מיט עמאַל און אַ סך קליינע בריליאַנטעלעך. אַ טייערער פּאָרטסי־גאַר, אָבער זיין טייערקייט שרייט נישט פון רייכקייט, קיין זאַך שרייט דאָ נישט פון רייכקייט. קיין זאַך שרייט דאָ נישט אין איר קאַבינעט. אַלץ איז מיט רויקייט, מיט געשמאַק. זי האָט איינע פון די ערשטע אַראָפּגעבראַכט אין אונזער שטאָט, דעם אינדישן באַטיק און אויסגעפּוצט מיט די שטיקלעך קאָלירטן זייד אַ סך ווינקלען, זי האָט איינע פון די ערשטע איינגעפירט ביי אונז די מאָדע פון די קונסט־לאַלקעס און זי האָט זיי אַ סך ביי זיך אין שטוב. זער שענע פּיעראָטלעך, נעגערקעס און בלאָנדע קעפּלעך, זער שענע... אָבער, ווען טאַמאַראַ נעמט איי־נע פון די לאַלקעס און שפּילט זיך מיט דעם, ווי מיט אַ קליין מיידעלע, ווען זי דריקט עס צו זיך, טולעט צו זיך און קושט זי... דאַמאָלסט ווילט זיך אָפּקערן דעם קאָפּ און נישט קוקן, ווייל עס פילט זיך, אַז זי וויל זיך מאַכן יונגער ווי זי איז און דאָט שאָקירט. פון איר, פון טאַמאַרען, ווילט זיך דאָס נישט זען, ווייל אַלע ווייסן, אַז זי איז נישט קיין נאַר... צו וואָס דעם מאַסקאַראַד? פאַראַן אָבער זאַכן, וואָס די קליגסטע באַמערקן נישט און טאַמאַראַ מאַכט אָפט אַזעלכע פעלערן. זי

נעמט אָפּט רעדן מיט אַ יונג מיידלשן קול און פֿאַרבויגט דעם קאָפּ אַזוי קאָקעטיש, ווי אַ זעכצניעריקע, דערביי פֿאַרגעסט זי, אַז צוויי מאָל זעכצן דאַרף דאָס נישט מאַכן.

דאָס זענען בלויז קליינע קלייניקייטן. אין אַלגעמיין איז זי אַנדערש: ערנסט, דרייסט, מיט אַ לייכטער איראָניע באַגעגנט זי מענטשן, נעמט זיי אויף מיט ווירדע, מיט זעלבסט־אַכטונג, און וואָס מער זי פֿאַרבערענגט מיט וועמען אין געשפּרעך, אין דיספּוט, אַלס שטאָלצער פֿילט זיך יענער. טאַמאַראַ אַליין האָט אים געזאָגט, טאַמאַראַ אַליין איז איינשטימיק מיט זיינע געדאַנקען, מיט זיין לעבענס־פֿילאָזאָפֿיע. יאָ, דאָס האָט וואָג... אָבער פֿון טאַמאַראַן גייט מען אַוועק, ווי פֿון אַ קלוגער פֿרוי — נישט ווי פֿון קיין געליבטער.

עס קאָן זיין, ווען זי זאָל אַביסל אַראָפּלאָזן, ווען זי זאָל נעמען טראַכטן פֿון איר גליכן... עס זענען פֿאַראַן גאַנץ אינ־טערעסאַנטע, דערפֿאַרענע עלטערע בחורים... זי מיידט זיי אָבער אויס, זי שרעקט זיך, טאָמער וועט עס וואַרפֿן אַ שאָטן אויף איר געשטאַלט. אפֿילו די עלטערע חברטעס לאָזט זי צו זיך נישט צו און די יונגערע קומען זיך בלויז מישב זיין צו איר...

וויל איינע פֿון זיי אויפֿנייען אַ ניי קלייד — ווער קאָן זאָגן די בעסטע מבינות? טאַמאַראַ. און דאָס ערנסטע: שוין גע־ווען פֿאַלן, ווען מיידלעך פֿון איר קרייז, זענען געקומען פֿרעגן ביי איר, צי זיי זאָלן חתונה האָבן מיט דעם צי מיט יענעם אויס־געוויילטן, צו ערשט האָט זי זיך נישט געכאַפּט, עס האָט איר אימפּאָנירט, וואָס אַלע פֿערלאָזן זיך אויף איר געשמאַק, אויף אירע מבינות... נאָר פּלוצלינג איז זי בייז געוואָרן אויף די אַלע נאַרישע פֿלאַפּלערקעס, וועלכע קאָנען זיך אַליין קיין עצה נישט געבן... און וואָס ווילן זיי פֿון איר? אַ שדכנטע זאָל זי ווערן?

זי האָט צום סוף בייז אָפּגעענטפֿערט:

— לאָזט מיך צורו, יעדער מענטש דאַרף זיך אַליין אויסקלייבן, יענעמס געשמאַק איז ווי אַ פֿרעמדער בגד.

טאַמאַראַ נעמט זיך בייזערן, אַ שלעכטער סימן פֿאַר איר.

ווען זי פאַרבלייבט אַליין מיט זיך, רויכערט זי און טראַכט. און ווי טרויעריק עס איז: פון וואָס זי זאָל נישט טראַכטן מוז זי אַלץ אַוועקגיין צוריק צום נעכטן. אַזעלכע רייכקייטן, אַזעלכע שענע זומערן, אַזעלכע ליידנשאַפטלעכע ווערטער קלינגען איר אין די אויערן און עס איז אַזוי ווי אָפּיום. זי ווערט ביין אויף זיך פאַר די סענטימענטן און אָן איר ווילן ציט זי זיך אַריין אַלץ מער אין אַזאַ טראַכטן. זי הערט ליבעס-דערקלערונגען און שמייכלט. זי שמעקט די בלומען פון יענע אונרויקע גליק-לעכע טעג און שמייכלט און שטאָלץ ווערט זי מיט איר פאַר-גאַנגענהייט, שטאָלץ אפילו מיט איר געגנוואַרט.

ווער האָט עס אַלץ דורכגעלעבט? — זי. ווער קאָן איצט זיך צוקלויבן דאָס שענסטע קלייד? — זי. היינט איז אַלץ בי-ליק, וואָכנדיק... מענטשן, אַ גאַנצער מיליאָן איז איין שאַב-לאָן. — יאָ, יעדער האָט נשמה, נאָר אַ סך נשמות קאָנען לעבן אָן שענקייט, שענקייט קאָן אָבער נישט לעבן אָן נשמה און זי קוקט אויף זיך, אויף איר קלייד, אויף דאָס צימער, וואו אַלץ איז איינגעאָרדנט מיט דיסקרעטן געשמאַק, פון אַלץ, פון יעדע קלייניקייט ווערט זי שטאָלץ אין זיך, מיט זיך, זי אָטעמט מיט מער שטאָלץ...

איינע אַליין, אָפּגעזונדערט, נאָך נישט ברוגז אויף דער וועלט, נאָר שוין געגנוג גלייכגילטיק צו אַלעמען, רינגלט זי זיך אַרום מיט אַ סך איינרעדענישן...

און טרוימט... טרוימט זיך אויס אָן אייגענע הויכקייט, פון וועלכער זי וועט אין אַ שעה אַרום אַראָפּפאַלן...

און אפשר נאָך וויניקער, ווי אין אַ שעה אַרום. דער פּאַרטסיגאַר ווערט אַלץ ליידיקער, זי רויכערט כסדר.

טאַמאַראַ איז איצט ביים ים. זי לעבט אין בעסטן האָטעל, טראָגט אויף זיך די שענסטע קליידער, זי האָט אַ טומעלדיקן קרייז באַקאַנטע, צווישן וועלכע עס זענען דאָ עטלעכע באַוואוס-טע מאָלער, אַ ריכטער, אַ זשורנאַליסט און אַ באַרימטער אַקטיאָר פון דער דייטשער בינע.

און אַלע ציען זיך צו איר, אַלע פאַרברענגען מיט איר.

זי האָט ליב צו האָבן אַרום זיך אַ גאַנצן קרייז מענטשן, אויף וועלכע מען קוקט מיט נייגעריקייט און וועגן וועלכע מען רעט אַ סך, און זי אַליין... זי אַליין גייט פאָרויס. אויף איר ווייזט מען אָן. זי איז נישט קיין מיאוסע, און דער עיקר: אירע שענע קליידער, איר אַריסטאָקראַטישער טריט און אַלע ווייסן, אַז זי איז אַ רייכן באַנקירס אַ טאָכטער.

זומער, ים, זון און געזאַנג.

עס קאָן זיך אַלעמען דאַכטן, אַז די טאַמאַראַ נעמט פון לעבן אַלץ; מען קאָן מיינען, אַז זי איז פול מיט לעבן און גליקלעך פון יעדן באַזוניקטן טאָג. אָבער אין דער אמתן.... זי פאַרבייסט מיט די ליפּן און שווייגט. די אַלע יונגע און אינ־טערעסאַנטע מענער פון איר קרייז זוכן טאַקי איר געזעלשאַפט, זיי האַלטן זיך מיט איר, נעבן איר... אָבער נאָר ביז אַ גרענעץ, נישט מער, נישט לענגער, ווי דער טאָג געדויערט...

אין די פאַרנאַכטיקע און נאַכטיקע שאָטנס באַהאַלטן זיי זיך ערגיץ.

קיין סוד איז דאָס נישט פאַר טאַמאַראַן, זי ווייסט, אַז דער קוראָרט איז פול מיט יונגערע פאַר איר און יעדער איי־נער פון אירע קאַוואַלערן דרייט זיך אַרויס פון איר. יעדער איינער מיט אַ בעזונדערן אויסרייד. עס בלייבן נאָר איבער די, וועלכע זענען עלטער פאַר איר, אָבגעלעבטע, נודנע, זיצן זיי נעבן איר און וואַרפן קאָמפּלימענטן און רעדן צווייַדייטיג, אָדער זיי זיפצן אונטער אַביסל.

טאַמאַראַ אָטעמט שווער און בייז, אירע בליקן לויפן אויף אַלע זייטן, זי וויל אַריינקוקן אין די פינסטערע נאַכט־ווינקלען, זי וויל דעם גאַנצן נאַכט־ים אַרומכאַפּן מיט די אויגן — די יינגוואַרג שפּילט זיך און זינגט. אַלע, אַלע זוכן באַהעלט־ נ׳שן פאַר זינד און ליידענשאַפט.

די אַלע, וואָס נעמען פון לעבן, הויבן גאָר נישט אָן צו פילן, וויפיל אַזאַ נאַכט פייניקט, ווען מען איז אַליין און ווען עס ווילט זיך נישט זיין אַליין. וואָס גרעסער די איינזאַמקייט

אַלץ מער ווייטאָק און פארדרוס. און ליפן, וואָס ווילן בענטשן נעמען שעלטן...

זיצט ווער נעבן איר, איז דאָס איר אַלץ איינס. די וועל־כע זענען איר ליב יענע זענען אַוועק. זי רויכערט מער, ווי זי רעט. זי ווייסט, טויזנט מאָל ווייסט זי דאָס, אַז בייזערן זיך איז נאַריש. יינגעלייט גייען צו יענע פרויען, וועלכע געפעלן. יינגע פרויען שטרעבן צו יענע מענער, וועלכע זענען זיי צום האַרצן און קיין בייזקייט וועט דאָ גאָרנישט העלפן... זי ווייסט דאָס גאַנץ גוט און דאָך הערט זי זיך נישט אויף צו בייזערן און זי זוכט, גריבלט זיך, פייניקט זיך... זי מוז אויסגעפינען, אַז נישט זי איז שולדיק, נישט דאָס, וואָס זי פארמאָגט מיט עטלעכע יאָר מער, ווי יענע, וועלכע האַלטן נאָך אין בליען, נישט דאָס, וואָס זי איז צו ערנסט און שטאָלץ געוואָרן פאַר היינט־יקע לייכטע און נאַרישע פלירטן... ניין! די וועלט איז שולדיק, אַלע זענען שולדיק, ווייל אַלע זענען נאַריש. זיי פאַר־שטייען נישט די רויקע שענקייט, די מענער פארשטייען היינט נישט די שטאָלצע צוריקגעהאַלטנקייט פון אַ פרוי... מען פארשטייט נישט טאַמאַרען, און איר גאָלדענער פּאָרטסיגאַר האַלט זיך אין איין עפנען, דאָס פונקן־פייער פון פּאַפּיראָס סיגנאַליזירט לאַנג און לאַנג:

„אָט דאָ זיך איך, טאַמאַרא אָט דאָ בין איך, איך בין גענוג יונג, איך וויל לעבן. איך וויל אָבער מען זאָל מיך באַ־מערקן אַלס פרוי און אַלס מענטש. די אַלע שטימערקעס, די אַלע פּלאַפּלערקעס זענען נישט מער, ווי שוים, שוימיקע אילוזיעס, זיי גיבן נאַרישע רגעס און טאָג־לאַנגע פוסטקייט".

דאָס פונקן־פייער פון פּאַפּיראָס סיגנאַליזירט און רופט, אָבער די נאַכט איז אַזוי ווי אַ גרויסער באַרג, זי געט נישט. טאַמאַרא בלייבט אַליין, זי וואָלט וועלן שוין נאָכגעבן, זי וואָלט וועלן זיין אין דער רגע, ווי טויזענד אַנדערע. זאָל קומען איי־נער, זאָל ער איר צונעמען פון איר אָפּגעזונדערטקייט... יאָ, זי איז אַליין שולדיק, זי טרייבט פון זיך און ווי לאַנג וועט זי טרייבן? האַ? זי וועט דאָך שוין באַלד נעמען גרוי ווערן.

מיט ציטערדיקע פינגער כאַפּט זי אַ פּאַפּיראָס און נעמט ווידער רויכערן.

און די נאַכט, דער הימל זעט אויס, ווי אַ שוואַרצער מזבח. פאַרברענט זענען געוואָרן אַזוי פיל נשמות און שטערבן, געבליבן זענען בלויז צאַנקענדיקע פונקן, די שטערן אין אַזאַ ווייטער צו להכעיסדיקער ווייטקייט...

קיינער רעט נישט מער וועגן אירע גֶעדיכטע ברעמען, איבער אירע גרינע אויגן... אַמאָל איז אַנדערש געווען. קיינער דערמאָנט נישט מער אירע גלייכע אויסגעטאָקטע ציינדלעך מיט דעם פיינעם שניט פון אירע ליפּן — אַמאָל איז אַנדערש געווען. איר אַקסל, אירע פיינע פיס און שלאַנקע הענד... מענטשן האָבן דאָס אויפגעהערט צו זען. דערפאַר רעט מען איצט אַ סך וועגן אירס אַ קלייד, וועגן אַ סוועטער, וועלכן זי האָט געבראַכט פון אויסלאַנד, וועגן אירע בורשטינען, וועגן די מאָדערנע קראָקאָדיל-שיכלעך, וועלכע זי האָט די ערשטע אַראָפּגעבראַכט, זי פלעגט אָפּט אייפערן צו אירע קליידער און צירונג, וואָס מענטשן באַוואונדערן... און זי אַליין? זי איז שוין גאָרנישט, ווער איז זי? וואָס איז זי? אַ מאַנעקען, אויף וועלכן מען לעגט אַרויף די אַלע זאַכן, כדי זיי צו באַוואונדערן, און זי אַליין? מיט די פיס האָט זי געוואָלט טופּן, שרייען האָט זי געוואָלט פון ווייטיק און פאַריאָגן אַלעמען.

אַן'אַלטן רוימישן רינג האָט זי געקויפט אין לאָנדאָן ביי אַן'אַנטיקוואַר, דער רינג איז אַלט העכער צוויי טויזענד יאָר. יעדער איינער גלאָצט אויף דעם רינג מיט די אויגן און באַוואונדערט.

אָבער קיינער זאָגט נישט:

— אָט אַזאַ אַלטער רינג אויף אַזאַ יינגן פינגער — וואונדערבאַר.

זי וואָלט עס וועלן הערן. עס פאַרדריסט איר, וואָס מענטשן זענען אַזוי גראָב. צו דען זענען די צוויי טויזענד יאָר פון רינג וועניגער, ווי דרייסיג יאָר פאַר אַ פרוי?...

אַנשטאָט צו הערן קאָמפּלימענטן, פלעגן זיך די מענטשן

אָנשטעפּען אָן אַ רינג, אָדער זיי פּלעגן נישט אויפהערן צו לויבן איר פּאַרטסיגאַר.

דער שמאָלער גאָלדנער פּאַרטסיגאַר מיט דער עמאַל, מיט די קונציק אַריינגעפּאַסטע ברילאַנטלעך, וועלכע האָבן כסדר געפינקעלט אין טאַמאַראַס הענד. דער פּאַרטסיגאַר האָט אַלעמען צו זיך געצויגן און איבער איין טאָג צייט פלעגן אים אַ סך הענט האַלטן.

און צוליב דעם זעלבן פּאַרטסיגאַר, האָט טאַמאַראַ איצט דורכגעליטן אַ גרויסע אַנטוישונג און אַ בייזע מפּלה.

טאקע דאָ ביים ברעג פון ים...

אין איר קרייז איז געווען אַ יונגער מאָלער, גערופן האָבן אים אַלע מאַקס, און דער מאַקס איז געווען מער ציניקער ווי קינסטלער. אַ יינג מיט ברייטע פּלייצעס מיט אַ סך האָר אויפן קאָפּ, מיט אַ סך פּראַזן אויף דער צונג, ווען מען זאָל אים גוט באַטראַכטן איז דאָס געווען אַ גאָרנישט, נאָר דער מאַקס האָט נישט געלאָזט טראַכטן, ער האָט אַלעמען פאַרשריגן און פאַרטויבט, ער האָט געהאַט דערפאָלג ביי פרויען.

ווען מען קוקט זיך גוט צו צו אַזעלכע מאַקסן, צו אַזעלכע קינסטלער פילט מען דאַן געוויי אין זיי די נייע צייט, לויט זיינע אומרויקע שרייאיקע באַוועגונגען, וואָלט ער זיך זייער געפּאַסט צו זיצן ביים דזשאַז-באַנד. אָבער ער איז אַ מאָלער און ווערט עס וועגן איינעם געזאָגט, בלייבט עס שוין אַזוי: אַ „קינסטלער".

און דער קינסטלער...

דער דאָזיקער מאַקס האָט דערזעען דעם טייערן פּאַרטסיגאַר ביי טאַמאַרן, האָט ער זיך אָנגעצונדן מיט אַ גרויסער ליבע צום... פּאַרטסיגאַר.

און איינמאָל האָט ער זיך צו עטלעכע זיינע חברים אָנגערופן:

— איר ט'זען, דער פּאַרטסיגאַר וועט זיין מיינער, איר ט'זען, איך מוז האָבן דעם פּאַרטסיגאַר...

טאַמאַראַ האָט אויפגעלעבט. זי איז שוין מער נישט גע-

זעסן אַליין אין די זומערדיקע אָוונטן. איר שמייכל איז צאַר־טער געוואָרן, זי האָט נאָך מער געגומען בייטן די קליידער. דאַכט זיך, אַז זי איז יינגער געוואָרן מיט צען יאָר.

אומעטום: אין אַ קאַזינאָ, אויף דער פּליאַזשע, אין רעס־טאָראַן, אין קאַפע. אומעטום איז זי געווען אין דער געזעלשאַפט פון דעם פרעליכן מאַקס, ער איז איר נאָכגעגאַנגען, געהאַלטן איר אונטערן אָרעם, געקוקט מיט איבערגעבנקייט אין די אויגן...

און דאָס פּאָרל האָט אויך געגומען פארשוואונדן ווערן. זיי פלעגן זיך באַהאַלטן אין וואַלד אַרום, שעהן פלעגט מען זיי נישט זעען.

פארליבטע...

אַנדערע האָבן זיך יאָ אַביסל געוואונדערט:

— דער מאַקס, וואָס האַלט ער זיך אַזוי מיט איר? זי איז אַביסל צו אַלט פאַר אים.

נישט געוואונדערט האָבן זיך בלויז יענע הברים, וועלכע האָבן געהערט פון מאַקסן, אַז ער מוז באַקומען דעם פּאָרט־סיגאַר...

ס'איז געגאַנגען אַ מיאוס שפּיל...

ביז...

איינמאָל איז מאַקס געקומען צו זיינע חברים. אָפּגערופן זיי אָן דער זייט. געשמייכלט און געווינקן געהיים מיט די אויגן. ער האָט די האַנט זיינע אין קעשענע אַריינגערוקט און זיגעריש אויסגערופן:

— איר זעט! ער איז דאָ...

דערביי האָט ער באַוויזן טאַמאַראַס פּאָרטסיגאַר, דער גרינלעכער גאָלד האָט אין מאַקס הענט אויסגעזעען מאַט און די בריליאַנטעלך האָבן פארשעמטערהייט געשמייכלט.

אַ מאָדנעם איינדרוק האָט עס געמאַכט, פּונקט, ווי דער מאַן וואָלט דאָס שענסטע פון דער פרוי אָבגעגנבעט, דאָס איז געווען אַ געוויסע באַרימעריי, אַ לעסטערונג. דער מאַקס האָט זיינס אויסגעפירט. ער האָט געזיגט.

ער איז געווען אַ צולאָזענער יונג אָן טאַקט. ער פלעגט

צו יעדערן צוגען און בסוד באַווייזן דעם פּאַרטסיגאַר, דאַרבײַ וואויל־יונגעריש שמייכלען... אַלעמען האָט ער עס באַוויזן, פּרויען, מענער.

און אַ סך האָבן זיך געוואונדערט:

— טאַמאַראַ איז נישט קיין נאַר, ווי קומט עס צו איר, זי זאָל זיך לאָזן כאַפּן פון אַזאַ איינעם.

האָט מען געענטפערט:

טאַמאַראַ איז אַ פרוי, ווי אַלע פרויען.

די געשיכטע, אַז מאַקס לויפט אַרום פון איינעם צום צווייטן מיטן פּאַרטסיגאַר און באַרימט זיך, איז אויך צו טאַמאַראַן דערגאַנגען...

און זי האָט מיטאַמאָל די אויגן געעפנט. שוין געווען צו שפּעט צו כאַפּן צוריק. זי, זי האָט זיך אַזוי באַנאַרישט. זי האָט זיך דערפילט אַזוי מיאוס באַליידיקט, פּונקט ווי מען וואָלט פון איהר די קליידער אַראָפּגעריסן...

זי האָט גענומען פאַרריכטן איר פעלער.

זי האָט אַליין גענומען דערציילן פאַר אַנדערע:

— איך האָב דעם מאַקסן מיין פּאַרטסינאַר אַוועקגעגעבן, עס געפעלט אים אַזוי שטאַרק און מיר האָט עס שוין דער'עסן.

אין ווען מאַקס איז געקומען צו איר.

געקומען אַ פאַרליבטער, מיט אַ קוש, מיט אַ גוט האַרץ, מיט אַ קאָמפּלימענט.

זי האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין שום אויפרעגונג. קיין עקל צו אים, נאָר דערבײַ האָט זי פּאַרזיכטיג געשראָכט:

— וואָס נאָך וויל ער אַרויסנאַרן!

פאַרנאַכט. זיי פאָרן אויף אַ שיפל. דער ים זילבערט זיך און שפּילט זיך.

מאַקס רעט גוטע רייד צו טאַמאַרן און יענע שמייכעלט אין זיך. אַ קליין נקמה'לע, וועט זי באַלד האָבן.

— האָסט אַ פּאַפּיראָס? מאַקס!

— יאָ, טייערע...

און ער עפנט אויף דעם גאָלדנעם פּאַרטסיגאַר. זי ציט

אויס איר האַנט. שטרעקט אויס די האַנט און כאַפּט אַרויס דעם פּאַרטסיגאַר פון זיין האַנט...

עס ווערט געמאַכט אַזוי שפּילעוודיק, כמעט קאָקעטיש. מאַקסן דאַכט זיך, אַז זי רייצט זיך מיט אים.

— דיר איז זער טייער מיין מתּנה, מאַקס!

— טייערער קאָן שוין נישט זיין...

— אַזוי?

— וואָס, די גלויבסט נישט!

ניין! איך גלויב... נעם עס, ס'איז דיינס, טאַמאַראַ נעמט נישט צוריק, וואָס זי גיט איינמאָל אַוועק, נעם עס!

און אין דער רגע גיט זי אַ וואָרף דעם גאָלדנעם פּאָרט-סיגאַר אויפן וואַסער, אויף די פּאַלעס...

— טאַמאַ... — מאַקס שרייט אויס אַ האַלבן וואָרט און קוקט מיט צעשראָקנע אויגן אויפן וואַסער.

אַ רגע האַלטן זיך נאָך די צוויי פלאַכע צווילינג-שיסלעך פון פּאָרטסיגאַר אויפן וואַסער און באַלד זינקט עס אַראָב אין דער טיף...

— וואָס האָסטו געטון? טאַמאַראַ!

— די האָסט עס שמוציק געמאַכט, זאָל ער זיך אויס-באָדן, דער פּאָרטסיגאַר...

---

קיין איין זידל-וואָרט, קיין פּאָרוואורף, זי האָט בלויז צום באַגלייטער אויסגערופן...

— צום ברעג!

און אַ טאָג שפּעטער איז זי אַוועקגעפאָרן.

# צווי בלאָנדזשען ביינאַכ

ער איז שוין געשטאַנען ביים טויער פון זיין הויז, גע־וואָלט אָנקלינגען, נאָר די האַנט זיינע האָט זיך נישט געהויבן. די נאכט האָט אים אַזוי ווי צוריקגערופן, דער בלייכער עלעק־טרישער לאָמפּ האָט עלנד געלויכטן און עס האָט זיך אים זיין אייגענער עלנד דערמאָנט. עס האָט אים איצט אויסגעזען, אַז ער דאַרף דאָס שווערסטע איבערקומען: אַרויפגען אויף די באַקאַנטע טרעפּ, אָבשליסן די טיר, אַריינגען אין איינזאַמען צי־מער און בלייבן אַליין מיט זיך. אָ, ער קען זיך שוין גוט. אויף זיין געלעגער וועט ער טראַכטן, לאַנג זיך פּייניקן מיטן שלאָף, עס וועט זיך קנוילן אַ קנויל מיט גרויע געדאַנקען... אַזוי נעכטן געווען, אַזוי מיט אַ חודש צוריק. ער האָט איצט מורא באַקומען פאַר זיין צימער, מורא באַקומען, אַז די נעכטיקע טרייסטלאָזע געדאַנקען זאָלן ווידער נישט קומען מיט אַ בייזן באַזוך.

און דאָ קוקט אויף אים די שטאָטישע נאַכט מיט בלייכע עלעקטרישע אויגן. עס קוקט די ווייטע טיפע גאַס...

זיין צימער איז אַ פאַרענדיקטער קוואַדראַט, עטלעכע טריט און די שטויסט זיך אָן אויף דער וואַנט. אָבער די גאַס איז ענדלאָז, ווייל נאָך דער ערשטער גאַס גייט אַ צווייטע גאַס און נאָך דער צווייטער — אַ דריטע. מען קאָן וויט שפּרייזן, מען קאָן וויט אַוועק, ביז וואַלד, ביז פעלד... ווער ווייסט ווי וויט?

און דער, וואָס איז געשטאַנען ביים טויער האָט געמאַכט אַ טריט צוריק. ער האָט גענומען שפּרייזן אויף דער גאַס און דערנאָך פאַרשוואונדן געוואָרן אין אַ צווייטן גאַסן־קאָרידאָר.

עס איז אַ נאַכט פון ערב־פרילינג, עס טראָגט זיך אין דער לופטן אַ שטראָם פון קילער וואַרעמקייט, די שטערן לייכטן אַזוי ווי אָנגעוואַרעמטע, די שטערן — צופרידענע, וואָס זיי דאַרפן מער נישט פרירן אין זייער ווייטער און עלנדער ענדלאָזיקייט.

דער, וואָס שפּרייזט איצט אויף די גאַסן, איז אַן אַלטער בחור. ער איז אַביסל צופרידן, וואָס ער איז פון טויער אַוועק, נאָר דאָך... אַ ביטערקייט ליגט אים אויף דער נשמה: וואוהין גייט ער? צו וועמען? וואָס זוכט ער דאָ אויף די גאַסן? וואָס וויל ער געפינען און וואָס וועט ער געפינען? ער פאַרשטייט גאַנץ גוט זיין לאַגע: ער האָט נישט געוואָלט בלייבן אין זיין צימער אַליין מיט זיך, פון זיך אַליין איז ער אַנטלאָפן, אָבער אויף דער גאַס וועט ער זיינע פאַרגאַנגענע יאָרן צוריק נישט באַקומען, קיין נייע האָפנונג אויך נישט, קיין פריינד אודאי נישט...

שווייגנדיקע שטומע הייזער, אָפּגערוקט איינס פון צווייטן, ווי וואַך־זעלנער שטעען די עלעקטרישע לאָמפּן אויף די לאַנגע טשעגענענע פיס. וואו־נישט־וואו אַ פייערל אין אַ פענצטער...

ערגעץ ווייטער אַביסל ליכט פון אַן אַפּטייק, אַ באַלויכטע־נער שילדל פון אַ נאַכט־רעסטאָראַן. מיט דעם איז די נאַכט געענדיגט, מער קיין לעבן איז נישטאָ.

וויינענדיק און יאָמערדיק שנייט זיך דער נאַכט־טראַמוויי אין די אייזערנע שינעס, פּונקט ווי ער וואָלט אויפשניידן דאָס האַרץ פון דער נאַכט...

מענטש אין טומל שלאָפט...

אַ מאָל ווילט זיך טראַכטן פון דעם, ווי קאָמיש און טראַגיש דאָס איז, וואָס דער מענטש, דער טומלער ווערט מיד מיט דעם אָנקומען פון דער נאַכט, און ער לויפט אַוועק מיט זיין נעבעכדיקער מידקייט און פאַרשליסט זיך פון חרפה. אַזאַ גרויסע שטאָט מיט אַזוי פיל רייכקייט... אַלץ, אַלץ לאָזט ער איבער און פאַלט אַוועק אין אַ נאַרישן שלאָף...

שפּרייזט אַזוי דער אַלטער בחור און ער וויל זיך טרייסטן מיט דעם, וואָס דער מענטש איז שוואַך און נעבעכדיק... פּלוצ־

לינג דערפילט ער זיך, ווי דער אָרעמסטער אויף דער וועלט דער וואָס שפּרייזט אַליין אויף דער גאַס, ער ווערט באַהערשט פון אַזאַ מין געדאַנק: אַלע מענטשן זענען גליקלעך, אַלע האָבן זייערע ווינקלעך, וואַרעמע ווינקלעך און דאָס וואַרעמקייט באַקומט זיך פון דער סביבה, וואו ווייב און קינד זענען פאַרהאַן. ער דערפילט אַ קנאה צו די אַלע מענטשן, וואָס לעבן אַ פאַמיליען-לעבן. עס ווערט אים קאַלט פון צאָרן, ווען ער מאָלט איצט אין זיינע געדאַנקען די אידילישע בילדער פון די אַלע הייזער מיט די אַראָפּגעלאָזטע פאָרהאַנגען, שטיל אין די הייזער, גוט איז דאָרטן, היימיש און וואַרעם...

וואָס הייסט האָבן אַ פריינד, אַ ווייב?

וואָס הייסט האָבן אַ קינד, וואָס שפּילט זיך אויף זיין שויס? ...

אויף די רעקלאַמע-זיילן לייענט ער שוואַרץ-ווייסע אַפישן, נעקראָלאָגן. מענטשן שטאַרבן, אייביק לעבט מען נישט, און דער געדאַנק וועגן טויט קנייטשט אים צונויף. ער טראַכט, אַז דער טויט פון אַן איינזאַמען מענטשן איז שרעקלעכער, גרויזאַמער... ביי וועמען נעמט אים דער טויט צו? ביים לעבן? ער האָט קיין לעבן נישט געהאַט. ביי מענטשן? יענע האָבן דאָך זייערע נאָנטע, מיט וועלכע זיי טיילן זיך מיט האַרץ און געדאַנק.

אָט אַזוי ווי אַ שאָטן פון אַ גרויסן צווייג, ווען מען ברעכט אַראָפּ דעם צווייג, איז שוין קיין שאָטן אויך נישטאָ.

ער שפּרייזט אַזוי און לעבט דורך זיין פאַרגאַנגענהייט.

איצט פאַרדריסט אים, וואָס ער האָט דורכגעלאָזט די געלעגענהייט אין לעבן.

אַנקע האָט אים ליב געהאַט. יאָ, ער האָט דאַמאָלס געהאַט טויזענטער בעווייזן, אַז זי האָט אים ליב געהאַט, נאָר אים האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זי איז צו-קלוג. יענע האָט זיך אָנגעלייגט מיט צופיל ביכער.

בראָנקע האָט אים אויסגעזען צו נאַריש. זי האָט נישט אויפגעהערט צו רעדן וועגן זייערע קינדער, וואָס דאַרפן נאָך

געבוירן ווערן. אין יעדער איינער איז געווען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט גלייכצייטיק גערופן און אָפּגעשטויסן. אָבער איצט פאַרשטייט ער, איצט האָט ער דערפילט דעם גרויסן אמת פון לעבן. מען טאָר נישט אויפעפענען צופיל די אויגן אויפן לעבן...

ווייל די וואָס טאָן עס, פאַרמאַכן אָפּטמאָל צוליב דעם גאַנץ פרי די אויגן. מען דאַרף טאַקי אַלץ זען, אַלץ וויסן, אָבער אין דער זעלבער צייט מוז מען אָפּט צוליב פערזענלעכער באַקוועמלעכקייט צומאַכן די אויגן, צומאַכן די אוירן און אַריינשרייען אין זיך אַליין:

— אַלץ איז גוט, גוט... אין דער בעסטער אָרדנונג...

איצטער פאַרשטייט דער, וואָס שפּרייזט באַנאַכט אויף די ליידיקע גאַסן, אַז ווען די מענטשן וואָלטן זיך אַליין נישט אָפּגענאַרן, וואָלט שוין לאַנג קיין מענטש נישט געווען.

ווען מען טראַכט אַ סך קומט מען צום באַשלוס, אַז אַפילו טראַכטן וועגן לעבן לוינט אויך נישט...

די נאַכט רוט, די שטאָט שווייגט און איינער שפּרייזט און טראַכט ביטער, אַז יעדער צוגעמאַכטער טויער איז מיט אַ כוונה פאַר אים פאַרשלאָסן. עס דאַכט זיך אים רגע־ווייז, אַז דאָס האָבן אַלע צווישן זיך אָפּגערעט, אַ שטאָט האָט אַ פאַרשווערונג געמאַכט קעגן אים: צוגעשלאָסן אַלע טירן און צוגעמאַכט אַלע פענצטער...

אפשר וועט זיך באַלד ווייזן אַ פּנים אין אַ פענצטער, אַ מענטש וועט אַרויסריקן דעם קאָפּ, אַרויסשטעקן אַ צונג:

— מע, בע...

און איינער וועט זיך אויסלאַכן פון אים פאַר אַלעמען.

ער גייט און בלעטערט זיין לעבן. דערביי בלעטערט ער אויך די געשיכטע פון זיינע באַקאַנטע, האַלב באַקאַנטע, און מערקווירדיק! אין דער דאָזיקער נאַכט זעען אים אַלע געשיכטעס אויס הערליך און צוציענד. די אַלע מענטשן, וואָס רעכענען זיך פאַר זיינע נאָענטסטע, פאַר זיינע פריינט, זיי לעבן אַלע גליקלעך, גאָר גליקלעך... וואָס פעלט זיי דען?

וואָס פעלט אַבראַמסאָנען?

וואָס פעלט עפשטײנען?

די פרויען זייערע לייכטן פון נחת. זיי שפּרייזן מיט ווירדע פון שטאָלץ, זיי פילן זיך זיכער אין לעבן.

וואָס פעלט לונסקין?

צוויי יאָר נאָך דער חתונה. קוקסט אויף זיי און די טראַכסט, אַז עס איז ביי זיי אַ וואָך פאַר דער חתונה. מענטשן קוקן זיך אַזוי אַריין אין די אויגן, מיט אַזוי פיל טרייהייט און גליק...

ניין! נישט קיין מענטשן, נאָר טויבן.

ער וויל נישט טראַכטן און טראַכט דאָך פון זיי און איצט האָט זיך זיין געדאַנק צוגעטשעפּעט צו דער פּאָר לונסקי און ער קאָן נישט אָפּרייסן דעם געדאַנק. ער איז איצט מיט די געדאַנקען ביי זיי אין די חדרים, ער איז ביי זיי אין שלאָפ־צימער...

וואָס האָט ער זיך צוגעטשעפּעט צו די מענטשן? פאַראַן קנאָפּ מענטשן אויף דער וועלט.

און נאָר ער טראַכט, נאָר ער טראַכט פון דעם גליקלעך פּאָרל לונסקי. דאָס איז די מיאוסע קנאה. אַז זי קריכט אַריין צו וועמען אין האַרצן איז דאָס דאַמאָלס אַ קרענק, ווי אַלע קרענק.

עס פאַרדריסט אים אויף זיך אַליין, נעמט ער שפּרייזן האַסטיקער, פונקט, ווי ער וואָלט וועלן מיט די שנעלע טריט צוטרעטן זיינע געדאַנקען.

אַן אַלטער בחור שפּרייזט אויף די שטיינערנע טראָטואַרן. די נאַכט אַליין האָט אַ סך שענקייט, ווען די מענטשן לאָזן די גאַסן אַליין, פאַראַן שענקייט אין דעם שוויגן פון דער נאַכט, אין דער סימעטרישער קייט פון די עלעקטרישע לאָמפּן, אין די שילדן וואָס קיינער לייענט נישט...

נאָר דער אַלטער בחור זעט נישט די שענקייט, ער זעט נאָר פאַר די אויגן דאָס יונגע פּאָר פּאָלק...

ער איז מקנא...

•

אַ מאָדנער צופאַל: אין דער זעלבער נאַכט, אויף די זעלבע ליידיקע טראָטואַרן באַגעגנט דער אַלטער בחור זיין גליקלעכן חבר לונסקי...

זיי קוקן זיך ביידע אָן, לונסקי פרעגט דער ערשטער:

— וואָס טוסטו ביינאַכט אַזוי שפּעט אויף די גאַסן...

— איך? דו ווייסט דאָך, מען איז אַליין, ווילט זיך נישט גיין שלאָפן.

— אַן איינפאַל פון אַ משוגענעם.

דער אַלטער בחור וויל זיך פאַרענטפערן:

ס'איז ערב פרילינג, פאַרשטייסט, לונסקי! וואָס פאַרלירט די וועלט, אַז איך שלאָף נישט... און דו לונסקי! וואָס טוסטו ביינאַכט אויף די גאַסן?

— איך? דו ווייסט דאָך: איך האָב אַ ווייב, קאָן זי עפּעס נישט שלאָפן, בין איך געגאַנגען אין אַפּטייק נאָך בראָם...

און ביידע ווערן עפּעס שטיל, זיי שפּרייזן איינער נעבן צווייטן און שווייגן אַ צייט, אָבער לונסקי האָט שוין באַדאַרפט פאַרקערעווען, ער וואוינט דאָך אויף סענאַטאָרסקאַ.

ער פאַרקערעוועט נישט און זיין פריינט, דער אַלטער בחור פרעגט:

— דו גייסט נישט אַהיים?

— ניין, איך וועל דיר אַביסל באַגלייטן.

— באַגלייטן אַן איינזאַמען מענטשן? וויצלט זיך דער אַלטער בחור.

— דיר איז גאָרנישט אַזוי שלעכט, — ענטפערט מיט ערנסט לונסקי.

— ביזט מיר מקנא? — פרעגט לונסקיס חבר...

— אפשר נישט איך אַליין, אַ סך זענען דיר מקנא און מען מעג דיר מקנא זיין...

איבער די הויכע הייזער לויפט די לבנה אין באַגלייטונג פון אַ ווייסן וואָלקן. עס דאַכט זיך, אַז די לבנה באַקומט אַן אַנדער פאָרם: אַ פראַגע צייכן...

די גאַס ציט זיך איין, אַלץ אַרום ווערט אויפמערקזאַם
ביז דער אַלטער בחור האַלט נישט אויס און פרעגט:

— מיר מקנא? וואָס איך שלעפּ זיך אַרום, ווי אַ פאַרגע־
סענער הונט ביינאַכט אויף די גאַסן. מיר מקנא? וואָס איך
אַנטלויף פון מיין צימער, ווי אַ מת פון זיין טרומנע...

— אפשר אַנטלויפן אַנדערע אויך, — רעט אומעטיק
לונסקי. ר

— ווע אַנטלויפט? אפשר דו?... דו אַנטלויפסט פון
דיין שענער פרוי, פון דיינע לוקסוס־צימערן... דו?

— יאָ...

דער „יאָ" איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער גאַס, ווי אַ טוי־
טער זיפץ, נאָר דער זעלבער „יאָ" האָט זיך זיי אַוועקגעלייגט
אין מיטן וועג, ווי אַ צוים. ביידע פריינט האָבן זיך אָפּגעשטעלט,
אָנגעקוקט זיך און געשוויגן, ביז לונסקי האָט די שטילקייט
איבערגעריסן:

— ס'איז אַ ליגן, איך בין נישט געווען אין אַפּטייק
כ'בין נישט געגאַנגען נאָך בראָם, איך בין אַנטלאָפן פון שטוב.
זי האָט מיך היינט געפייניקט, אַזוי ווי נעכטן, אַזוי ווי איי־
נעכטן... הער זיך איין: אייפערזוכט... איך טאָר נישט אַרויס־
רעדן קיין וואָרט צו קיין פרעמדער, נישט קוקן אויף קיין פרעמ־
דער פרוי... אָבער איך בין דאָך נישט מער, ווי אַ מענטש,
איך האָב אויגן, קוק איך, איך האָב אַ מויל, רעד איך... קום
איך דערנאָך אַ היים, הויבט זיך אָן אַ גיהנום, זי חלשט, זי חלשט
און זי חלשט נאָכאַמאָל... היסטעריק... איך ווערג זיך, איך
פאַרענטפער זיך, איך טו אַלץ זי זאָל זיך באַרויקן, נאָר היינט
האָב איך נישט אויסגעהאַלטן, לופט האָט מיר פאַרפעלט און
איך בין אַרויסגעלאָפן פון מיין היים, אפשר וועט דאָס העלפן.

— אַזוי גאָר! — האָט זיך דער אַלטער בחור אָנגערופן...

— יאָ אַזוי, — האָט לונסקי געענטפערט און ווידער גע־
רעט: און מערקווירדיק, בשעת איך בין פון די טרעפּ געלאָפן
האָב איך פון דיר געטראַכט...

— פון מיר?

— יאָ, איך האָב געטראַכט פון דיר, איך האָב געטראַכט, פאַר א גליקלעכער מענטש מיין פריינט בריאַנסקי איז...

בריאַנסקי האָט זיך פאַנאַנאַנדערגעלאַכט.

לונסקי האָט אים נישט געלאָזן לאַכן:

— דו ביסט גליקלעך, ווייל דו ביסט פריי, ווען דו וואָלסט דורכלעבן איין חלשן פון מיין ווייב, וואָלסטו דאַמאָלס פאַרשטאַנען, וואָס דאָס הייסט פאַמיליען־לעבן...

בריאַנסקי האָט ווידער געלאַכט. ער האָט זיך נישט געקאָנט באַרויקן, עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער לאַכט זיך איצט אויס פאַר זיין גאַנץ לעבן, ער האָט פון לאַכן אויף די פיס נישט געקאָנט איינשטיין, האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אָן א לאַמטערן־זייל... געקוקט אויף דעם נעבעכדיקן לונסקי און נאָך אַביסעלע געלאַכט.

— הער שוין אויף, אידיאָט! איז לונסקי בייז געוואָרן. און ער האָט זיך גענומען פאַרקירעווען, געוואָלט שוין אַנטלויפן פון זיין פריינט.

די נאַכט, די נאָנטע און די ווייטע גאַס האָט געשוויגן.

זאָלן זיך די צוויי מענטשן שלאָגן — ווען גייט עס אָן? ביז בריאַנסקי האָט זיך אָנגערופן:

— וואַרט נאָר לונסקי, וואַרט נאָר... וואָס קומט דאָ פאָר? אָט שפּרייז איך דאָ שעהן לאַנג איך טראַכט פון די גליקלעכע און מער ווי פון אלעמען האָב איך געטראַכט פון דיר...

— פון מיר?

— יאָ, פון דיר... האָסט אַזאַ שען ווייב, ביזט רייך, האָסט א היים, קאָמפאָרט, רויקייט, און דו אַנטלויפסט אין מיטן דער נאַכט פון דעם אַלעמען...

לונסקי שפּרייזט און רעט:

— איך גלויב, אַז יעדע נאַכט לויפן א סך אַזעלכע לונסקיס אַוועק פון דער היים. אין איין אָרט איז עס אייפערזוכט, אין צווייטן — אַנדערע צרות... גאָכאַמאָל! איך זאָג דיר, אַז דו ביסט א גליקלעכער מענטש...

בריאַנסקי פּילט זיך איצט בעסער, פילט א צווייטן מענטשן

געבן זיך, ער איז נישט אַזוי איינזאַם. ווען לונסקי ענדיקט רעדן, כאַפּט ער זיך אַרויס.

— איך בין גליקלעך, זאָגסטו? — אָך און ווי איז אונז פֿיידן...

און די צוויי בלאָנדזשען און רעדן זיך אויס ביז אין ליכן פֿאַרטאָג אַריין...

# קראַוואַטן

אַ שען ווייב האָט ער געהאַט, שענע בילדער האָט ער געמאָלט און דערצו האָט ער נאָך ליב געהאַט שענע קראַוואַטן. געווען אַ דענדי מיט געשמאַק, אַז זשאַק האָט זיך ערלויבט צו מאַכן אַ טיפּן קנייטש אויף דער רעכטער זייט פון זיין הוט... באַדאַרף עס אַזוי זיין, און נישט איינער פּלעגט אים נאָכמאַכן.

אין קינסטלער־קאַפע האָט מען אים טאַקע אַזוי גערופן:

— זשאַק מיט די קראַוואַטן!

זיינע קראַוואַטן! וואו פּלעגט ער זיי אויסזוכן? דאַכט זיך, אַז אַ סך וואָלטן וועלן קויפן אַזעלכע בינדעס און יערער איינער זוכט אין די שוי־פענסטער, נאָר געפינען דאָס עכטע און אָריגינעלסטע געפינט איין זשאַק. ער האָט ליב געהאַט מיט דעם צו שטאָלצירן. ער האָט ליב געהאַט, ווען מען פּלעגט אויסגלאָצן אויף אים מיט די אויגן:

— שוין ווידער אַ פּרעכטיקער קראַוואַט, וואו נעמט ער עס, דער טייוועל?

אַ גוט וואָרט וועגן זיינעם אַ בילד, דער ערפאָלג פון זיינער אַן אויסשטעלונג פּלעגט אים נישט אַזוי באַפרידיקן, ווי זיינער אַ קראַוואַט, וועלכער פּלעגט געפעלן ווערן. און פּאַריז איז גרויס, גאַסן זענען פאַראַן אַ סך און שויפענצטער אַ ים, איז דאָס נישט איינמאָל געווען ביי אים די טיפסטע פרייד: אַרומקלאָזן זיך איבער די גאַסן און זוכן מיט די אויגן אין די פענצטער דאָס שטיקל זייד, וועלכע רעדט צו זיין נשמה און צו זיין געשמאַק, ערגעץ־וואו האָט אַ צייכנער מיט זיינע פינגער

פאַר אים קאָמבינירט קאָלירן, שאַטירונגען — ער, זשאַק, מוז עס געפינען...

ווי אַ יעגער לאָזט זיך אין וואַלד און זוכט זיין רויב, אַזוי פלעגט ער זיך אָפּט לאָזן איבער די גאַסן, צו די שוי־פענצטער... ער איז געווען באַהאַוונט, געוואוסט די בעסטע געשעפטן און די פאַרקויפערינס פון אַ סך געשעפטן האָבן שוין געוואוסט זיין געשמאַק. צו מענטשן האָט ער זיך באַצויגן לויט די קראַוואַטן, וועלכע זיי האָבן געטראָגן, אַ גאַנצע טעאָריע האָט ער וועגן דעם באַשאַפן.

יעדערער האָט רעכט צו טראָגן, וועלכן קראַוואַט אים ווילט זיך און יעדער איינער מעג זיך שאַפן טעאָריעס, וועלכע אים ווילט זיך...

וואָס איז?

יעדער מענטש האָט זיך זיינע שוואַכקייטן, טשעפּעט זיך אָן אָן אַ פּינטל און האַלט זיך מיט דעם אַ גאַנץ לעבן. זיין פּינטל איז געווען אַ שענער קראַוואַט.

האָט ער קיין רעכט נישט אויף דעם? לעבט ער דען נישט מיט אַ פולן לעבן? אַרבעט און איז באַרימט, פאַלט קיי־נעם נישט צו לאַסט, אַ פרייער, אַ יינגער, אַ געזונטער — טאָר ער דען נישט האָבן זיין קאַפּריז?

פאַרבינדן אַ שלייף... אָסקאַר וואַילד האָט געזאָגט, אַז דאָס איז דער ערשטער ערנסטער טריט אין לעבן...

ניין! ס'איז גאָר נישט קיין ערנסטער טריט, דאָס איז אַ לענטע פאַרביקייט אויף אונזער גרוי געשטאַלט און דערפאַר טאַקע באַדאַרף מען יעדן טאָג פאַרוויקלען אַן אַנדער קראַוואַט, כּדי איין טאָג זאָל נישט זיין ענלעך צו דעם צווייטן, כּדי מיין שכנים אויגן זאָלן זיך מיט עפּעס פאַראינטערערעסירן, זאָלן די קאָלירן פון מיין קראַוואַט ווירקן אויף אים — אפשר וועלן זיינע וועכטער דאַמאָלס צו מיר נישט זיין אַזוי וואָכעדיק אין פּאַנאַל... אַ קראַוואַט איז ווי אַ רעגנבויגן, עפּעס בלייבט אין דער נשמה פון זיין אָפּגלאַנץ.

אָפּט פלעגט ער זיך פאַרענטפערן:

—נישט דער קראַוואַט, נאָר זיינע קאָלירן, זיינע שאַטנס פון די פאַרבן אינטערעסירן מיך, אַ מענטש מוז זוכן פאַרבן... אַ מענטש מוז לעבן מיט פאַרבן, מען דאַרף שפּיין די אויגן, אַזוי ווי מען שפּייזט דעם קערפּער.

ווען ער האָט חתונה געהאַט, האָבן זיינע חברים זיך געווויצלט:

— דאָס איז נישט קיין ווייב ביי אים, דאָס איז אַ בייער קראַוואַט.

— מיט איין אונטערשיד...

— מיט וועלכן אונטערשיד?

— אַ קראַוואַט פאַרבינדט מען אויפן האַלז און זי וואַרפט זיך אַליין...

— זיי האָבן זיך ליב?

— יאָ! אַ צוגאַפּאַסט פּאָר.

— ער מיט די קראַוואַטן, זי מיט די קליידלעך...

ער איז נישט געווען קיין פוילער, נישט קיין ליידיקגייער, זיין צייט אין אַטעליע פלעגט ער קיינעם נישט אַוועקגעבן, אפילו זיין ווייב האָט אים פון דאָרט נישט געקאָנט אַרויסנאַרן, דערצו האָט זי געוואוסט, אַז ער אַרבעט פאַר איר, וועט ער אַרבעטן און פאַרדינען, ווייסט זי שוין, אַז אירע פלענער וועלן אויסגעפירט ווערן.

זי האָט שטענדיק געהאַט פּלענער, וועגן קליידלעך. וועגן פאַסאָנען, איז איין קלייד נאָך נישט פאַרטיק געווען האָט זיך שוין אַ צווייטס געוועבט אין איר פאַנטאַזיע...

און זשאַק האָט געוואוסט פון אַלע אירע פלענער, ער ער פלעגט עס אַלס קינסטלער קאָרעגירן, פאַרבעסערן און זי נאָר אַ פרייע צעה לאָזן זיי זיך איבער פאַריז צו די שויפענצטער, אין די גרויסע מאַגאַזינען...

זייער קולט, זייער רעליגיע.

איינער דעם צווייטן האָט געמונטערט און גערייצט, מיט דער צייט האָט זי דערגאַנגען זיין געשמאַק און זי פלעגט אים וועלן איבעראַשן: זי האָט אויסגעפינען אין אַ פענצטער

א קראוואַט, וועלכן ער האָט נישט באַמערקט. קויפט זי אים און ברענגט צו אים.

אין דער היים; אין אַ גוטער רגע:

— זשאַק!

און זי באַווייזט אים דעם קראַוואַט. ער ווערט טאָפּלט איבערראַשט: פון שענעם קראַוואַט און פון איר געשמאַק...

ווי זי פאַרשטייט אים... מען מוז שטאַרק ליב האָבן אַזוי צו פאַרשטיין, און עס האָט זיך אים געוואָלט אין אַזאַ מאָמענט כאַפּן דאָס שטיקל קאָלירט זייד און איינפלעכטן זיך מיט איר, איינבינדן זיך מיר איר ווערן איינס...

געווען איז ער זיכער ביי זיך, אַז מיט איר האָט ער געטראָפן און דאָס איז דאָך דאָס גרויסע געווינס, אַז מען טרעפט מיט אַ ווייב... די מתנות, וואָס זי פלעגט אים ברענגען, די זיידענע קראַוואַטן האָבן זיי נאָך מער פאַרבונדן...

איצט איז דאָס געוואָרן אַ מנהג ביי איר, ביי יעדער גע־לעגנהייט און ביי יעדער געשעעניש קויפן פאַר זשאַקן אַ קראַ־וואַט. זיין געבורטס־טאָג, איר געבורטס־טאָג, האָט ער פאַרענ־דיקט אַ בילד, פאַרקויפט אַ בילד, ארויסגעפאָרן קיין ניצא, גע־קומען צופאָרן, אַלץ איינס, מען באַדאַרף פאַר זשאַקן קויפן אַ קראַוואַט, ער האָט עס ליב.

אַזוי, אַז ער אַליין האָט אויפגעהערט וועגן דעם צו זאָרגן; זיין ווילן איז אויסגעפּירט געוואָרן דורך אַ צווייטער נשמה, וועלכע האָט אים פאַרשטאַנען.

דאָס איז געווען זיין גרעסטע פרייד: אַ מענטש, אַ פרוי זאָל אים אַזוי גוט פאַרשטיין און אַזוי איידל זיך צופּאַסן צו אים.

און די קראַוואַטן, אירע מתנות פאַר אים, די קאָלירטע בינדעס האָבן לשון באַקומען: ער פלעגט עס בייטן יעדן טאָג, יעדער קראַוואַט האָט עפּעס דערציילט פון אַ גוטן טאָג...

אָט דער שלייף מיט די גרוי־גאָלדענע געקעסטלטע פינ־טעלעך, פונקט ווי באַרלייס האַנט וואָלט עס געצייכנט... ווען האָט זי דאָס געקויפט? יאָ, דאַמאָלס, ווען ער איז אַ גאַנצן

חודש געזעסן פארשפארט אין אטעליע און געענדיקט מאָלן „די בריקן"...

און דער קראַוואַט...

און יענער קראַוואַט...

אויף די טעג פון זיין לעבן האָט ער קראַוואַטן געפלאָכטן.

ער האָט א סך פארדינט און א סך אויסגעגעבן, אָבער ער איז נישט געווען רייך. ער האָט בלויז אנטוויקלט אין זיין פרוי א רייכע פאנטאזיע... זי פלעגט אמאָל קומען מיט אזעלכע ריזיקע פלענער, מיט אזעלכע שענע איינפאלן וועגן קליידער...

ער פלעגט זיך זייער פארטרויערן פון איר אנטוויקלטן געשמאַק...

ער פלעגט זיך זייער פארטרויען פון אירע פארלאנגען:

— טייערע וואו נעמט מען געלט אויף אזעלכע זאכן?

פלעגט עס ברענגען א נישט היימלעכן שאָטן אין זייערע נשמות, אין זייער היים.

געלט — אזא נישטיקע זאך, דאמאָלס, ווען עס איז דאָ אזויפיל געשמאַק און פיינגעפיל...

פלעגט ער זיך ווידער פארשפארן אויף וואָכן און חדשים און ארבעטן.

אינמיטן דער ארבעט פלעגט ער שוין אָפט א ציטער טאָן... ער ארבעט דאָך שוין נישט, ווייל ער האָט אזאַ ברע-נענדיקן לוסט צו דער ארבעט, נאָר ווייל ביי זיין ווייב אין קאָפּ איז געבוירן געוואָרן אַ פּלאַן וועגן אַ קלייד באַפּוצט מיט גאָרנאָסטאַי...

האָט עס אים געקרענקט און די ארבעט איז אָפּגעשוואכט געוואָרן, ער האָט די אמתע באגייסטערונג פארלאָרן, דאָס בילד האָט מען נישט געקויפט...

האָט ער זיך גענומען צו אַ צווייטער קאָמפּאָזיציע, ער איז נישט געווען פון די, וואָס גיבן זיך לייכט אונטער.

אָבער איידער דאָס צווייטע בילד איז פאַרטיק געוואָרן, האָט שוין זיין פרוי געטראָגן דאָס טייערע קלייד מיט דעם גאָרנאָסטאַי,

דאָס איז געווען פאַר אים אַן איבערראַשונג.

זי האָט אים אַוועקגעשיקט אויף דעם באַל פון די „פיר קונסטן״ פריער אַביסל פאַר זיך, דערנאָך איז זי געקומען, ווי אַ קעניגין אויסגעפוצט. זי האָט אַלעמען איבערראַשט, נאָך מער פאַר אַלעמען איז ער געווען איבערראַשט, נישט אַזוי פון איר קלייד און נישט פון איר שענקייט...

ווי אַ שלאַנג וואָלט אים איינגעביסן: „פון וואַנען האָט זי דאָס קלייד? ער האָט איר קיין געלט נישט געגעבן, ער האָט קיין געלט אויף דעם נישט געהאַט...

אויך צוריקוועגס האָט זי אים אויף דעם געענטפערט:

— מאַדאַם אַנזשעליגע די מאָדיסטן... זי האָט מיר געמאַכט דאָס קלייד אויף באָרג, וועסט ענדיקן דאָס בילד, וועלן מיר באַצאָלן.

מען טאָר נישט איבערפרעגן, מען טאָר נישט אויספאָרשן, ווען דו ביזט אַפילו ניינאונניינציק פּראָצענט זיכער, אַז דיין פרוי זאָגט ליגן... מען טאָר נישט איבערפרעגן, ווייל דאָס וועט באַדייטן, אַז דו גלויבסט נישט און אַז די גלויבסט נישט. איז אָך און וויי צו דיינע יאָרן...

מען טאָר נישט איבערפרעגן — כל זמן דו ביזט נישט זיכער די גאַנצע הונדערט פּראָצענט.

און זשאַק האָט נישט געפרעגט...

זשאַק איז שווייגעדיקער און בלייכער געוואָרן.

ער האָט ווידער געטראָגן זיינע פּראַכטפולע קוואַוואַטן, די מתנות פון זיין שענער יינגער ווייב, נאָר יעדעס מאָל, ווען ער האָט אָנגעטאָן אַ שלייף האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז ער גייט זיך פאַרציען אַ תליה אויף זיין האַלז.

ער האָט נישט געגלויבט זיין פרוי? ניין! ער איז נישט זיכער געווען. ניין! נאָר קיין קאָפּ האָט ער שוין נישט געהאַט, קיין רו איז שוין נישט געווען, אַ וואָלקן איז געבראָכן אויף אים, פון אַלע זייטן...

אַ שווערער שטיין איז געהאָנגען איבער זיין קאָפּ, אויף אַ דין פעדעמל האָט זיך דער שטיין געהאַלטן...

און דאָס פּעדעמל האָט זיך אויך איבערגעריסן, דער שטיין איז אַראָפּגעפאַלן אויף זיין קאָפּ. איז ער אַרויסגעקראָכן פון אונטער דעם שטיין, שוין אָן אַ קאָפּ, אָן אַ האַרץ, אָן גליק און אָן אַ ציל...

ער האָט שוין אַלץ געוואוסט. מיט אים איז געשען דאָס, וואָס מיט טויזנט אַנדערע: פאַר זיין פרויס קליידער האָט געצאָלט אַ צווייטער... נו! ער וועט קיינעם נישט שיסן, קיינעם נישט דערהרגענען. אַלץ איז באַנאַל; איר פאַרראַט איז באַנאַל און אַז ער וועט נעמען אַ רעוואָלווער אין זיין האַנד, וועט עס אויך זיין באַנאַל.

געפּלאַנט האָט ער פון אַ ווייטער רייזע, קיין אַפריקאַ, קיין אינדיען...

דערווייל איז ער אַביסל נישט געזונט געוואָרן. געלעגן אין אַ פיבער.

זי איז אין דער היים נישט געווען. זי האָט גוט געטון, וואָס זי איז אַוועקגעגאַנגען, זי טהוט זער גוט, וואָס זי וואַרפט זיך אים ווענקער אין די אויגן:

ער האָט געטראַכט פון איר, פון זיך. געווען רויק אינגאַנצן, נאָר פּלוצלינג, ווי עס וואָלט זיך אַ וואונד געעפנט אין זיין נשמה...

צי פון איינזאַמקייט, צי פון דעם, וואָס צוליבן פיבער האָט זיין בלוט שטאַרקער צירקולירט אין זיינע אָדערן...

זיין חרפּה איז אויסגעוואַקסן אין דער גאַנצער גרויזאַמקייט. דער מענש האָט זיך גענומען שליידערן אויף זיין געלעגער פון וועטאָג און מאַכטלאָזן כעס, ער האָט זיינע ליפּן געביסן און געקריצט מיט די ציין.

וואָס האָט ער? וואָס איז אים פאַרבליבן? וואוהין וועט ער גיין און פאָרן? ער האָט זיך איצט דערשראָקן פאַר זיך אליין, דערשראָקן זיך צו בלייבן אין דעם דאָזיקן חדר, וואו זי פלעגט אים קושן אין האַלדז...

די פאַרגאַנגענהייט האָט אים איצט אויסגעזעען נאָך טייערער, יעדער קוש אירער, יעדעס וואָרט, יעדע דערוואַרטונג און באַ-

געגעניש אלץ האָט אויפגעלעבט... און דער מאָרגן האָט צוליב די ערינערונגען נאָך שוואַרצער אויסגעזען...

ענג איז אים געוואָרן... אַנטלויפן, לויפן צו מענטשן, צו חברים, רעדן צו עמיצן האָט זיך פאַרוואָלט, הערן אַ מענטשליך וואָרט...

ניין! ער איז נישט קראַנק, ער וועט זיך אָנטון, ער וועט אַרויסגיין צו מענטשן, ער וועט גיין אין קאַפע צו זיינע קאַמעראַדן, ער וועט לאַכן און שפּאַסן מיט זיי, ער וועט ציניש אויסלאַכן זיין אומגליק.

נישטאָ קיין אומגליק, נישטאָ קיין געוויסן, קיין ערלעכקייט, קיין שטאָלץ...

ס'איז אַ קאָמעדיע דאָס גאַנצע צוזאַמענלעבן פון „צוויי", אלץ איינס צי ביידע זאָגן ליגן, אָדער איינער פון זיי זאָגט ליגן און דער צווייטער גלויבט די שקרים, אלץ איינס אַ קאָמעדיע.

יעדן טאָג דערציילען ביכער וועגן דער דאָזיקער אייביקער קאָמעדיע; יעדן טאָג באַווייזן דאָס אַקטיאָרן אויף די סצענעס און יעדן טאָג לאָזן זיך נייע נאַראָנים פאַנגען אין דעם פערשאָלטענעם נעץ...

יענעמס חרפּה זעען אַלע, די אייגענע מפּלה דערוויסט מען זיך צופעליק, דאַן ווען מען איז שוין פון אַלעמען אויסגעלאַכט...

ער האָט מיט האַס געצויגן די קליידער אויף זיך. אָנגעטון זיך שנעל, ווי ער וואָלט וועלן אַנטלויפן פון אימעצן...

דערנאָך צוגעגאַנגען צום שראַנק... אויסגעקליבן אַ שלייף. אויף אַ זיידענעם באַנד זענען געהאָנגען זיינע קאָלירטע קראַוואַטן... וועלכען קראַוואַט הייַנט אָנטון? יעדער איינער פון זיי דערמאָנט אים אַן אַנדער מאָמענט פון זיין גליקלעך-נאַריש׳ן נעכטן, אַלע צוזאַמען זענען זיי, ווי איין שנור פון זיין אָפּגענאַרטן נעכטן און ביטערן הייַנט...

גענומען פאַרוויקלען אַ שלייף, דוכט זיך אים אויס, אַז דער שלייף איז קורץ, קורץ, זייער קורץ, מען באַדאַרף צו-

בינדן א צווייטן, א דריטן. די שטיקלעך זיידנס בעטן זיך, מען זאָל זיי אַלע צונױפבינדן, עס וועט זיין איין גרויסע פילפאַרבי־קייט, א רעגנבויגן פון קאָלירן... עס וועט זיין...

---

אין קינסטלער־קאפע האָט מען אויף מאָרגן גערעט וועגן זשאקן:

— ער האָט זיך אויפגעהאָנגען. א מאָדנער טויט: פון קראַוואַטן געמאכט זיך א תליה.

# מיט וועלכן רעכט!

באַלד נאָך דער רעוואָלוציע האָט מען אין ליוואַדיע, אין קרימער קייזערליכן פּאַלאַץ, אַראָפּגעבראַכט די באַפרייטע פּאָלי־טישע קאַטאָרזשניקעס.

אין די פּרעכטיקע פּאַלאַצן פון דער קייזערליכער סוויטע האָט מען זיי אַריינגעזעצט.

דאָס איז געווען אַ פאַרגיטיגונג פאַר די דורכגעלעבטע יסורים...

דאָס איז געווען אַן איבעראַשענדער איבערגאַנג: פון קאַטאָרגע, פון סאַכאַלין פון די פינצטערע קאַזעמאַטן, אין די גרויסע ליכטיקע חדרים פון קייזערליכן פּאַלאַץ. פון די בליי־קאַלטע פרעסט, פון סיביר אין קרים — אונטער דער ליכטיקער זון פון דרום, וואו די רויזן פלעכטן זיך אויף די הייזער ביז די פענצטער, וואו פאַר די אויגן ליגט שטענדיג, ווי אַ גרוי־סע באַפרייונג, דער ים אַליין, דער ים מיט זיין ברייטקייט, וואָס זאָגט עפּעס צו, שטענדיק זאָגט דער ים עפּעס צו, אפילו דעם וואָס האָט שוין אַלע האָפנונגען פאַרלוירן.

עס איז גענוג אַ קוק געבן מיט אַלעביידע אויגן אין דער ווייטקייט. דער אָטעם פאַרכאַפּט, דאָרטן ווייט, אין סאַמע האַרץ פון דער ענדלאָזיקייט ליגט אַ נייע וועלט פול מיט מעכטיקער האָפנונג, קוקסט אין ווייטן ים אַריין, און ביזט מקנא די שיפן, וועלכע זעגען אַהין אַוועק, אין דער ווייטקייט אַריין, דער קערפּער דיינער איז שווער, אָבער די נשמה דיינע האָט שוין פליגל באַקומען און זי פליט אַהין, זיי נישט קאַרג און האַלט נישט אָפּ צוריק די נשמה... קליין מענטשעלע, ווי גרויס

דער ים — פאַרלאַנג אים, שטרעב צו אים וועסטו אַליין ווערן גרעסער, קיינער וועט דאָך נישט זאָגן, אַז דער אָדלער פון אַי־פעטרי, וועלכער מאַכט זיין שפּאַציר איבערן ים... קיינער וועט דאָך נישט זאָגן, אַז דער אָדלער איז קליין.

אַ סך פון די קאַטאָרזשניקעס זענען אהער שוין געבראַכט געוואָרן אין אַ האָפּנונגסלאָזן צושטאַנד. די שווינדזוכט האָט אַרויסגעצויגן דאָס בלוט פון די אָדערן, נאָר אויך אויף די וואַקסבלייכע פּנימער פון די באַפרייטע אַרעסטאַנטן האָט זיך די זון געטון אירס... זי האָט זיי געגלעט די זון, געוואַרעמט און געברוינט, געוואָלט זיי ראַטעווען און זיי, די אויסגעמאַטערטע זענען אַרומגעקראָכן אין ליוואַדיער פּאַרק צווישן די טרויבען, צווישן די בלומען, ביים ים זענען זיי געזעסן. נישט איינער פון זיי האָט געהאַט די אילוזיע, אַז ער וועט געזונט ווערן, די זון קאָן נאַרן, ווי אַ גוטער גאָט.

אין ליוואַריע, ווען עס ווערט שטיל, הערט מען די וואונדערבאַרע מוזיק פון ים, דער ים שפּילט דאָ מיט די שטיינדלעך, מילאָנען, מילאַרדן גערונדעלטע שטיינדלעך האָט די טיפעניש אויסגעשפּיגן ביים ברעג און די פאַלעס זענען ווי קעץ, ווי טיגרעס, זיי שפּילן זיך מיט די שטיינדלעך, זיי שאַרן זיי אַריין אין די וואסערן, באָדן זיי אויס און וואַרפן זיי אַרויס, דאַביי גייט אַזאַ גערויש, אַזאַ מוזיק, וואָס נאָר די נאַטור אַליין קאָן עס קאָמבינירן.

אין ליוואַדיע, ווען עס איז שטיל, הערט מען ווי די מאַגנאָלעס פּלאַצן אויף די צווייגן פון די בוימער, אַ ליידנשאַפטליכע בלום איז די מאַגנאָלע. עס רייצט און וועקט דאָס בלוט מיט דעם שיכורן ריח. מאַגנאָלעס זענען ענליך צו די שוואַנען מיט זייער ווייסקייט און געשלאַנקייט, מאַגנאָלעס זענען ענליך צו צייטיגע פרויען, וועלכע נעמען דיך מיטן זינדיגן שווייגן... ווען עס איז שטיל הערט מען אַזעלכע זיפצן פון די בלומען, אַז דיין בלוט נעמט רוישן אין די אָדערן...

אין ליוואַדיע האָט מען אין יענעם זומער אויך געהערט אַנדערע קלאַנגען: ווען עס איז שטיל געווען האָט מען געהערט

זי מענטשן הוסטן, די געוועזענע קאַטאָרזשניקעס האָבן טרוקן און טעמפּ געהוסט

יעדער הוסט — אַ קייטן־קלאַנג, יעדער הוסט — אַ פאַרפייניקטע יוגנט, יעדער הוסט אַ גרוס פון סיבירער תפיסות...

ווער ווייסט, וועלכע בייזע חלומות זיי האָבן מיטגעבראַכט, פון קאַטאָרגע, וועלכע ערינערונגען פון דער צייט, ווען דער קאַלטער תלין, דער תפיסה־וועכטער האָט ביטער געחוזקט פון זיי, פון די, וועלכע זענען־געגאַנגען ליידן פאַר אַלעמענס וואויל...

אָבער איצט...

אין די ליכטיקע טעג, ליכטיק ביז ווייטאָק, ליכטיק ביז משוגענע פרייד, געדיכט זענען געלעגן די הויפנס שטראַלן אויף די ווייטע סימעטרישע וויינגערטנער, אויף די בערג, אויף יעדער שטיין, אַז אַ מענטש שפּרייזט גייט אים נאָך די זון, אַז אַ מענטש לייגט זיך צו אויפן גראָז, אָדער אויף דעם קאָכעדיקן זאַמד, ליגט מיט אים אַ שטיק זון, אַ זילבערנער פּאַס, זון, זון... שלינג עס, וואַרעם און בראָט זיך, שפּיל זיך מיט דעם און אַנטלויף אין שאָטן, ווען די צעהיצטע פארליבטע דיינע לאָזט דיך נישט רוען...

די באַפרייטע זענען גליקלעך געווען פון דער פרייהייט, זיי האָבן די הענט פון וועלכע מען האָט די קייטן אַראָנזשענו־מען, צום לעבן געצויגן, דער ים האָט זיי אָנגעזאָגט, אַז פאַר זיי עפענט זיך די גרויסע פרייע וועלט, אַז אַלץ איז מעגליך... אפילו ליבע.

נאָר דער הוסט, די קראַנקהייט, וואָס איז אַריין אין די לונגען. געווען זענען דאָרטן אַזעלכע, טעמען די דרום־זון קאָן בלויז גלעטן, אָבער נישט ראַטעווען.

דאָס, וואָס מענטשן פערסמען און פאַרניכטן, צו דעם, איז די נאַטור אַליין טויט, כאָטש די זון שיקט אירע שטראַלן אפילו צום בית עולם...

די באַשטראַלטע שאָטענס זענען אַרומגעקראָכן אין קיי־זערליכן פּאַרק, ווי אַזעלכע, וועלכע זענען געקומען פון יענער וועלט. און ווייזט אויס, אַז די וועלט, אונזער וועלט איז בעסער

פאַר אַלע צוגעזאָגטע וועלטן, אַנדערש, וואָלטן די שאָטענס פון ליוואַדיע נישט געהאַט אַזעלכע אומעטיקע בליקן... נישט ביי איינעם פון זיי האָט זיך אין די אויגן געזען דער טיפסטער אָפּגרונט פון שוידער, דער צווייטאָקטער בענקן צום לעבן... אומזיסט.

צו יענער צייט האָב איך געלעבט אין יאַלטאַ און זער אָפט פלעג איך קומען קיין ליוואַדיע, צווישן די באַפרייטע קאַטאָרזשניקעס האָב איך געפונען מיינע אַלע באַקאַנטע פון פינפטען יאָר. מען האָט זיי אַרויסגעריסן פון מיין שטאָט, מען האָט זיי געמשפט און אַוועקגעשיקט. איצט פלעגן מיר דאַרמאַ־נען די יינגע טעג פון אויפלעבונג און העראישקייט...

אין יענע טעג האָבן מיר דאָך גאָרנישט געהאַט, אויסער דעם ריינעם קריסטאַלענעם גלויבן. מיר האָבן געזען אומגערעכ־טיגקייט... מיר יונגע, נאַיווע. מיר האָבן געזען די ביאַליסטאָקער וועבערס מיט די אויסגעקרומטע רוקענס, וועלכע האָבן געאַרבעט צו זעכצן שעה אין מעת־לעת און מיר האָבן זיך אָנגעצונדן מיט פּראָטעסט. פון אונדזערע היימען זענען מיר אַוועק, פון פרייד און לערנען זיך, פון אַלץ זיך אָפּגעלאָזט... פאַר די אַלטע, אויסגעמאַטערטע וועבערס זענען מיר אין תּפיסות אַוועק... מיר האָבן געגלויבט. היינט גלויבט מען נישט, היינט פּאָליטיקירט מען...

אָט די דאָזיקע פון אַמאָליקע צייטן, די גלויביקע העלדן האָב איך איצט אין ליוואַדיע געפונען. נישט אַלע פון זיי זענען קראַנק געווען.

אַנדערע פון זיי זענען געווען געזונט און מונטער, זיי האָבן נאָר געוואַרט דעם טאָג... אַביסל זיך אָפּרויען און באַלד ווידער אַריין אין קאַמף, עטלעכע פון זיי זענען שוין מיד גע־ווען און זיי האָבן שוין געחלומט פון רויקייט, פון פּערזענ־לעכן גליק, פון פאַמיליען־לעבן און געווען זענען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן געשוויגן מיט פאַרביסענע ליפּן און אויב זיי פלעגן רעדן איז דער געדאַנק פון זייערע רייד געווען זער אַ טרוי־עריקער.

— צו וואָס האָסטו אונדז אַרויסגענומען פון קבר, מיר זענען שוין געווען באַגראָבן אין די סיבירער תּפיסות, האָט מען אונדז געבראַכט אַהער, דאָ איז קרים צווישן ים און באַרג, אין אַ גרויסן נעץ פון בלומען, ווי די שמעטערלינגען, ביי וועלכע מען האָט די פליגלען אויסגעצופּט, שוועבן, פלאַטערן קאָנען מיר שוין נישט...

דאָס זענען געווען די קראַנקע, די האָפנונגסלאָזע, אָבער זיי האָט אויך דאָס לעבן נישט איינס אָפּגענאַרט...

דאָס לעבן, די זון...

זיי פלעגן זיך פּלוצלונג נעמען איינרעדן, אַז זיי ווערן געזונט, אַ מונטערקייט באַשטראַלט זייער בליק, זיי נעמען קוקן אויף זיך, קוקן אַז די בגדים זאָלן זיין אין אָרדנונג, זיי נעמען פאַרלאַנגען, פאָדערן פון לעבן דאָס, וואָס עס קומט זיי...

ביז אַ צו שאַרפער ווינטל קילט אָפּ זייער קערפּער און זייער געמיט — אויף מאָרגן מיידן זיי שוין אויס איינער דעם צווייטן, די קעפּ אַראָפּגעלאָזן, די ליפּן באַהאָנגען מיט אַ שלאָס פון שווייגעניש.

איינער פון זיי איז געווען מיינער אַ חבר פון חדר, שפּעטער אַ חבר פון שולע. איינער פון זיי, פון די קראַנקע צוועלף יאָר געווען אויף קאַטאָרגע, קיין ליוואַריע האָט מען אים געבראַכט אויף אַ בעטל, אַ האַלבער סקעלעט...

ער איז אַביסל צו זיך געקומען און אַפילו אַרומגעשפּרייזט אין די אַליען צווישן די בלומען, נאָר ס'איז ווייניק האָפנונג געווען, דער מענטש זאָל לאַנג אָנציהען.

סאַשאַ נאָוויק...

ווען מען האָט אים אין פינפטן יאָר אַרעסטירט האָבן זיך אַלע געוואונדערט. סאַשאַ אַרעסטירט מיט באָמבעס, סאַשאַ אַן אַנאַרכיסט, ער איז זייער ווייט געשטאַנען פון אַלע פּאַרטייען, פון יעדער רעוואָלוציאָנערישקייט.

אָבער מען האָט אים געמשפּט און אַוועקגעשיקט אויף קאַטאָרגע. איך און מיינע איבעריקע חברים האָבן זיך געוואונדערט, נאָר מיר האָבן געטראַכט אַז ער איז געווען אַ קאָנספּי-

ראַטיווער רעוואָלוציאָנער, אַ וויכטיקער מיטגליד, וועלכער האָט זיך גוט פאַרבאָרגן, אַז אַפילו זיינע נאָנטסטע האָבן קיין אַנונג נישט געהאַט, וואָס ער איז אַזוינס.

איך האָב אים פאַרגעסן, יענע יאָרן זענען צו שטורמדיק געגאַנגען. אַ מענש אויף קאַטאָרגע, אַ מענש מער אויף יענער וועלט, ווער האָט צייט געהאַט פאַר יעדן איינעם, צו טראַכטן פון אים, צו דערמאָנען אים...

איצט ערשט, ווען מיר האָבן זיך באַגעגנט האָט זיך אַ סך דערמאָנט פון יענע יונגערע יאָרן. מיר האָבן גערעט פון אונדזער שטאָט און פון פאַרשידענע מענטשן, ביז איך האָב אים איינמאָל אַ פרעג געטון:

— פאַרוואָס?

פאַרוואָס און פאַר ווען האָט ער זיין לעבן צעבראָכן?

— נאָר גאָרנישט, — האָט ער געענטפערט.

— אָבער דו ביזט דאָך געווען אַן אַנאַרכיסט.

— נישט געווען...

איך האָב אָנגעשטעלט אויגן און אוירן.

נישט קיין אַנאַרכיסט? אַ מאַקסימאַליסט, אַ סאָציאַליסט?

— ניין! גאָרנישט געווען און גאָרנישט געטון...

— אָבער מען האָט דאָך געפונען ביי דיר באָמבעס...

נישט מיינע...

— סאַשאַ! איך וואָלט עס וועלן וויסן גענויער...

האָט ער גענומען טרויריק שמייכלען און זיך אָבגערופן:

— מען מוז גלויבן אין באַשערטקייט...

און דערנאָך האָט ער מיר דערציילט זיין געשיכטע:

„איך האָב דאַמאָלס ליב געהאַט פרוסאַקס טאָכטער, אפשר געדענקסטו זי. דאָס איז געווען מיין ערשטע און לעצטע ליבע... צו די פאַרטייען, צום קאַמף פאַר גערעכטיקייט האָב איך קיין פינגער נישט צוגעלייגט. פאַרוואָס? איך ווייס נישט, אַזוי בין איך געווען. טיף אין האַרצן האָב איך געשעצט די אַלע קעמפפערס, איך האָב אינערליך אַ סך מאָל געקניט פאַר זייער העלדישקייט, נאָר איך אַליין בין געבליבן פון דער ווייטן...

„איך בין נישט געגאַנגען, ווייל צו טון אַזעלכע זאַכן מוז מען האָבן אַן אינערלעכן ברען... בלויז צוליב דער מאָדע האָב איך נישט געוואָלט גיין. חברים האָבן מיך גערופן, חברים פון גימנאַזיע, שענע מיידלעך האָבן מיך גערופן, אַלע זענען דאָך דאַמאָלסט געוואָרן קעמפפערס, איך פלעג אויסהערן זייערע אַרגומענטן און אַריינקוקן צו זיך אין האַרצן, ניין! נישט געווען קיין פייער... איך בין נישט געגאַנגען...

„פאָרוואָס?

אפשר איז דאָס געווען עגאָאיזם, אפשר איז נישט געקומען דער אמתער צופאַל; וואָס זאָל מיר אַ שטויס דערצו געבן איך בין קאַלט געבליבן צו דער וועלט און אירע זאָרגן. און אפשר דערפאַר, ווייל איך האָב שוין דאַמאָלס ליב געהאַט מיט דעם גאַנצן ברען פון מיין יינגער נשמה. איך האָב ליב געהאַט פרוסאַקס טאָכטער און קיין אַנדער וועלט, קיין אַנדער פרייד האָט פאַר מיר נישט עקזיסטירט. וואָס איז שולדיק דער מענטש, וועלכער קומט דאָ אויף אַזאַ קורצע צייט אין לעבן, וואָס איז שולדיק דער מענטש, וועלכער פאַרשליסט זיך אין זיין ווינקעלע מיט זיין גליק? ווער האָט אים רעכט צו שטערן, בעת ער שטערט קיינעם נישט...

„וואָס וועלט? וואָס מענטש? ווען אַלץ איז פאַרקערפערט אין איין ציל: מיין פרימאָרגן, מיין אָוונט, מיין גאַנץ לעבן איז פאַרפולט געווען מיט מיין ליבע. יאָ, דאָס איז עגאָאיזם, נאָר דאָס איז געווען אַזאַ עגאָאיזם. וואָס פאַרשלינגט אַ נשמה אינגאַנצן, אויסקערעוון מיין האַרץ אויף אַן אַנדער וועג האָב איך נישט געקאָנט און נישט געטאָרט. וואו אַ פרייע שעה, ווען אַ פרייע רגע לויף איך צו איר. און איינמאָל האָט פאַסירט איך בין געגאַנגען צוריק פון איר, אויף די ליפן מיינע האָב איך געטראָגן אירע מיידלשע קושן, איר אָטעם איז מיר מיטגעגאַנגען...

איך בין געגאַנגען פון איר. איר וואַרעמקייט, אירע גוטע טרייע־ווערטער זענען מיר נאָכגעגאַנגען, איך בין געגאַנגען אַ היים און געטראַכט פון איר, מיר האָבן אין יענעם אָוונט אַ סך אָפּגערעדט וועגן אונדזער צוקונפט...

אונדזער צוקונפט...

אונדזער בשותפות־לעבן וועט געוויס זיין עפעס אַנדערש, ווי ביי אַנדערע, יעדער איינער רעדט זיך איין, אַז זיין לעבן איז עפעס אַנדערש, מיר זעען די זעלבע זאַכן מיט אונדזערע אויגן, נאָר דערביי האָבן מיר אַ טעות, מיר מיינען, אַז נאָר מיר זעען עס, נישטאָ קיין אויסגעוויילטע מענטשן, נאָר יעדער מענטש מעג זיך רעכענען פאַר אַן אויסגעוויילטן, ווייל מער, ווי איין לעבן האָט ער נישט.

איך בין געגאַנגען אַ גליקלעכער אַ היים און די וועלט איז מיר בשום אופן נישט אָנגעגאַנגען.

איך האָב געטראָגן מיין גליק און נישט געחלומט, אַז אַ צווייטער וועט קומען, ווי אַ פאַטאַלער צופאַל און צונישט מאַכן מיין לעבן און אַלץ וואָס מיין לעבן האָט פאַרמאָגט.

ווען איך בין שוין געווען אין צימער ביי זיך, געוואָלט זיך שוין לעגן שלאָפן האָט ווער אָנגעקלאַפּט...

עס איז אין אַריינגעקומען לאַפּידוס, אַ באַוואוסטער אַנאַר־כיסט אין יענער צייט. מיר זענען געווען קינדער־חברים, נאָר לעצטנס האָט אונדז גאָרנישט געבונדן. איך האָב געוואוסט, אַז ער איז אַן אַנאַרכיסט, איך האָב געוואוסט, אַז פּאָליציי זוכט אים אין אַלע ווינקעלעך פון רוסלאַנד...

וואָס וויל ער פון מיר?

גאָרנישט... איין קלייניקייט: איבערנעכטיקן די נאַכט, ווייל קיין זיכערער אָרט ווי ביי מיר האָט ער נישט, אויב נישט מוז ער נעכטיקן אונטער אַ פּאַרקאַן און טעלעכע נעכט איז ער שוין נישט געשלאָפן — אַ געיאָגטער הונט.

אין מיר האָט מיין האַרץ אַ געשריי געטאָן, אַז דאָס איז אַ סכנה פאַר מיר, פאַר מיין צוקונפט, פאַר מיין כלה, און אין אַ צווייטן ווינקל פון דער נשמה האָט עפּעס פּראָטעסטירט און געזוכט און געפאָדערט מיין מענטשלעכקייט... יאָ, ער איז גע־בליבן נעכטיקן, און ביינאַכט איז מיין הויז באַלעגערט געוואָרן פון פּאָליציי און זשאַנדאַרמען... לאַפּידוס האָט געהאַט ביי זיך אַ באָמבע און געפערלעכע פּאַפּירן, מען האָט אונדז ביידן אַרעס־

טירט און איצט ערשט בין איך באפרייט געוואָרן. עס האָט קיין זאַך נישט געהאָלפן — מען האָט מיך פאַרמשפּט. מיין לעבן איז צעבראָכן געוואָרן, מיין לעבן איז פאַרשוואונדן געוואָרן. עס זענען בלויז געבליבן די דאַרע ביינער מיינע. און אַלץ דער־פאַר, וויל אַ מענטש האָט אָן מיין ווילן אָנגעקלאַפּט צו מיר אין טיר, אָן מיין ווילן געקומען צו מיר מיט זיין סכנה... מיט וועלכן רעכט? ביי לאַפּידוסן קאָן איך דאָס שוין נישט פרעגן, וויל ער איז דערהרגעט געוואָרן ביים וועלן אַנטלויפן פון דער תפיסה...

עס איז מיר שוין אַלץ איינס! פרעגן נישט־פרעגן, דער ענטפער איז שוין געגעבן געוואָרן: מיין לעבן איז צעבראָכן געוואָרן...

נאָר ביי זיך אַליין, ביי די ווענט פון מיין פינסטערן קאַמער האָב איך דאָס צוועלף יאָר נישט אויפגעהערט צו פרעגן: „מיט וועלכן רעכט?" מיט וועלכן רעכט האָט ער מיין לעבן צעשטערט צוליב זיין אידעע? אין וועג בין איך אים דאָך נישט געשטאַנען, נישט געקעמפט מיט אים, נישט קריטי־קירט אפילו... מיט וועלכן רעכט האָט ער מיך אַריינגעשלעפּט אין זיין אָפּגרונט? ער האָט געהאַט רעכט קומען צו מיר, ווי אַ מענטש, ווי אַ פריינט, נאָר מיט זיין סכנה האָט ער מיך גע־דאַרפט אויסמיידן — אַזוי פאַרשטיי איך עס. איך שעלט אים נישט, איך וואָלט אים וועלן פאַרגעסן, נאָר מיין צעבראָכן לעבן, מיין קאַטאָרגע...

— און וואָס איז געוואָרן מיט פּרוסאַקס טאָכטער?

— איך ווייס נישט, מיר איז דאָך אַלץ איינס... גיב אַ קוק אויף מיינע הענט. און ער האָט מיר באַוויזן צוויי ביינער־נע הענט, ווי זיי וואָלטן זיך פון קבר אַרויסגעשטעקט. ער האָט געשוויגן, די נאַטור אַרום האָט געשוויגן. די הויכע בערג זענען געלעגן, ווי העלפאַנטן, בעת זיי רוען זיך אָפּ. די הויכע בערג, זיי האָבן אויסגעזען, ווי גראָבע פאַליאַנטן פון וועלט־ביכער, בלויז דער ים האָט געבלעטערט די זילבערנע פאַליעס, האַסטיק געבלעטערט די נאַסע זייטלעך פון אַן אייביקן בוך...

די זון האָט געשאָטן מיט קאָכעדיקע שטראַלן און עפּעס געצייכנט אויף די פּאַליעס...

*

דאַמאָלס האָט רוסלאַנד געזונגען פון פרייד און באַפריי-
ונג, איך בין געגאַנגען אין די שטורעמען פון מענטשן-מאַרש.
די פרייד איז טאקע געווען גרויס, נאָר פון צייט צו צייט פלעג
איך אַראָפּקומען אין ליוואַדיע, איך פלעג דאָרטן באַגעגענען
דעם צעבראָכענעם סאַשאַ נאָוויק, ער איז לאַנגזאַם אויסגעגאַנגען.
זיין טרויער אין די אויגן, דעם בייזן פייערל אין זיינע אויגן,
וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן. עס האָט אַלץ געפרעגט:
מיט וועלכן רעכט?"

# אירע אויגן

יעדער איינער פון אודנז האָט עפּעס געגומען דאַמאָלס פון לעבן. אין די זוניקע טעג, ווען די רויזן פלעגן פון צופיל וואַרעמקייט זיך אויסעטעמען אין איין טאָג און איבערנאַכט פלעגן פרישע טויזנטער בלומען־בעכערכ זיך עפענען, אין די טעג, ווען דער ים האָט זיך געוויקלט, ווי אַ זיידענער לייליך פאַר די אַלע יינגע קערפּערס, ווען דאָס קוויטשן פון די זאָריגלאָזע מענטשן האָט געגומען ווערן ענלעך צו דעם קוויטשעריי פון די ווילדע פויגל.

ניִשט פאַר מיר אַליין איז דאַן געווען דער שענסטער זון, מער פון לעבן. אין יענע טעג, אין יענע ליידנשאַפטלעכע אָוונטן, אין יענע בלייכע נעכט, האָבן אַ סך הערצער זיך אָנגעזעטיקט מיט ליבע און די הערצער אונדזערע זענען אַזוי ווי באַלזאַמירט געוואָרן אויף לאַנגע, לאַנגע יאָרן, די גוטע שעהן האָבן זיך פאַרזיגלט ביי אונז, עס איז געבליבן זון, וואָס טרייבט איצט, און דערלאָזט נישט צו נאָנט די גרויע שאָטנס פון דער ווירקלעכקייט...

עס איז פאַראַן וואָס צו דערמאָנען.

עס טרעפט דאָך איצט אין דעם גרויען טאָג, אין האַרבסט, צווישן גרויע מענטשן, און נודנע וואָכעדיקע ענינים... עס טרעפט דאָך איצט: דעם ים שפּרינגט אַרויס פאַר די אויגן, מיטאַמאָל באַווייזט ער זיך, ווי אַ גרויסער הערשער, ווי אַ וועלט־מאַרקיז אין אַ זילבערנער טאָגע און נישט ווילנדיק פאַרגעסטו דעם ביטערן טאָג, וואו די ענגשאַפט פאַנצערט דיין לעזן. עס ווערט נישט פריילעך, נאָר עס איז שוין נישט לאַנג־

ווײליק, עס איז אומעטיק, אָבער אומעט איז שטענדיק יום־טוב, שרעקלעך איז נאָר די לאַנגווײליקײט... איר רופט עס מענ־טימענטן, ערינערונגען רופט איר נאַרישע סענטימענטן. ווי איז אײַך! איר האָט קײנמאָל נישט געלעבט, איר האָט נישט וואָס צו דערמאָנען! מיר איז בעסער, אין דעם אָרעמסטן לעבן, אין דער גרויער געגנוואַרט בין איך אָפטמאָל דער רײַכ־סטער אויף דער וועלט... ווײַל... אַביסעלע נעכטן פאַרמאָג איך.

די געשטאַלטן פון יענעם שענעם זומער נעמען שוועבן פאַר די אויגן, די אַלע פאַרליבטע און גליקליכע פרײַנט מײַנע זאַמלען זיך צונויף אין מײַן זכּרון. די אַלע שטיפערס, אַ מחנה, וואָס פלעגט שטענדיק זינגען און שפּרינגען. צווישן די פעלזן פון די קרימער בערג מוז נאָך געוויס אַרומשוועבן נישט אײן עכאָ פון אונדזער פרייד־געשרײ.

איך דערמאַן זיי אָפט, דערבײַ אָבער קען איך נישט פאַר־געסן... אײן געשטאַלט פון אַ פרוי. אַ פרוי אַ קראַנקע, אַ פאַר־משפּטע, אין יענעם זומער פון אונדזער גליק איז זי געווען נעבן אונדז, מיט אונדז און אין סוף פון זעלבן זומער איז זי געשטאָרבן.

סאָלי האָט זי געהײסן.

אָבער דאָ איז נישט וויכטיג איר נאָמען און נישט איר שטאַם. וויכטיג זענען דאָ בלויז אירע בלויע אויגן. יאָ... וועגן אירע אויגן איז אַ סך לײַכטער צו טראַכטן, ווי צו רעדן. אין מײַן פאָרשטעלונג זע איך די גאַנצע טיפע בלויקײט פון אירע אויגן און אין רעדן מוז איך געברויכן די אַלטע באַנאַלע פראַזן, אַז אירע אויגן זענען געווען בלוי, בלענקיט, ווי דער הימעל. קײן אַנדער פאַרגלײַכונג איז נישטאָ... הימעל און נאָר הימעל. זי איז געווען ייִנג אין יאָרען אָבער קראַנק. אירע טעג זענען געווען געציילטע.

ווען זי פלעגט אַרויפלייגען אירע צאַרט־ווײַסע פינגער אויפן טיש פלעגט דער טיש אויפלעבן, צו וואָס זי פלעגט זיך נישט צורירען... געווען איז זי נישט קײן געקרוינטע מאַדאָנע,

די שטילע יסורים האָבן פאַרהייליקט אַ ייִנג־פרוי און זי מיט איר בליק פלעגט אונדז מילדערן, הייליקן.

זי האָט געמוזט שטאַרבן ייִנגערהייט.

דער דאָקטאָר האָט געזאָגט:

— זי קאָן נאָך לעבן אַ יאָר, צוויי יאָר און מיט אַ פּס אַפילו דריי יאָר. אָבער איין קליין ווינטעל, וואָס קומט אָבגעקילט פון ים, קאָן זי צונעמען אין דריי טעג. זי האָט געוואוסט איר לאַגע, זי איז אָבער גלייכגילטיק געווען צו זיך אַליין און קיינמאָל, קיין איינמאָל נישט גערעט וועגן זיך, וועגן איר גורל. זי פלעגט אויפשטעלן, פאַרקעמען זיך, אָנקליידן זיך און קומען צום טיש אין אונדזער פּענסיאָנאַט. זי פלעגט אַריינקומען און די גרויסע בלענקיט־אויגן פלעגן געבן פאַראויס. זי פלעגט זיך באַגריסן דאַכט זיך מיט אַ שמייכל, דאַכט זיך פריינטליך...

דאָך פלעג איך אַמאָל אויפגעציטערט ווערן פון איר באַגריסונג. די ווייסלען פון אירע אויגן האָבן געהאַט פאַר מ'ר די קאַלט־ווייסע פאַרב פון פאָרצעליי, עס פלעגט מיר מאָדנע קאַלט ווערן פון אַזאַ בליק, פונקט, ווי די טויטע קאַלך־לבנה וואָלט זיך באַוויזן אין בייטאָגיגען בלענקיט־הימעל.

אפשר אָן איר שולד, אָן איר טראַכטן, אומבאַוואוסטערהייט האָט געלעבט אין איר אַ גרויסע קנאה. די שטאַרקסטע קנאה פון זינט די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן: לעבן איז מקנא דעם טויט. אפשר האָט זי נישט געטראַכט פון דעם, אָבער דער שטומער קערפּער, די אָטעמען פון איר לייב, יעדער טראָפּן בלוט האָט געפאָדערט לעבן. עס זענען דאָס געווען אַזעלכע ליכטיקע טעג, אויף מיליאַרדן בלעטער איז די זון געלעגן, פאַר יעדער שטיינדל, פאַר יעדער זאַמדעלע איז זון געווען. נאָר נישט פאַר איר. פאַר אַלעמען הימעל און בלומען— נאָר נישט פאַר איר. און אַליין האָט זי געטראָגן אין די אויגן דעם אָפּגלאַנץ פון הימעל, אודאי איז איר נשמה אויך אַזוי בלוי געווען.

ווען מען זאָל גוט טראַכטן, איין ביסעלע טראַכטן, וואָלטן אונדזער זומער פאַרסמט געוואָרן צוליב איר ליידן.

נאָר דאָס, וואָס לעבט מיט פולן לעבן פאַרגעסט און טראַכט נישט פון יענעמס אומגליק. מיר זענען נישט בעסער געווען.

מיר האָבן אַלע געלעבט מיט גליק. מיט ליידנשאַפט. מיר האָבן געלעבט מיט יענער רויגער אונרויקייט, וואָס מאַכט פול דעם טאָג. שטענדיק ערוואַרטונג יעדע שעה האָט עפּעס צוגעזאָגט.

מיר האָבן געלעבט מיט ליבע. מיט וואָס האָט זי געלעבט? אין אַזעלכע טעג און נעכט. ווען די לופט איז אָנגעזאַפּט געווען מיט געזונטע זינדיקייט, ווען דער ים האָט נישט געקאָנט איינהאַלטען די פּאַליעס, ווען זיי האָבן זיך געריסן איינס צו דער צווייטער און אין זייער שפּרינגען איז געווען ליבע און זינד...

די שטערן האָבן זיך געריסן פון זייערע ערטער, די בערג האָבן זיך נענטער געטולעט. און די מענטשן... וועגן די מענטשן זאָלן דערציילן די שאָטענס פון די באַרג־שטעגן און פון די וואַלד־שטעגן, דער וואַסער־פאַל פון אוטשאַן־סו ווייסט אויך אַ סך סודות...

אָבער פּאַסירן פלעגט עס דוקא מיט מיר. גאַנץ אָפט פלעג איך אויפגעציטערט ווערן. זי פלעגט מיר נאָכגעגן. אין די טונקעלע גראָבענס פון וואַלד־באַרג, אויפן ים אין אַ שיפל. איר בלוי־ווייסער בליק פלעגט אַריינקוקן אין מיינע אויגן, אין דער טי־פעניש פון וואַלד... און געדאַכט האָט זיך אַז זי שטראָפט:

— ווי אַזוי קאָנט איר לוסטיק לעבן? בעת איך שטאַרב! ווי אַזוי? דערנאָך פלעג איך קומען אַהיים און איך פלעג זי געפינען רוהיג, רוהיג, ווי אַ שטיל בלומל, וועלכער שפּילט זיך אַליין מיט זיין גרינס, מיט זיין אייגענעם שאָטן.

מיט וואָס האָט געלעבט די קראַנקע סאָלי? ווהין האָבן אירע אויגן געשוועבט אין יענע זוניגע טעג, וועלכע זענען בלויז פּאַר פאַרליבטע געבוירן געוואָרן? איך בין נישט געווען אינ־גאַנצן רוהיג און זאָרגלאָז, ווען איך פלעג קוקן אויף איר, אָבער דאָס איז אַלץ געווען אין דער ערשטער צייט, ווען איך האָב סאָלן מיט אונזער גאַנצער געזעלשאַפט נאָך נישט גוט געקענט.

שפּעטער בין איך דערגאַנגען, איך האָב זיך דערוואוסט, אַז סאָלי האָט אַנאַינטערעס אין לעבן.

זי האָט געלעבט מיט אונדזער גליק.

זי האָט געלעבט מיט אונדזערע ליבעס און אונדזערע פאַר־פלאָנטערטע פאַרלאַנגען. זי פלעגט עס אויפפּלאָנטערן, זי פלעגט שלום מאַכן צווישן ליבע און אייפערזוכט, זי פלעגט אויסבאַהאַלטן אונדזערע סודות, זי האָט אַלץ געוואוסט.

אַלע פריינט פון אונזער געזעלשאַפט האָבן זיך פאַרטרויט פאַר איר.

מען האָט אַזוי געטראַכט.

— סאָלי איז קראַנק, זי וועט ווייט מיטן סוד נישט אוועקגען.

און ביי סאָלן אין צימער פלעגן כסדר פאָרקומען געהיי־מע קאָנפערענצן, מען האָט זיך דאָרט געסודעט, דאָרט האָט מען געשריבן בריוועלעך אַ וויצלער פון אונדזער קרייז האָט אָנגערופן איר צימער:

— דער קאַבינעט פון פריינטשאַפט. א דיכטער פון אונדזער קרייז האָט אָנגערופן אירע אויגן מיט אַ מאָדנעם אָרגינעלן נאָמען:

— די בלויע קאַסע פון אונדזערע קושן.

אַ סך מאָל פלעגט אַ פּאָרל ברויגז ווערן. ער איז געווען ביין, זי איז געווען ביין. דער זיידענער פאָדים פון גליקליכן טאָג פלעגט זיך איבעררייסן; צו ליב איין צעבייזערטן פּאָרל פלעגן אַלע עפּעס פאַרלירן, דאָס שווייגן פלעגט זיך אריינכאַפּן אין אונדזער געזעלשאַפט.

נאָר סאָלי מיט די בלויע אויגן פלעגט שוין זאָרגן, דער ברוגז זאָל לאַנג נישט געדוירען, זי פלעגט גען פון איינעם צום צווייטן, זי פלעגט פירען אונטערהאַנדלונגען ביז דאָס פּאָרל פלעגט שלום מאַכן.

אַ הייסער זון־טאָג, אַלע זענען אַוועק צום ים, פּאָרל מיט פּאָרל. אויף דער וואַרענדע איז געבליבן איינע, איין פרוי, נאָך גאָר אַ יינגע. אַ פרוי מיט בלויע אויגן, דורכזיכטיקער בלענקיט...

און די שווייגעדיקע נאַכט איז בלויז אויסערלעך שווייגע־דיק. זי האָט אַ סך פאַרבאָרגענע שטימען, זי רופט מיט דעם ריח פון צעבליטע בלומען, זי רופט מיט אירע שאָטנס, מיט אַ ראַקעט פון אַ צעשאָטענעם שטערן, און אַז די אַלע זאַכן העלפן נישט שיקט זי אונטער אַ ווינטעלע, אַ גנבל, אַ שליחל פון ים,

ווער ווייסט פון וואַנענט ער קומט? אָן וועלכע פּעלזן האָט ער זיך אָנגעקלאַפּט, וועלכע וואַסערפאַלן האָבן אים פייכט געמאַכט? אַזאַ גנבל, אַזאַ ווינטל גייט נישט גלאַטיק פאַרביי, ער רירט אָן די האָר פון דער ייִנגער פרוי, ער צעפלאַטערט די דינע בלוזקעלע אונטער וועלכער עס קלאַפּט אַ מיידעלש האַרץ, מיט נייגעריקייט פון דער ייִגנט, מיט פאַרלאַנג צו לעבן און געניסן. ער קומט ביינאַכט און ער קומט בייטאָג, ווען דער גאָרטן איז ליידיק, ווען אַלע גייען אַוועק צו טאָג-טעגלעכן גרויסן יום-טוב... צום ים.

זי זיצט איינע אַליין אויף דער וואַרענדע... און מען קאָן נישט כאַפּן, צי זי הערט זיך צו צום לעבן, אָדער דאָס שטיל-לעבן הערט זיך צו צו איר.

דער גאַנצער גאָרטן אַרום איז פול מיט דעם קאָליר פון אירע אויגן, און אפשר נישט פון אירע אויגן, ווייל איבער אַלץ, איבער די בוימער, איבער די בערג, איבער די ציפּריסן און מינאַרעטן ליגט אַ גרויסער בלענקיט-הימעל, וואָס איז זייער ענלעך צו סאָליס אויגן...

זי זיצט אויף דער וואַרענדע, זי שווייגט, זי דרימלט, זי לייענט און שווייגט ווידער.

און פון דאָרטן, פון ווייטן שרייט דער ים מיט מענטשלעכע געשרייען. הונדערטער נאַקעטע קערפּער שפּילן זיך און קערן די וועלט איבער, פון געזונט, פון לעבן-איבערפלוס... וואָס טראַכט די סאָלי, ווען זי הערט דאָס לעבן שרייען? אָט לאָזט זי אַרויס דאָס בוך פון איר האַנט...

זי לאָזט אַרויס דאָס בוך, די בלעטער גיבן אַ פלאַטער, ווי ווייסע פליגל פון אַ געשטאָרבענער טויב און די אויגן די בלויע לאָזט סאָלי... זיי גייען ערגיץ ווייט-ווייט אַוועק, זיי גיסן זיך צונויף מיט דער בלויקייט פון ים און מיט דעם בלענקיט פון הימעל. עס דאַכט זיך, אַז דער גאָרטן איז צוליב איר שטיל געוואָרן, פויגל האָבן אויפגעהערט צו זינגען, בלום האָט אָטעם אויפגעהאַלטן און דער ווייסער מילך-וואָלקן, וואָס קריכט איבער בערג, האָט זיך צוליב איר אָפּגעשטעלט... וואָס זיצט

עפּעס אַ פּרוי אַ יינגע איינע אַליין אין די שענע קורצע טעג פון לעבן? אָבער באַלד נעמט גאָרטן זיך באַוועגן, דער דופּ־טיקער אָטעם פון די רויזן שוועבט ווידער... די נישט זעעדי־קע האַנט פון שטיל־לעבן ציען זיך צו סאָלי און אַלץ, דאַכט זיך, בעט זיך:

— לעב! זינג! אָטעם מיט אונז!

זי שווייגט... זי וויל אפילו קיין זיפץ דאָס לעבן נישט שענקען. דאָס לעבן, וואָס האָט פון איר די האָפנונג צוגענומען.

אָט אַזוי בייט זיך דער טאָג אַרום סאָלי, שטימונגען, שווייגעדיקע שטימונגען. פאַראַן מאָמענטן, בעת זי בענקט, זי וויל, אַז דער עולם זאָל שוין צוריקקומען פון ים. עס ווערט רוישיק, לעבעדיק. די יינגע מיידלעך לויפן צו און פאַרטרויען סודות... און באַלד ווערט זי אַפּאַטיש צו די געדאַנקען אירע: זאָל קיינער נישט קומען, זאָל דער טאָג זיך ציען אַזוי כּסדר, כּסדר. מענטשן זענען אַוועק לעבן און זי איז שוין טויט... עפּעס אַ מאָדנעם קבר האָט מען זי געגעבן. אָט פלאַטערט אַ שמעטערלינג אין איר קבר. אָט זינגט אַ פויגל און אָט הערן זיך ווייט־ווייטע קלאַנגען פון ים... מענטשן פאַרברענגען דאָרט. מאָדנע מענטשן! זיי הוליען, זיי שטיפן, ווען אַנדערע ליגן אין קבר... עס לויכט די זון אין איר קבר. אַ מאָדנע זון, זי טרעט נישט אָפּ פון סאָליען. קוים, וואָס זי געפינט זיך אַ שטיקל שאָטן... איצט איז נאָך בעסער, ווי פריער — אַ טייערער קבר... פּלוצלינג שפּרינגט זי אויף, עס דערהערן זיך נאָענטע געשרייען, געזאַנגען... די חברה קומט שוין פון ים.

אַ מחנה הונגעריקע מענטשן לויפן צו די טישן. עס שטו־רעמט, ווי אויפן שלאַכט־פעלט. סאָלי שטייט אָדער זי זיצט פון דער ווייטן, זי וואַרט דער עולם זאָל זיך באַרויקן, דעמאָלט וועט זי אויך צום טיש צוגיין. אָבער ביז דער עולם באַרויקט זיך, ווערט זי דערוייל אַרומגערינגלט פון די פרויען. מען רעדט אויס פאַר איר די פולסטע פרייד:

— סאָלי! איז היינט גוט געווען זיך צו באָדן. גליקלעכע יינגע מיידלעך, וואַרטן זיי נאָר די רגע צו בלייבן אַליין, אויג

אויף אויג מיט סאָלען און באַלד וועלן קומען די אמתע סודות.

— סאַשאַ איז היינט געווען אַזוי שען, אַזוי גוט געווען צו מיר.

— לעאָניד איז אונטערגעלאָפן, ווי אַ גנב און האָט מיר אין קאַרק געקושט.

— וולאדימיר האָט מיר היינט געזאָגט...

דאַכט זיך, אַז די בלענקיט־אויגן שמייכלען און עס דאַכט זיך, אַז די בלענקיט־אויגן באַקומען אויף אַ רגע אַ טויט גלייכגילטיקייט צו דעם אַלץ, וואָס מען דערציילט איר. דאָס זענען דאַכט זיך גאָר קיין אויגן נישט, נאָר שטיקלעך גלאָז... ניין! אַ רגע. עפּעס האָט זי געהערט פון איינער, פון די פלאַפּלערקעט גאָר אַ גוטע בשורה און די אויגן באַקומען נשמה, אויף די ליפּן ביי סאָלי לייגט זיך אַ גוטער שמייכל...

סוף־כל־סוף איז דאָך פאַראַן ליבע אויף דער וועלט, אמת, נישט פאַר איר, אָבער ליבע איז דאָך פאַראַן — זאָל געבענטשט זיין די וועלט...

דער הימעל לייכט אַ גאַנצן טאָג פאַר מענטשלעכן גליק — פאַרוואָס זאָלן אירע אויגן נישט לייכטן פאַר די זעלבע מענטשן?

ניין אין אָוונט. זי מוז גיין אין איר צימער, זי מוז גיין שלאָפן... שלאָפט זי טאַקע? אַזוי ווי דער דאָקטאָר האָט אָנגעזאָגט, איז שוין געווען אַזאַ האַרץ אַ מאָל, וואָס פאָלגט אַ ווילד פרעמדן דאָקטאָר?

ניין אַ זייגער ווערט זי אַזוי, ווי אויסגעמעקט פון צווישן די לעבעדיקע. זי איז אין איר צימער. דאָס פענסטער איז אָפן... איצט אין דער שעה, ווען די פינסטערניש קומט בלויז צוליב דעם, צוצודעקן די וועגן, דעם ים, די שטעגן אין אַלע גערטנער און סעדער, כדי מענטשן זאָלן זיך צוטוליען איינער צום צווייטן. דער גאַנצער אָטעם פון דער ליידנשאַפטלעכער נאַכט שוועבט צו איר אין צימער, די גרילן זענען די לופט, די מאַנגאָלעס פלאַצן מיט אַ זיפץ און פון ים גייט געזאַנג... זי איז אין איר צימער, אַזוי האָט אָנגעזאָגט דער דאָקטאָר...

נישט איינמאָל פלעג איך זיך אָפּרייסן פון אַלץ און אַלע־מען. איך פלעג אַרומשפּאַצירן אַרום אונזער ווילע און מיט אַ באַגנדער אומרויִקייט פלעג איך הויבן די אויגן צו איר פענ־סטער.

איך האָב געטראַכט:

צי דען איז זי טאַקע זאַט מיט אונדזער גליק? און אויב זי שלאָפט — אפשר חלומט זיך איר אונדזער גליק. דאַמאָלס וועל איך זיין רויִקער...

אָבער ווי אַזוי קאָן מען דאָס זאַט זיין מיט יענעמס גליק?

עס קאָן זיין, אַז דאָרט אין איר צימער שוועבט אַ קללה פאַר אַלע גליקלעכע...

אָבער אויף מאָרגן, ווען איך פלעג זעען, ווי זי שושקעט זיך מיט די יינגע פרויען, פלעג איך רויִקער ווערן פאַר סאָלי, זי האָט געהאַט אַ גוטן בלויען בליק...

*

איינמאָל אין דער פרי האָב איך דערהערט אַ פראַזע:

— אַ בלוט — שטורץ.

און באַלד אַ צווייטע פראַזע:

— זי שטאַרבט.

ערשט צום צווייטן טאָג בין איך געווען ביי איר אין צימער, אין „צימער פון פריינטשאַפט״.

בלומען און בלומען. צוקאָפּנס און נעבן די פיס, אויפן ברוסט, אומעטום בלומען. דאָס האָט די ליבע געבראַכט צו איר מתנות, נאָר מיר האָט זיך אויסגעדוכט. אַז אַלץ איז דאָ טויט, אפילו די פרישע בלומען...

אירע אויגן זענען האַלב אָפן געווען. נישט קיין אויגן, נאָר טויטע פאָרצעליי, עס האָט געמאַכט ציטערן מיין נשמה.

צוריקגייענדיק פון דער לויה האָב איך געהערט אַ גע־שפּרעך פון צוויי מיידלעך:

— נישטאָ מער, נישטאָ סאָליס בלענקיט־אויגן...

די צווייטע האָט אָנגעוויזן אויפן הימעל.

— דער הימעל האָט דאָך דעם זעלבן קאָליר פון סאָלעס אויגן.

# קאָנפיטורן

שוואַרץ האָט אַליין נישט באַמערקט, ווי גיך ער האָט זיך צוגעקלעבט צו דער זיסער משפּחה. ער איז אַריין אין אַ פרעמדער וועלט, האָט געמוזט זיך צופּאַסן צו זיי, אויסהערן זייערע רייד, שמייכלען, בעת ער איז געווען מיט די געדאַנקען ערגעץ ווייט פון זיי. נישט בייזערן זיך, רעדן שטיל און גע־לאַסן, אַנדערש זיצן ווי ביז איצט, אַנדערש גיין, שטיין, אַנ־דערש לעבן און אַנדערש אָטעמען.

און אַלץ דערפאַר, ווייל ער האָט געוואָלט מאַכן אַ קאַר־יערע, חתונה האָבן מיט אַ רייך מיידל, מיט העלער'ס טאָכטער...

און דער העלער איז גאָר אַ טונקעלער ייד מיט געלאַ־סענע באַוועגונגען, קיין איין גרויען האָר האָט ער נאָך נישט און עס דאַכט זיך, אַז ער וועט קיינמאָל גרוי נישט ווערן, ווייל ער לעבט צו־רויק, זיכער און מיט אַלץ באַזאָרגט. ער האָט געלט, ער האָט הייזער און געשעפטן. דאָס אַלץ איז פון אַ ירושה, די געשעפטן גייען שוין אַליין, די רייכקייט ווערט גרעסער און משה העלער לייגט דערצו קיין פינגער נישט צו...

זיינע פינגער זענען ווייסע, ווייכבייניקע, רונדע, זיין פּנים שטראַלט שטענדיק פון פרישקייט און רויקייט. און נישט ער אַליין: זיין ווייב איז אויך רויק און אויסגעקעכעלט, די צוויי טעכטער אויך, די דינסט אויך, די קאַץ אויך. עס איז אַ רויקע שטוב, אַ זאַטע שטוב. שוין פון עטלעכע דורות רייכע מענטשן, אפילו די רויקייט און געלאַסנקייט איז דאָ אויך אַ ירושה־זאַך.

דער טאַטע זיצט ביז אין האַלבן טאָג אין שלאָפראָק. די מאַמע גייט נישט אַרויס פון קיך, נישט ווייל זי מוז דאָרט זיצן, נאָר ווייל זי וויל אַזוי, זי האָט עס ליב, איר מאַמע און איר באָבע האָבן אויך אַזוי געלעבט.

מען האָט דעם איינדרוק, אַז דאָ ליגן אויסגעלייגט ווייכע טעפּיכער און די מענטשן שפּרייזן אין שטעק-שיך. די ווערטער שטילע, די באַוועגונגען — צוריקגעהאַלטענע.

אַ זיידענע שטוב, אַ שטוב פון סאַמעט. די גאַנצע וועלט איז, ווי אַ ביילאַגע צו דער דאָזיקער שטוב. מעג די וועלט אונטערגיין. דאָ אינעווייניק אין די רויקע צימערן טאָר גאָרנישט געמינערט ווערן. אפילו אין דער צייט פון דער גרויסער וועלט מלחמה, ווען אַ סך רייכע, איינגעפונדעוועטע פאַמיליעס זענען צום גרונט געגאַנגען... ביי די העלערס איז אַלץ געבליבן, ווי געווען, מען האָט דאָ ווי פריהער געפּרעגעלט קאָנפיטורן... מען האָט געגעסן צו זאַט. געשלאָפן רויק און מיט רויקייט זיך צוגעהערט צו דער וועלט... זיי זענען נישט קיין בייזע עגאָ-איסטן, נאָר פון זייערס וועלן זיי נישט אַוועקגעבן. פון די מענטשן, וואָס לאָזן נישט אַריין קיין אָרעמאַן, ווייל זיי קאָנען זיין צער נישט צוזען.

דער טאַטע האָט ליב זיין משפחה און ער האַלט זיך פאַר דעם קלוגסטן אויף דער וועלט:

— וואָס הערט זיך עפּעס מיט די דייטשן? פלעגט ער פרעגן אין די טעג פון די גרויסע שלאַכטן. און די דייטשן צוזאַמען מיט די פראַנצויזן, צוזאַמען מיט דער גאַנצער וועלט זענען אַזוי ווי געלעגן ביי אים אין וועסטל-קעשענע און אָט איז ער גרויסמוטיק, ער פרעגט: „וואָס הערט זיך מיט די דייטשן?"

די מאַמע האָט ליב געהאַט איר משפחה און איר יחוס. וועגן יחוס פון איר ע האָט זי געקאָנט רעדן אַ פינפאונצוואָנ-ציק שעה אין מעת-לעת... דער טאַטע האָט געהאַט רונדע פינגער, די מאַמע אויך אַזעלכע פוכיגע פינגער, די טעכטערלעך אויך אַזוי. ס'איז געווען אַזאַ פוכיגע משפחה מיט פוכיגע נאָר-לאַנגן און געדאַנקן.

ווייכקייט און זיסקייט, זיסקייט און ווייכקייט...

זיי האָבן זיך אַזוי רויק ליב געהאַט. מיט געשמאַק זיך ליב געהאַט און אַז מען האָט זיך ליב עסט מען אַ סך...

די צוויי טעכטער סאַלע און העלע שלאָפן זער שפּעט, צוויי טעכטער! אויף אַלע מאַמעס געזאָגט געוואָרן. רויקע, שטילע, באַשיידענע. וואָס טאַטע-מאַמע זאָגט, אַלץ ווערט אויס-געפירט, נאָר דעם לעצטן זומער האָט זיך סאַלע צעבונטעוועט. זי האָט זיך אויף זומער וואוינונג באַקאַנט מיט איינעם אַ יינגן-מאַן מיט שוואַרצע אויגן. אַ גוטער טענצער און אַ שלעכטער סטודענט, אַ גרויסער וויצלער און נאָך אַ גרעסערער קבצן.

זיי האָבן זיך פאַרליבט.

חאַטש אין דער אמתן האָט זיך פאַרליבט איין סאַלע. דער שוואַרצער שוואַרץ האָט דאָ געוואָלט מאַכן קאַריערע: אַזאַ שטוב, אַזאַ רייכקייט... ווי לאַנג איז דער שיער צו זיין אַ קבצן?

און ער האָט זיך באַשאַפן אַ גאַנצע טעאָריע, דער יינגער בחור. ער איז געווען אַ פרייער מענטש, ער האָט ליב געהאַט די פרייהייט, נאָר אַזוי ווי ער איז איצט געגאַנגען פאַרהאַנדלען זיין גאַנצע פרייהייט פאַר אַ גוטן נדן, האָט ער זיך אויסגעאַר-בייט אַ טעאָריע, אַז יעדער מענטש מעג איינמאָל אין לעבן אָבטון אַ גרויסע שוויינערייַ, כדי דערנאָך צו קאָנען זיין אַ פיי-נער מענטש.

און זיין „ליבע” צו סאַלען איז טאַקי געווען די גרויסע שוויינעריי.

טריט נאָך טריט איז ער געגאַנגען צו זיין ציל, ער האָט דאָס מיידל אַלץ מער פאַרליבט אין זיך, געשפּילט האָט ער, ווי אַן אַקטיאָר און אַזוי שפּילענדיק האָט ער אַליין נישט באַ-מערקט, ווי ער פאַרשפּילט זיך אינגאַנצן מיט זיין פרייהייט, מיט זיין לייכטן שפּאַס און וויץ...

אַז מען וויל געלט, מוז מען עפּעס געבן דערפאַר און ער האָט זיך געגעבן, יעדע שעה פרייהייט האָט ער אָפּגעגעבן...

דינען אַ גאָלדענע קאַלב איז נישט אַזוי שרעקליך, ווען

דאָס קאַלב איז טויט, אָבער האָט דאָס קאַלב געלעבט, זי האָט פאַרלאַנגט מען זאָל זי קושן, זי האָט אַליין געקושט דעם לוס־טיקן בחור שוואַרץ, געטולעט זיך צו אים און גערעדט ווערטער פון איר ליבע... קעלבערשע ווערטער.

מיט זיך איז ער נישט אינגאַנצן דורכגעקומען. מיט סאָלן אינגאַנצן, אָבער מיט איר משפחה, מיט טאַטע־מאַמע, מיט קרובים. זיי האָבן נישט געוואָלט הערן פון דעם שידוך.

— אַזאַ קבצן, ווי קומט ער צו אונז?

ביי די העלערס אין שטוב האָט אַ האַלב יאָר זיך גע־שטיקט אַ שטורם. מען האָט נישט געשריגן, מען האָט זיך נישט געקריגט, נישט געשאָלטן איינער דעם צווייטן.

מען האָט געשוויגן. מען איז צוזאַמען נישט געזעסן ביים טיש.

סאַלע האָט ערקלערט, אַז נאָר שוואַרץ וועט זיין איר חתן, האָט דער טאַטע געזאָגט קאַטעגאָריש:

— ניין!

און די מאַמע האָט געוויינט.

סאַלע האָט געוואוסט, אַז אויב די מאַמע וויינט וועט זי אויספירען און שוואַרץ וועט זיין און בלייבן איר באַשערטער. די מאַמע וויינט... אַ קלייניקייט! דער טאַטע קאָן נישט זען קיין טרערען, עס צעשטערט אים די רויקייט און פאַר זיין רויקייט מעג די וועלט אונטערגיין.

די שטוב האָט אויסגעזען, ווי אין טעג פון גרויסן טרויער, פונקט, ווי עמיץ וואָלט דאָ געשטאָרבן און איינער דעם צווייטן וויל נישט מצער זיין. דער טאַטע האָט זיך אָנגעבלאָזן, ווי אַן אינדיק... מיט יעדער באַוועגונג זיינער האָט ער געוואָלט ווייזן, אַז זיין כבוד איז באַליידיקט.

סאַלע איז געזעסן ביי זיך אין מיידלשן חדר.

דערנאָך האָט זיך העלער אונטערגעגעבן, ווייל סאַלע האָט געסטראַשעט מיט שפּרינגען פון פענצטער, מיט סם, מיט שמד.

דער יינגערמאַן שוואַרץ האָט גענומען אַריינגיין צו זיי אין שטוב, צו ערשט צו סאַלן אין צימער, דערנאָך אין זאַל־

צימער, דערנאָך אין עס-שטוב. אַ פרעמדער ייד מיט אַ שוואַרץ רונד-פאַרשווירענע באָרד האָט אים געגומען זאָגן „דו", סאַלעס מאַמע האָט אים געזאָגט „דו". האָט ער געדעט אַ צו הויך וואָרט פלעגט מען אים בעטן:

— רעד נישט אַזוי הויך!

פלעגט ער נעמען זינגען — בעט מען אים:

— זינג נישט! צו וואָס זינגען? דאָ אַרום זענען שכנים, פאַררויכערט ער אַ פאַפּיראָס...

— רויכער נישט!

— טרינק בעסער אַ גלאָז טיי מיט קאָנפיטורן!

די קאָנפיטורן האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין הע-לערס שטוב. שטענדיק האָט מען געגעסן קאָנפיטורן. איבער-הויפּט זענען זיי געווען זיסע מענטשן די העלערס. זיסע מענטשן, וואָס האָבן ליב געהאַט זיסע זאַכן.

זי, די פאַני העלער, האָט זיך זער באַשעפטיקט מיט די קאָנפיטורן. פרעגלען פרעגעלט מען איינמאָל אין יאָר אינמיטן זומער, נאָר רעדן וועגן קאָנפיטורן קאָן מען דאָך דעם גאַנצן יאָר און באַלעקן זיך קאָן מען יעדן טאָג, עטליכע מאָל אַ טאָג.

זיצט מען ביים טיש נאָכמיטאָג. די גאַנצע משפחה מיט דעם צוקונפטיגן איידעם און סאַלעס מאַמע ברענגט קאָנפיטורן פון אַלע מינים. מען רעט פון קאָנפיטורן, מען בעלעקט זיך. די מאַמע דערצעלט נסים. ווי אַזוי זי האָט עס געפרעגעלט, ווי אַזוי די שכנים באַוואונדערן איר קאָנפיטורן-טאַלענט...

און מיט קאָנפיטורן איז שוין אַזוי. דער ערשטער לעק שמעקט און וואָס ווייטער ווערט עס ערגער, עס קריכט פון האַלדז...

ביי שוואַרצן האָט זיך גענומען קלעפּן די צונג און נישט נאָר די צונג: די נשמה האָט זיך אויך גענומען איינקלעפּן...

צו סאַליעס געליבטן גייען בקשות:

— מאָניק! פאַרזוך...

— חתן! פאַרזוך...

און דער חתן איז אין דער אמתן געווען אַ פרייער פויגל,

אַ גרויסער שטיפער און אַ וויצלינג... אים דאַכט זיך איצט אויס, אַז ער ווערט דאָ צוגעקלעפּט צום טיש, צום שטיל, צו די גוטע זיסע מענטשן, וועלכע באָדן זיך אין קאָנפּיטורן, זיינע וויצן האָבן זיך צוגעקלעבט אין האַלז, עס גייט אים דאָס לעבן נישט איין... און דאָ זיצט אים אַנטקעגן זיין כּלה סאַליע און ביי יעדער געלעגנהייט וואַרפט זי אַריין די נאַרישע פראַזע:

— מאָניק, ווען מיר וועלן חתונה האָבן...

מאָניק טראַכט:

— ווען מיר וועלן חתונה האָבן... וועסטו אויך פּרעג־לען קאָנפּיטורן.

אַזוי ווי זיי האָבן זיך אונטערגעגעבן, ס'איז קיין ברירה נישט געווען, אַזוי האָבן זיי אים אויך באַלד ליב באַקומען. זייערס אַ מענטש, ביי די העלערס אין שטוב האָט מען נישט פיינט... האָבן זיי אים ליב באַקומען, ווי אַן אייגענעם און גענומען זאָרגן וועגן אים. האָט ער זיך אַ ביסל פאַרקאַטערט...

— וועסט נישט אַרויסגיין, טאָרסט נישט אַרויסגיין, הייז אַ הער, מירן זען, צי דו האָסט נישט קיין היץ...

טו אָן וואַרעמע וועש!

— רויכער נישט...

מען האָט אים פּשוט דערשטיקט מיט ליבע.

יעדער פּראָטעסט, וואָס הויבט זיך אויף אין שוואַרצס נשמה, ווערט באַלד דערשטיקט אין דעם ניכטערן געדאַנק:

וואָס איז? אַלע ליבעס זענען אַזעלכע, אָבער נישט אַלע באַקומען אַזאַ רייכן שווער, — און דער בחור פלעגט באַלד חשבונען: צוויי טעכטער, מער קיין יורשים זענען נישטאָ... אַזוי פיל הייזער, געשעפטן, אַ פאַבריק, אַ וואַלד...

און סאַליע זיין כּלה...

זי איז אַ גאַנץ וואויל מיידל. אַ גוטע ביז גאָר. אַ קלוגע — דאָ פלעגט ער זיך אַביסל אָפּשטעלן און באַשליסן:

— נישט קלוג און נישט נאַריש.

אַ שענע?

דאָ פּלעגט ער זיך ווידער אָפּשטעלן:
— נישט שען און נישט מיאוס.
אָבער רייך איז זי און דאָס איז דער עיקר. אָבער אין דער אמתן איז דאָס נישט געווען דער עיקר.
ווייל דאַמאָלס, ווען מען האָט אַביסעלע פריי־הייט אין דער נשמה, ווען דער קאָפּ וויל פאַרשקלאַפן דאָס הארץ, חען מען מוז זיך אָפּרייסן פון אַלע איבעריקע מיידלעך, וועלכע האָבן טאַקי נישט אַזעלכע רייכע טאַטעס, נאָר זיי זענען באַוועגלעך און לעבעדיק, זינגענדיקע און טאַנצעדיקע, ווען מען מוז אַלץ ווייניקער פאַרברענגען מיט די בעסטע חברים און לויפן צו סאַליען...
נישט נאָר צו סאַליען, צו איר גאַנצע זיסער משפחה...
עס איז שווער, ווען מען מוז יעדן טאָג אויטקלויבן טרוש־קאַוועס אָדער מאַלינעס, אַגרעסן צו וויינפערלעך. און צום סוף פאַרזוכן פון אַלע סאָרטן קאָנפיטורן...
ווייל מען טאָר נישט באַליידיקן די צוקונפטיקע שוויגער, חייל זי אַליין — סאַליעס מאמע — האָט עס געפּרעגלט.
כאָטש ווערג זיך, נאָר פאַרזוכן מוז מען און טאַקע נישט איינמאָל, נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל...
דאַן ווען מען איז צו אים אַזוי גוט.
עס איז שווער, ווען העלער לייגט אים פאָר שפּילן אַ זעקס און זעכציק און דאָס איז נישט איין זעקס און זעכציק, נאָר צען, פופצען, צוואַנציק, און אין מיטן שפּילן טרינקט ער טיי, דער רייכער בעל־הבית, און ער טרונקט זייער לאַנגזאַם, דערביי פאַרבייסט ער מיט אַ לעפעלע קאָנפיטורן, דערביי רינט אַראָפּ פון לעפעלע אַ טראָפּן, אַ ראָזער קלעפּיקער טראָפּן קלעפּט זיך צו צו יענעמס באָרד. ער וויל נישט קוקן אויף זיין צו־קונפטיקן שווערס באָרד. נאָר ער מוז קוקן, עס ציט אים צו קוקן, דער זיסער לאַקריץ־טראָפּן לאָזט נישט צו־רו זיינע אויגן.
און דאָ אַנטקעגן זיצן די צוויי מיידלעך: סאַליע מיט איר שוועסטער און מען לעקט פון די טעצעלעך.
דאַכט זיך אים דאַמאָלס, דעם מאָניק שוואַרץ, אַז ער איז

אַרויפגעפאַלן, ווי אַ פליג אויף אַ זיסן פליגן־פּאַפּיר, ער וועט זיך שוין נישט ראַטעווען.

באַקאַנטע אין גאַס זאָגן אים אָפּט:

ביזט אַריינגעפאַלן אין אַ שמאַלץ־גרוב. שמייכלט ער און חיל ענטפערן:

— ניין! אין אַ טאָפּ מיט קאָנפיטורן. און ער פאַרטראַכט זיך אַמאָל וועגן אַלע רייכע חתנים: אויב אַזוי, אויב אַלעמען קומט זיך אויס אַזוי צו ווערגן מיט זייער גליק, דעמאָלסט איז דאָך גאָר ביטער אויף דער וועלט. דאָס זענען דאָך נישט קיין גליקלעכע חתנים, נאָר אמתע מאַרטירער.

באמת, אויף דער וועלט איז פאַראַן מער צרות ווי פרייד...

ער גייט צו די העלעס אַלץ מיט ווייניקער חשק, אָבער ער גייט דאָך... וואָס? עפּעס אַ קליינינקייט — אַזאַ נדן.

שוין שפּעט, ער גייט אַהיים. סאַליע בעגלייט אים ביזן טיר.

קיינער שטערט זיי נישט: חתן־כלה מעגן זיך צוקושן ביים געזעגנען.

האָט זי זיסע ליפּן פון די קאָנפיטורן, קלעפּט זיי זיך ביים קושן, רעגט עס אים אויף, עס עקלט אים און ווען ער לויפט ביינאַכט אויף דער גאַס, דאַכט זיך אים, אַז ער וויל שרייען:

— גוואַלט!

און ער רייבט און ווישט די ליפּן, סוף־כל־סוף וועט ער זיך אַ שטיק מויל אָפּרייבן...

די חתונה זאָל פאָרקומען אין האַרבסט, איצט איז די גאַנצע משפחה אויף זומער וואוינונג. מאָניק שוואַרץ איז אויך געקומען פון שטאָט.

געקומען צו זיין כלה, צו זיין סאַליע...

זי האָט זיך דאָ אַביסעל אָפּגעברענט פון דער זון, דאַכט זיך, אַז זי איז שענער געוואָרן אין די גרינע שאָטענס פון וואַלד, ער שפּאַצירט מיט איר, ער זיצט מיט איר ביים טייכל, קושט זיך מיט איר, ער איז יינג, דער זומער איז יינג, די וועלט איז יינג.

זיין כלה סאַליע איז אויך ייִנג...

נאָר ווען ער וויל זי שטאַרקער אַרומנעמען, כאַפּט זי זיך אויף און נעמט אים רופן אַהיים. זומער בייטאָג דער וואַלד איז באַהאָנגען אין זוניקע לענטעס פון בייטאָגיקע שטראַלען, דער וואַלד זינגט... וואָס וועלען זיי איצטער טון אין שטוב.

— קום, די מאַמע פרעגעלט היינט...

אָי, די קאָנפיטורן. אַ גאַנצן זומער פרעגעלט זי סאַליעס מוטער, היינטיקס יאָר באַדאַרף מען מער פרעגלען, ווייל אין האַרבסט איז דאָך סאַליעס חתונה...

און ווען ער קומט אַריין אין שטוב, מאָניק שוואַרץ, האָט ער זיך מורא צו עפּעס צורירן, ווייל אַלץ קלעפּט זיך מיט זיסקייט, ווייל אַלע טעלערס, אַלע כלים זענען אויסגעשמירט אין אַזאַ ראָזאָווע סאָק־זיסקייט, דער ערשטער איינדרוק איז, אַז דאָ איז פאָרגעקומען אַ בלוטיקע שחיטה...

איצט הויבט זיך אָן זיין אמתער גיהנום:

— מאָניק פערזוך!

— מאָניק, ווי געפעלט דיר?

ער לויפט אַרויס פון שטוב. אַ זומערדיקער פאַרנאַכט. בחורים מיט מיידלעך שפּאַצירן. אָפּגעזונדערטע פּאָרלעך באַהאַלטן זיך אין די שאָטענס, און ער שטייט דאָ ביי אַ פּאַרקאַן און עס דאַכט זיך אים, אַז ער איז דאָ צוגעקלעפּט, צום פּאַרקאַן, צו סאַליען, צו איר משפחה... צוגעקלעפּט מיט זיסע קאָנפיטורן...

עפּעס פּראָטעסטירט אין אים, און אַ צווייטער „עפּעס” באַרויקט. אָט באַלד ער וועט צעברעכן דעם פּאַרקאַן, אונטערצינדן די הויז, אויסגיסן די אַלע פּאַנען מיט דאָס קלעפּיקע...

ער וועט באַלד...

ניין! ער דערמאָנט זיך וועגן נדן און גייט צוריק אַריין אין שטוב...

דער זומער האָט זיך שוין געענדיקט, מען פּאָרט שוין צוריק קיין וואַרשע, מען האָט שוין אַהין אַוועקגעשיקט אַ גאַנצן

טראַנספּאָרט מיט קאָנפּיטורן, נאָר עטלעכע סלאָיען זענען געבליבן און ווער טראָגט עס אין וואַגאָן אַריין?
מאָניק...

ער איז דאָך דער איינציקער ייִנגער מאַנספּערזאָן, ער דאַרף, ער מוז צוהעלפֿן...

אין וואַגאָן פּאַסירט אַ אומגליק, אַ סלאָי מיט קאָנפּיטורן גליטשט זיך אַרויס, עס צעבּרעכט זיך און עס פֿערשמירט מיט קלעפּיקע זיסע פֿלעקען אַ קלייד פֿון אַ בייזער דאַמע, יענע מאַכט אַ סקאַנדאַל און מאָניק וויל שוין שפּרינגען פֿון פֿענצטער..

נאָר פֿון פֿאַרצווייפֿלונג נעמט דער בחור רעכנען:

— צוויי טעכטער, מער קיין יורשים זענען נישטאָ... אַזוי פֿיל הייזער, געשעפֿטן, אַ פֿאַבּריק, אַ וואַלד...

ער רעכנט און רעכנט און די פֿינגער קלעפּן זיך אים...

# מיין ערשטע ליבע

איך האָב דאַמאָלס געהאַט צוויי חברים: איינער פון זיי, שלמהקע גווירץ, איז געווען אַ רייכער יאַט. זיין טאַטע האָט געהאַט פאַבריקן און הייזער. דער צווייטער, סאַשאַ אַבראַמאָווסקי, האָט געהאַט אַ קלוגן קאָפּ. ער פלעגט עס מיט זיין קלוגן קאָפּ אַרויסבאַקומען ביי שלמהקען קליינגעלט פאַר אונז אַלע דריי. סאַשקאַ האָט שוין געהאַט אַ כלה, שלמהקע גווירץ האָט אויך געהאַט אַ כלה. נאָר איך האָב זיך געפּלאָנטערט אויף גאָטס וועלט אָן אַ באַשערטער, און איך בין דאָך שוין אַלט געווען אַכצן יאָר, מיינע צוויי חברים אויך פון די זעלבע יאָרן. חברים זענען מיר געווען טרייע. מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק איז די וועלט געווען אַביסעלע אָרענטלעכער ווי היינט. מען האָט איינער דעם צווייטן געגלויבט. אַ וואָרט איז געווען אַ וואָרט און טרייהייט איז געווען טרייהייט. מען האָט געליינט ביכער, געזונגען סענטימענטאַלע ראָמאַנסן, פאַרשטייט זיך — רוסישע. מען האָט מיטגעפילט די מאַרטירער פון רוסישן קאַמף פאַר דער פרייהייט. מען איז געווען אַ סך נאַאיווער, ווי היינט, אָבער דערפאַר בעסער אין כאַראַקטער.

איך האָב זער ליב געהאַט מיינע חברים, נאָר דאַמאָלסט, ווען זיי האָבן זיך „איינגעשאַפט“ כלות, האָב איך דערפילט אַ קנאה צו זיי. אמת, איך האָב עס דערשטיקט אין זיך, צעטראָטן, באַגראָבן און געריבן כסדר פון האַרצן יעדעס בלעטעלע פון דעם בייזן געפיל. אָבער שטענדיק ווען זיי פלעגן שפּאַצירן מיט זייערע מיידלעך און האַלטן זיי אונטער די אָרעמס... אַי, פלעגט עס מיך ערגערן. איך פלעג דאָך גיין מיט זיי צוזאַמען,

כמעט אומעטום. אָבער וואָס פאַר אַ פּנים האָב איך געהאַט? ווי אַ פינפטער ראָד צום וואָגן האָב איך אויסגעזעען.

ווען זיי וואָלטן אַרויסגעוויזן צו מיר אַ טראָפּן איינגעהאַלטנקייט, ווען זיי וואָלטן מיך נישט געדולדיקט — קיין רגע וואָלט איך מיט זיי נישט געבליבן. דאָ איז אָבער געווען פאַרקערט: אַלע האָבן זיי מיך ליב געהאַט און נישט אָפּגעלאָזן פון זיך.

און די צוויי מיידלעך זענען געווען שענע, — אַזוי האָט עס דאַמאָלס פאַר מיר אויסגעזעען. די שענסטע מיידלעך פון דער וועלט האָבן זיי אויסגעקליבן, מיינע גליקלעכע צופרידענע חברים, מיט אַלץ פלעגן מיר זיך טיילן: מיט יעדן גראָשן, מיט ביכער, מיט שטעקעלעך און קראַוואַטן... אָבער די מיידלעך האָבן זיי פעסט געהאַלטן אונטער זייערע אָרעמס און געטוליעט צו זיך...

איך האָב מקנא געווען, איך האָב געאייפערט, איך האָב דערזעען, אַז עס איז פאַראַן אַ זאַך מיט וועלכער מען קאָן זיך נישט טיילן, מען טאָר זיך נישט טיילן.

און די מיידלעך אַליין... עס האָט זיך שוין געוואָלט אַ קוש געבן, אַ שעמעוודיקן קוש פון אַן אכצן-יעריקן בחור. וואָטש מיינע חברים זענען שוין גאָרנישט שעמעוודיק געווען. זיי זענען געווען אין מיינע יאָרן, נאָר דרייסט זענען זיי און חוצפה׳דיק און גערעדט האָבן זיי רייד וועגן פרויען — איך ווער נאָך איצטער רויט ווען איך דערמאָן זיך.

איצט צוליב די „כלות״ זייערע האָט זיך עפּעס איבערגעריסן צווישן אונדז, ניין! נישט איבערגעריסן — מיר זענען געבליבן, אָבער אַ שטיק בליי האָט זיך געלייגט אויף אונדזער פריינדשאַפט.

אַ וואַנט האָט זיך געשטעלט צווישן מיר מיט מיינע חברים, אָט גאָרנישט... אין געמיינזאַמען שפּאַצירן, אין זיצן אויף אַ באַנק אין גאָרטן, פלעג איך דער „פינפטער ראָד צום וואָגן״ פלוצלינג אַנטשוויגן ווערן. די ליפּן פלעגן זיך ביי מיר פאַרשליסן און דאַמאָלס האָט די וועלט אויסגעזעען אין מיינע אויגן, ווי אַ מאוסע מכשפה, וואָס טוט די גוטע מענטשן אויף צו להכאיס זי פייניגט זיי מיט גיהנום-פּיין...

און איינער פון די גוטע מענטשן בין איך דאָך געווען.

מיינע חברים מיט זייערע מיידלעך פלעגן מיין שווייגן באַמערקן און מען פלעגט מיך נעמען מונטערן:

— וואָס איז דיר?

— וואָס שווייגסטו?

— ווער שווייגט? איך שווייג!

— אודאי שווייגסטו...

— איך?

— יאָ, דו...

— איך הויב נישט אָן צו שווייגן.

פלעגן זיי נעמען פון מיר חוזק מאַכן: אַ מענטש רעדט נישט קיין וואָרט, און האַלט איצט אין שרייען, אַז ער שווייגט נישט.

פלעג איך איצט אויף אַן אמת ברוגז ווערן.

איך די „ברוגזע, באַליידיקטע, איינזאַמע מענטשהייט" פלעג אַ וואָרט נישט ענטפערן. וואָס זאָל איך זיי זאָגן? וואָס? אפשר זאָל איך מיט כעס אויסשרייען: „איך וויל אויך אַ כלה!".

מיינע פאַרליבטע חברים האָבן אודאי שטאַרק געליטן פון דעם. זיי האָבן געוואָלט די זאַך פאַרריכטן, זיי האָבן געוואָלט, אַז צווישן אונדז זאָל בלייבן אחדות, גלייכקייט און ברידערלעכקייט. ווייזט אויס, אַז אונטער מיינע אויגן זענען פאָרגעקומען באַראַטונגען, קאָנפערענצן. די רעזולטאַטן פון זייער גוטן געפיל צו מיר האָב איך אַליין שפעטער פאַרזוכט...

דאָס זענען געווען גוטע חברים, טייערע טרייע חברים...

זיי האָבן געפונען אַן עצה צו דער צרה, זיי זענען געווען כיטרע יאַטן. אָט ווי זיי האָבן געראַטעוועט די סיטואַציע: איינע פון מיינע חברימס כלהס האָט געהאַט אַ חברטע. גיטל האָט זי געהייסן. און די גיטל איז אייגנטלעך נישט געווען קיין גיטל נאָר אַ גיטעלע. זי איז געווען זער אַ קליינע, איר קליינער וואוקס האָט געשפילט אַ גרויסע ראָל אין מיין באַציונג צו איר און צו מיינע חברים.

נישט אומזיסט האָט אַ פילאָזאָף געזאָגט, אַז די קליינ־קייטן שפּילן די גרעסטע ראָל אין אונדזער לעבן, דאָס וואָס גיטל איז געווען אַ קליינע, די קליינקייט האָט אויך געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין מיין באַציונג צו איר.

די גיטל, אָדער גיטעלע... זי איז געווען אַ בת־יחידה ביי רייכע טאַטע־מאַמע. טאַטע־מאַמע איז געווען פאַרזאָרגט מיט אַל־דאָס גוטס און זיי פלעגן אויף זומער אוועקפאָרן אין קאַרלס־באַד צי קיין מאַריענבאַד. גיטל פלעגט בלייבן די בעל־הבית׳טע פון דער גאַנצער שטיב. דאָרט פלעגן מיר זיך צונויפקלייבן און פאַרברענגען. אַ סך חפצים, ביכער, קאַנאַפּעס און אַ קלאַוויר, בלומען־טעפּ, בילדער אין גאָלדענע ראַמען, אַ סך רייכקייט איז דאָרט געווען, מיר האָט דאָרט אַלץ איבערראַשט. איך האָב ליב געהאַט אַהין צו קומען אין „יידישן פּאַלאַץ" — אַזוי פלעג איך עס אין די געדאַנקען אָנרופן.

אַלץ פלעגט מיר דאָרטן געפעלן ווערן, די גרויסקייט פון די חדרים, די ברייטע פענסטער, אונטער וועלכע עס איז געווען אַ גאָרטן מיט עטלעכע אַלטע בוימער.

אַ ביסל אַלטמאָדישקייט, אָבער רייך, אַ סך רחבות, אַ סך ירושה־זאַכן, מיט אַ גרויסע אייזערנע קאַסע, די ערשטע אייזערנע קאַסע, וואָס איך האָב געזען אין מיין לעבן. אַ שטוב וואָס האָט געניייגערט מיט אירע טונקעלע ווינקלען, וועלכע די שווערע שטאָרן פלעגן פאַרשאָטענען...

מיינע חברים פלעגן מיר דאָרטן אויסזעען שענער, ליבער, היימישער...

און גיטל?

איך האָב נישט געהאַט צו איר קיין געפיל, נישט געהאַט קיין הארץ פאַר איר. כאָטש זי איז געווען אַזוי קליין איז זי געווען אַ סך עלטער פאַר מיר, עס האָט נישט געהאָלפן, וואָס זי פלעגט זיך חנדלען, ווי אַ יינגעטשקע. אמת, איך בין נאָך יינג געווען, אָבער זיך גענאַרען האָב איך נישט געקאָנט. גיטל איז נישט געווען מיין טיפּ. מיט איר קליינעם וואקס, מיט אירע קורצע פיס, אַזעלכע מאָדנע פיס, כמעט קרומע כמעט קאַטשקע.

פיס, פלעגט זי מיך נישט אַריינברענגען אין קיין גוטע שטי־מונג. און אַזוי ווי מיינע חברים שלומהקע, גווירץ און סאַשקע האָבן שוין געהאַט כלות, מיט וועלכער זיי זענען שטענדיק געווען פאַרנומען, איז שוין אַזוי אויסגעקומען, אַז גיטל פלעגט שטענדיק זיין נעבן מיר און איך נעבן גיטלען, איך פלעג דאָס אויסמיידן, געוואָלט זיך שטענדיק אַביסעלע אָפּרוקן.

נאָר מיינע חברים מיט זייערע כלות האָבן די זאַך פאַר־שטאַנען אַנדערש: צוליב שלום־בית, צוליב זייער טובה און צוליב מיין טובה האָבן זיי אויסגעפינען, אַז גיטל פאַסט פאַר מיר און איך פאַר גיטלען...

מען האָט עס מיר עטלעכע מאָל געגעבן אָנצוהערן, מען האָט עס געמאַכט זער קלוג, זער דיפּלאָמאַטיש, פאָרזיכטיק. יינגעלייט זענען מיינע חברים געווען, נאָר דערביי געבוירענע דיפּלאָמאַטן.

מען האָט עטלעכע מאָל צו מיר גערעדט וועגן גיטלס רייכקייט...

— אַ בת־יחידה, אַזוי פיל רייכקייט.

און די כלות פלעגן רעדן צו מיר, אַז גיטל איז זער אינטעליגענט, אַז זי האָט שענע האָר, שענע ברעמען. פאַרשטייט זיך, וועגן דעם, אַז גיטל זעט אויס ווי אַ מפּיל־קינד, וועגן די פּיס אירע, וואָס זענען ענלעך צו קאַטשקע־פּיס, וועגן דעם האָט מען נישט דערמאָנט.

און איך?

ווייזט אויס, אַז איך בין דאַמאָלס געווען זער אַ שוואַך מענטשעל. איך האָב נישט פּראָטעסטירט קעגן די נישט געבעטענע שדכנים. איך האָב זיך געלאָזן פירן פון פרעמדע, געלאָזן זיך איינרעדן, געמאַכט זיך, אַז איך פאַרשטיי נישט, וואָס מען וויל פון מיר און... איך האָב שוין אויך געהאַט אַ כלה...

אמת, איך האָב נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס דאָס האַרץ קלעמט מיך אַזוי, אַז מען האָט שוין אַ כלה באַדאַרף קלעמען דאָס האַרץ? ווייזט אויס, אַז דאָס איז שטענדיק אַזוי, שטענדיק, ווען אונדזער פּאָס שטימט נישט מיט אונזער געוויסן און געפיל,

דאַמאָלט פילט מען זיך אַזוי ווי אָפּגעשמיסן פון זיך אַליין...

אָבער קיינער טאָר עס נישט וויסן, וואָס עס טוט זיך זיך אין אונדזער האַרץ, מען מוז איינרעדן אַלעמען און זיך אַליין איינרעדן אַז אַלץ איז אין דער בעסטער אָרדנונג.

גיטל איז געוואָרן מיין כלה. ניין! נאָכמער ווי אַ כלה, — אַ געליבטע...

דריי בחורים, דריי יינגע פריינד מיט דריי כלות. אַ דריי־פּאַכיקע אידיליע. מען האָט אונדז אומעטום געזען צוזאַמען. אָבער קיינער האָט נישט געוואוסט, וואו מיין האַרץ איז? פאַר גיטלען, מיט גיטלען איז זי נישט געווען. ווער ווייסט? עס קאָן זיין, אַז איך וואָלט זיך צו איר צוגעוואוינט, עס קאָן זיין, אַז דאָס וואָלט געווען אַ גליקלעך פּאָר און איצט וואָלטן מיר שוין נחת געהאַט פון אַנ׳אייניקעל... נאָר איר וואוקס האָט צושטערט די אידיליע.

מיר גייען אַלע דריי שפּאַצירן. שלומהקע און סאַשקע האַלטן זייערע כלות אונטער די אָרעמס. איך... מיך האָט גאָט געבענטשט מיט אַ הויכן וואוקס, ווען איך זאָל וועלן נעמען מיין כלה אונטערן אָרעם, דאַמאָלט מוז איך זיך אַראָפּבויגן כאָטש אויף אַ מעטר. ווי וואָלט עס אויסגעזען? אמת, זי פלעגט זיך אָנהענגען מיט איר קורצער האַנט אָן מיר, אָן מיינע אָרעמס... האָט עס אויסגעזען ווי חוזק, ווי אַ צוטשעפּעניש און מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די גאַס לאַכט...

איך בין נאָך געווען צו־יינג, אַז איך זאָל ערלויבן מען זאָל פון מיר חוזק מאַכן. צו יינג און צו היציק. איך האָב זיך פאַר דעם געשראָקן און איך פלעג זיך צוקוקן און צוהערן צו יעדער באַוועגונג אַרום מיר... טאָמער שפּאַסט ווער, טאָמער ווינקט ווער אויף מיין חשבון...

אָבער אַ שטיק צייט איז אַלץ געגאַנגען נישקשה... איך האָב זיך „געהאַלטן״ מיט גיטלען. איין זאַך האָב איך דאָך אויסגעפירט. איך בין מער נישט געווען קיין „פינפטער ראָד צום וואָגן״ איך בין געווען אַ גלייכבאַרעכטיקטער אין מיין קרייז.

זיי האָבן כלות מיינע חברים — איך האָב אויך אַ כלה.

איך האָב זיך געהאַלטן, עס קאָן זיין דערפאַר, ווייל איך האָב נישט געוואָלט איבעררייסן מיט מיינע חברים. איך האָב עס זיי צוליב געטון, וואָס איך האָב זיך אַרומגעפירט מיט גיטלען. עס קען ווידער זיין, אַז מיך האָט צוגעצויגן איר טאַטנס רייכקייט... עס קאָן אַלץ זיין: קיין נחת האָב איך נאָך פון מיין לעבן נישט געהאַט און דער דלות איז געווען מיט מיר פון מיין קינדהייט אָן אַ גרויסער ידיד... איך האָב זיך אַ צייט געהאַלטן מיט גיטלען. געזוּנגען האָט נישט מיין האַרץ פון ליבע. איך האָב זיך כסדר געפילט, ווי אַן אָפּגעשמיסענער. אין שטאָט האָבן שוין מענטשן גערעדט, אַז איך האָב אַ כלה און אַז גיטל האָט אַ חתן... איך פלעג אַמאָל דאָס הערן. און מענטשן זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן מיר מקנא געווען. אַ קלייניקייט: אַזאַ רייכקייט! מיינע צוויי חברים מיט זייערע כלות האָבן טריומפירט, זיי האָבן אויסגעפירט, וואָס זיי האָבן געוואָלט. איצט האָב איך זיי שוין נישט געשטערט מיט מיין קנאה-שווייגן. זיי האָבן מיר אויך נישט געשטערט...

אָבער דעם אמת מוז מען זאָגן: איצט האָב איך זיי נאָך מער מקנא געווען. די צוויי כלות פון מיינע חברים האָבן אויס-געזען, קלעאָפּאַטרעס אין מיינע אויגן. איינע פון זיי איז געווען אַ בלאָנדינקע און די גאָלדענע האָר אירע האָבן געלויכטן און גערייצט אויף צו להכעיס, די צווייטע איז געווען שלאַנק מיט אַ פּאָר חן-גריבעלעך אין די בעקלעך... ניין! גיטל האָט מיט גאָרנישט גערייצט, מיט גאָרנישט צוגעצויגן, וואָס נעבעך זי פלעגט זיך צוריקן צו מיר, אַלץ שווערער איז מיר געוואָרן. אַרויסגעגן מיט איר אויפן גאַס איז געווען אַ צרה פאַר מיר...

און צימער קאָן מען זיך אַוועקרוקן אין אַ ווינקל, אַריינ-קוקן אין אַ בוך אָדער גאָר אַרויסקוקן פון פענצטער. אָבער אויף דער גאַס: שטענדיק לעם איר, רעדן צו איר, אויסהערן אירע נאַרישקייטן. ווייל דאַמאָלס, ווען דו האָסט נישט ליב דער פרוי, איז אַלץ וואָס זי רעדט איז נישט מער. ווי אַ נאַרישקייט. איך בין דאָך געגאַנגען, איך בין שטאַרקער געווען פון זיך.

**בין איך האָב שוין געהאַט אַ מפּלה, אַ מיאוסע מפּלה,**

אונזערע דריי געבענשטע פּאָרלעך האָבן שפּאַצירט אויף דער שענסטער גאַס. פרייטאָג צו נאַכטס, די גאַנצע שטאָט איז אַרויס אין זומערדיקען אָווענד שפּאַצירן. און געווען איז דאָס פאַר מיר גראָד אַ גוטער מאָמענט, איינער פון יענער מאָמענטן, ווען דו מאַכסט שלום מיט דיין גורל. אַלץ האָט אויסגעזען גוט, נישקשהדיק. די חברים מיינע זענען גוטע חברים, גיטל איז נישט קיין שלעכטע כלה, דער אָווענד איז גוט, די וועלט איז גוט...

פּלוצלונג זענען פון טראָטואַר אַראָבגעשפּרינגען עטליכע גאַסן-אינגלעך. זיי זענען אונדז פעךלאָפן דעם וועג און זיי קוקן אויף אונדז פנים אין פנים... און איינער פון די וואויל-יינגישע יאַטן רופט זיך אָב צו זיינע חברים...

— גיב נאָר אַ קוק, אַ לאָקש מיט אַ פאַרפעל. — אונדז מיך מיט גיטלען מיינען זיי דאָס.

און איין לאָבוז שרייט אויס:

— לאָקש!

דער צווייטער אַקאָמפּאַנירט אים:

— פאַרפעל!

איך ווער ווילד פון צאָרן און די צוויי גאַסן-יינגלעך שטעען און לאַכן מיך גלייך און פנים אַריין, ביידע עפענען די פאַרשאָלטענע מיילער מיט די ווייסע ציין און לאַכן, ווי די שדים. זיי האָבן עס געפּאַקט דעם אמתן יאָלד פון ווען חוזק צו מאַכן און זאָל איך פּרובן פּראָטעסטירן, וועלן זיי באַלד נאָך עפּעס ערגעס זאָגן...

רבונו של עולם! פאַרוואָס האָט זיך דאַמאָלס נישט געעפענט די ערד? ווען עס וואָלט זיין אַ טיפע גרוב, אַ קאָלך-אויוון, אַ גיהנום, אַ לייבן-שטייג... איך וואָלט אַהין געשפּרינגען אָן שום קלערעניש. נאָר קיין גרוב איז נישט געווען. אַ קאָלך-אויוון איז געווען מיין הארץ, וואָס האָט געפּלאַקערט פון וזרפה, ווייזט אויס, אַז די פיס האָבן מיר נישט געדינט... פאַרוואָס בין איך נישט אַנטלאָפן אונטערן שטאָט, באַהאַלטן זיך אויפן בית-עולם און אויסגעוויינט פאַר מיין זיידן דאָס האַרץ.

דאָס, פאַרוואָס איך האָב מורא געהאַט, דאָס האָט פּאַסירט, עס איז אויסגעבראָכן, עס האָט זיך פאַרניכטעט, קליין געמאַכט ביז גאָר.

און זי, גיטל? זי האָט נישט געהערט. צי זי האָט זיך נישט געמאַכט הערענדיג. לאָקש! פאַרפעל! פאַר איר איז דאָס גאָרנישט. איך? איך בין געוואָרן אַ ציל פאַר די גאַסן-יינגן. און אַלץ דערפאַר, ווייל מיינע חברים שלמהקע און סאַשקע האָבן זיך געוואָלט פון מיר אָבטשעפּן. זיי האָבן שענע כלות, זיי וועט קיינער נישט באַליידיקן אויף אַזאַ אופן.

אין יענעם אָוונד איז מען אָוועק נאָכן שפּאַציר צו גיט-לען אַ היים, ווי אַזוי איך האָב דערשלעפּט די פיס ווייס איך נישט... און דאָ האָבן זיך אַלע דריי פּאָרלעך איינגעטיילט אין באַזונדערע צימערן.

טונקעל, נישט אָנגעצונדן קיין פייער. שטימונג, ליבע, גע-פילען, די צוויי חברים מיינע... אַ קנאה, אַ ביטערע קנאה האָט זיך אָנגעצונדן צו זיי אין מיין האַרצן. מיך האָבן זיי געלאָזט מיטן „פאַרפעל"...

מיך האָבן זיי איינגעשדכנט אַ גיטל מיט קאַטשקע-פּיסלעך און אַליין פאַרברענגען זיי דאָ מיט זייערע „קראַסאַוויצעס". אַ שטורם האָט זיך אויפגעהויבן אין מיר און דער שטורם האָט געזאָלט געפינען אַן אויסוועג.

אָט באַלד. איך וועל אַריינלויפן צו „זיי" דאָרטן און זיי אָפּרייסן פון די שענע כלות. איך וועל די שפּיגלען, די שויבן אויסהאַקן און צע-ברעכן... אָבער דאָס ראַציאָנאַלע, דאָס רויקע האָט אין מיר געזיגט.

איך האָב אויסגענוצט די געלעגענהייט: גיטל איז אַריין אין צווייטן צימער. איך האָב דערפילט אַ שרעק: זי וועט דאָך באַלד צוריקקומען.

— ראַטעווע זיך:

און איך בין אַרויסגעשפּרינגען פון פענצטער אין גאָרטן אַריין. פון גאָרטן איבער אַ פּאַרקאַן, אויפן הויף, אויף דער גאַס...

און אַ סוף האָט עס גענומען מיטן „פאַרפעל", מיט מיינע חברים, מיט אַלץ און מיט אַלעמען...

# איז שטעטל ביים דאָקטאָר.

איך בין צופעליג אין אַ קליין שטעטל, וועלכע ליגט פיערצן קילאָמעטער פון אַ קליינער באַן־סטאַציע. אָט די פיערצן קילאָמעטער ווייט פון אייזערנע רעלסן רייסן דיך אָב פון דער וועלט. ווי אין אַ טאָל אַריינגעפאַלן.

צו גאַסט ביים דאָקטאָר פון שטעטל. ער איז זער צופרידן פון אַ נייעם מענטשן, ער לאָזט מיך נישט אָב, איך קאָן אים פון שטאָט פון אַ סך פערגאַנגענע יאָרן, ער איז געווען אַ באַוועגליכער פלינקער בחור און איצט קוק איך זיך צו: דער מענטש ווערט לאַנגזאַם אַ בער, ער ווערט שווער אין די טריט, שווער אין רעדן און גוטמוטיג איז ער געוואָרן צו דער וועלט, צו מענטשן.

ער רעט:

— מען דאַרף ליב האָבן די מענטשן. מען מוז זיי ליב האָבן. דאָ אין שטעטל האָב איך עס דערפילט די גרויסע נויטיקייט ליב צו האָבן די מענטשן, אין דער גרויסער שטאָט זענען צוגעמאַכט די טירן און צוגעמאכט די נשמות, אַז אַ דאָקטאָר קומט צו זיי דערציילן זיי אויך נישט אַלץ... דאָ אין שטעטל דערציילט מען נאָך צו פיל, אָבער צו וואָס דערציילן זיי? איך עפן אויף די טיר פון אַ קבצנישן שטוב און אַלץ אַנטפּלעקט זיך פאַר מיר, איין קרעכץ דערציילט מיר אַלץ. איך ווייס דאָ אין שטעטל, ווי אַלע טירן עפענען זיך, איך ווייס ווער עס דאַרף אין גיכן שטאַרבן פון אַלטקייט און ווער עס דאַרף אומקומען פאַר דער צייט. אין מיין נשמה קוקן אַריין בליקן פון לעבנס, וואָס רייסן זיך צום לעבן מיט דער גאַנצער קראַפט.

איך האָב פּאַר מענטשן אַ פולן קאָפּ מיט אויסגעטראַכטע טרייסט-ווערטער, איך בין דער גרעסטער ליגנער דאַמאָלס, ווען עס איז נויטיק, אַז אַ געפערליכער פּאַציענט זאָל איבערשלאָפן אַ רויקע נאַכט... אפשר די לעצטע, אפשר די פאָרלעצטע נאַכט.

דער דאָקטאָר מיין פריינד, רעט זיך אויס פאַר מיר, פונקט, ווי איך וואָלט זיין אַ דאָקטאָר, עס אינטערעסירט אים ווייניג, צי איך וויל דאָס הערן...

ער האַלט מיך פאַר זיינעם אַ מענטש און איך מוז זיין דער קרבן.

דער דאָקטאָר, דערציילט מיר, אַז זיין פרוי איז אין שטאָט ביי אירער אַ שוועסטער, וועלכע האָט אַ קינד געבוירן, און אין שטעטל האָט מיר איינער אַ נישט געפרעגטער געזאָגט, אַז דעם דאָקטאָרס ווייב האָט אַ פריינד אין שטאָט, אַ פריינד נישט קיין דאָקטאָר...

און עס וואונדערט אַביסל: דער דאָקטאָר רעט וועגן זיינע פּאַציענטן — דערמאָנט ער נישט זיין פרוי?

מיר זיצן און רעדן, נאָר יעדע האַלבע שעה רייסט מען איבער: אידענעס, קינדער... מען קומט רופן דעם דאָקטאָר צו אַ חולה

עס קומט אַריין אַ אידענע:

מיין שמואל איז עפּעס נישט מיט אַלעמען — און דער דאָקטאָר גייט צו שמולאָן.

דאָס גאַנצע שטעטל איז זיין משפחה...

ער קלאָגט זיך, אַז אים איז באַשערט געווען אַן אונגליק. די מענטשן פון זיין שטעטל האָבן אים ליב באַקומען. זיי האָבן פאַרטרויונג צו אים, און אַזאַ ליבע, אַזאַ פאַרטרויונג שמיט שטאַרקער צו ווי קייטן. איך ווייס, אַז זיין ווייב פייניגט אים:

— אין שטאָט. אַנטלויפן אין שטאָט אַריין. ער זאָגט אַז ער פילט זיך דאָ גוט, און זי האָט איין וואָרט: „שימעל"...

איך ווער דאָ פאַרשימעלט.

עס העלפן נישט זיינע פילאָזאָפיעס, אַז די גרויסע שטאָט איז אויך נישט מער, ווי אַ קליין שטעטל, אַ סך שטעטלעך צו-

זאַמענגעגומען מיט די זעלבע קליינליכקייטן, מיט די זעלבע רכילות... ניין! זי, זיין פרוי, דערוויטערט זיך פון אים — פאַר איר איז ער קיין דאָקטאָר נישט.

פאַר די עטליכע טעג, וואָס איך בין ביי אים, האָט ער שוין פאַר מיר אויסגערעדט אַ וועלט מיט קליינע געשיכטעס פון שטעטל, ער רעדט מיט מיר וועגן אַלץ, וועגן די לעצטע מעדי-צינישע איבעררעשונגען, אפילו וועגן ליטעראַרישע דערשיינונגען, ער אינטערעסירט זיך מיט אַלץ, שרייבט כסדר אויס ביכער און דערביי באַקלאָגט ער זיך, אַז דאָ אין שטעטל איז דאָס אַלץ נישט נויטיק:

— מען זעט אַנדערש דאָס לעבן און מען לעבט אַנדערש.

ער רעדט מיט מיר וועגן אַלץ, נאָר נישט וועגן זיין פרוי. אַ שען פּאָרטרעט הענגט אויף דער וואַנט און קוקט מיט אַ שמייכל אויף אונדז ביידן, פּונקט ווי זי וואָלט רעדן:

— שמוסט זיך אויס... מיר איז דאָ לאַנגווייליק.

און דעם דאָקטאָר מוז אויך זיין לאַנגווייליק. ער מוז ליידן, ווען ער קוקט אויף דעם פּאָרטרעט פון זיין פרוי. אַ פּאָרטרעט רעדט נישט, אַ פּאָרטרעט קושט נישט, אַ פּאָרטרעט פון אַן אייגענע פרוי, וועלכע אַנטלויפט ביי דער ערשטע געלעגנ-הייט פון מאַן אין שטאָט אַריין — דאָס איז אַ בייזער צו להכעיס.

פאַרוואָס נעמט ער נישט אַראָפּ, מיין פריינט דער דאָקטאָר, דעם פּאָרטרעט פון דעם וואַנט? צו וואָס באַדאַרף ער די אינ-קוויזיציע?

איך פיל זיין רויקייט, איך פיל זיין ליבע צו אָרעמע מענטשן, ער איז גאַנץ אין זיין גרויסמוטיקייט, און איך בין גרייט אַ שונא צו ווערן יעדן, ווער עס טוט אים שלעכטן... איך בין שוין אַ שונא זיין ווייב, וועלכע לאָזט אים איבער אַליין צווישן די גרויע טעג פון שטעטל.

מיין דאָקטאָר לאָזט מיך נישט אָב. ער רעדט מיט מיר פון שטאָט און וועלט, ער רעדט פון פּאָליטיק. ער רופט אָן נעמען און געשעענישן... אָבער עס דאַכט זיך מיר, אַז דער מענטש וויל זיך ווייזן, אַז ער איז אַקטועל, ער איז נישט אָב-

געשטאָרבן, ער ווייס פון אַלץ. ליבער פריינט! צו וואָס איז דאָס נויטיק? אונדזער וועלט איז דאָרטן, וואו מיר לעבן און אַרבעטן...

„מיין שמואל איז עפּעס נישט מיט אַלעמען", — און מיר דאַכט זיך, אַז דאָס איז נישט קלענער בעת מען זאָגט, אַז „די וועלט איז נישט מיט אַלעמען".

ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט געבראַכט דעם ראַדיאָ אין שטעטל. און פון זיבן אַ זייגער פאַרנאַכט פּייניקט ער מיך און זיך...

מיר כאַפּן קלאַנגען, מיר הערען זיך צו צו דער וועלט... וואָס מורמעלט זיך דאָרטן?

ווען דער דאָקטאָר פאַרטיפט זיך שטאַרק אין די פּאַליעס, באַגריי איך מיינע אוירן. איך פיל זיך בעסער אָן דעם... איך קאָן טראַכטן, וואָס איך וויל, איך קאָן אפילו פאַנטאַזירן און אויסטראַכטן אַזעלכע זאַכן, וואָס דער מענטש וועט קיינמאָל נישט פאַרווירקליכן. איך אַליין פאַר זיך קאָן דאָך פון אַלץ פאַנטאַזירן, יעדער איינער פאַר זיך אַליין קאָן דאָך בויען די שענסטע שלעסער — אַ צווייטער העלפט דאָ גאָרנישט צו...

דער דאָקטאָר האָט צו מיר פּרעטענציעס:

— מאָסקווע רעט... עס אינטערעסירט אייך נישט?
— ניין... יאָ... ס'איז מיר אַלץ איינס.
— איר האָט פיינט ראַדיאָ?
— ניין!... נאָר אָפטמאָל פיל איך דערצו אַ שנאה, אַן אויפרעגונג...
— פאַרוואָס?
— עס האָט עפּעס צוגענומען ביי מיר, עס נעמט צו...
— וואָס?
— עס נעמט צו ביי מיר דאָס שענסטע, וואָס מיר האָבן אַלע געהאַט ביז היינטיקן טאָג, אַלע די וועלכע קאָנען נאָך אַביסל פאַנטאַזירן, עס נעמט צו ביי אונדז די ווייטקייט, דעם חלום פון ווייטקייט. שטעלט זיך פאָר, די אַלע ערפינדונגען

וועלן ברענגען דערצו, אַז די וועלט וועט צו נאָענט ווערן, אַזוי־נאָענט ווי אייער שטעטל מיט שמואלן, וועלכער „איז עפּעס נישט מיט אַלעמען״.

— וועט דאָך זיין גוט...

— עס וועט זיין ענג, מען וועט אַלץ זעען און אַלץ וויסן, דאָס אויג וועט שוין נישט האָבן וואָס צו זוכן...

דער דאָקטאָר לאַכט און ענטפערט:

— וועלן די פאַנטאַזיאָרן קוקן מער אויף די שטערן...

— די שטערן ווערן אויסגעפאָרשט.

— וועלן זיי קוקן איבער די שטערן.

דאָ האָב איך שוין נישט וואָס צו ענטפערן און איך באַרויק זיך. איך פאַרדעק ווידער מיינע אויערן מיט צוויי שוואַרצע דעקלעך און איך האָרך, איך שלינג אַ קאָנצערט אַ סימפאָניע... ווין שפּילט...

אין ווין האָבן זיי זיך אויסגעלערנט וואונדערבאַר צו שפּילן. זיי האָבן שוין דאָרט זיך דערגרייכט דאָס העכסטע... ווייטער גיין קאָן מען נישט און כּדי זיך צו ראַטעווען פון דער פאַרענדיקייט מוזן זיי, די מענטשן צוברעכן די פידלען, פאַרברענען די נאָטן און אָנהויבן ווידער אויף ס׳נײַ.

אַ רגע, — איך ווער אַליין פאַרשלונגען פון די קלאַנגען. איך האָב אפילו נישט באַמערקט, ווי דער דאָקטאָר איז פאַרשוואונדן געוואָרן פון חדר..

מען האָט אים אַוועקגערופן צו אַ חולה — אפשר וועט ער אים היילן מיט דער ווינער סימפאָניע?

ווען איך בלייב אַליין אין חדר, פאַלט אַראָפּ מיין בליק אויף דעם פּאָרטרעט פון דאָקטאָרס פרוי. עס דאַכט זיך מיר זי שמייכעלט און פרעגט: — ווי געפעלט ער אייך דער גוטמוטיקער נודניק? מיר איז לאַנגווייליק מיט אים...

*

אַ טאָג פאַר מיין אַוועקפאָרן איז דעם דאָקטאָרס ווייב צוריקגעקומען פון שטאָט, עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דער

פּאָרטרעט פון דער וואַנט איז אַראָפּ אין די צימערן און דער דאָקטאָר האָט געשמייכעלט... אפשר זיך באמת צו שמייכלען?
זי האָט דערציילט פאַר אונזביידן, וואָס זי האָט אין שטאָט געטון...

איך האָב געטראַכט: נישט געשטויגן נישט געפלויגן. אַ פרוי, וואָס האָט אַ פריינד אין אַ פרעמדער שטאָט דערציילט נישט דעם אמת — דאָס איז מער ווי אַ געזעץ.

אין אָוונט איז דער דאָקטאָר אַוועק צו די קראַנקע און מיר זענען געבליבן אַליין. זי האָט גערעדט, זי האָט אַ סך גערעדט...

אַ פיבער איז דאָס געווען, ווייזט אויס, אַז זי האָט געבענקט נאָך דער שטאָט.

די לאָדענס זענען געווען צוגעמאַכט און אַ ווינט האָט זיך געלאָזט וואוילגיין איבער די נידריקע דעכער פון שטעטעל... זי האָט געכאַפּט דעם יאָמער פון ווינט און זיך באַקלאָגט פאַר מיר:

— אָט אַזוי אַ גאַנצן ווינטער, די גרויקייט ציט זיך ווי אַ קלעפּיקע גומי און מיין מאַן שרייבט רעצעפּטן...

זי איז אַ שלאַנקע ברונעטע פרוי, מיט ברייטערע ברעמען, קוקסט אויף איר... אָט באַלד ענדיקט זיך די יוגנט און עס הויבט זיך אָן דער איבערגאַנג צו עלטער.

זי גלויבט, אַז אין שטאָט וואָלט זי אַזוי גיך נישט פאַרוועלקט געוואָרן, און דערפאַר איז זי בייז אויף איר גורל. זי האַסט דאָקטוירים און קליינע שטעטלעך.

זי קוקט מיר אַזוי מאָדנע אָן, צו דרייסט, צו אומרויק און איך ראַטעווע זיך מיטן ראַדיאָ:

— לאָמיר הערן וואָס מאָסקווע רעט...

פיל איך איר האַנט אויף מיין האַנט...

— פאָרט נישט אַוועק, בלייבט דאָ נאָך אַביסעל צייט.

איך וואונדער זיך נישט. דער ראַדיאָ לערנט אויס זיך נישט צו וואונדערן און איך פאַרשטיי דער פרוי. דאָ האָט זי

אַ מענטשן צו וועלכן זי האָט פליכטן, אין שטאָט ז׳אָרט האָט זי אַ געליבטן...

איצט איז זי געקומען צו אירע פליכטן, מיט מיר, מיטן דריטן, וויל זי זיך ראַטעוון אַביסעל פון דער קליינשטעטלשער לאַנגווייליקייט. עס ווערט מיר נישט געשמאַק אויף דער נשמה. איך שמייכעל און ענטפער:

— מאדאַם! עס זענען פאַראַן מענער, וואָס האָבן אַמביציע.

אין דעם איז אַריינגעקומען דער דאָקטאָר און מיר זענען בעגאַנגען צום טיש, צום נאַכט־עסן.

דער דאָקטאָר האָט נישט געהאט וואָס צו רעדן, זיין פרוי האָט נישט געוואָלט רעדן. איך האָב זיך אָנגעשטרענגט, דערציילט האָב איך פאַרשידענע ערינערונגען, דערציילט שקרים און אמתן. אַ שווערער אָוונט איז אַוועק.

און אויף מאָרגן האָט מיך אַ וועגל געפירט צום קליינעם וואָקזאַל, דער שאָסיי איז געווען געפרוירן, דער ערשטער שניי איז געפאַלן און פאַרדעקט די וועלט, איך האָב זער געוואָלט דער שניי זאָל פאַלן געדיכטער, אַלץ זאָל וויס ווערן...

וויס, וויס — מען זאָל נישט זעען קיין פלעקן...

# אפשר די איינציקע

ער האָט צופעליק געפּעפּנט אַ טיר אין איינעם פון זיינע חדרים און ער האָט דערזען זיין סוף, זיין אומגליק, זיין חרפּה. אין איין רגע האָט ער פאַרלאָרן די וועלט, אַלע וועלטן. די הענט האָבן זיך אים אַראָפּגעלאָזן, די פיס האָבן אים נישט געדינט. ער איז געבליבן שטיין, ווי אַ פאַרגליווירטער. אין קאָפּ האָבן זיך געראַנגעלט אין האַלבער באַוואוסטזיניקייט זיינע געדאַנקען:

זיין פרוי, זיין פריינט פון לעבן, די מוטער פון זיין קינד...

זי און זיין פריינט, דער אַדוואָקאַט פּלאָנסקי, דער פריינט פון זיינע קינדער־יאָרן.

זיי זענען געשטאַנען איינע נעבן צווייטן, זיין האַנט איז געלעגן אויף איר אַקסל, עס האָט אויסגעזען, אַז זיי האָבן זיך נאָר־וואָס געקושט, אָדער זיי האָבן זיך געקליבן צו קושן...

דאַכט זיך, אַז דאָס לעבן האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר אים. אַלץ איז געענדיקט, דער טויט־אורטייל איז אויסגערופן געוואָרן אָן ווערטער, אָן איין קלאַנג: טויט, סוף, נאַכט — קיין רעטונג איז נישטאָ;

ער האָט נישט געוואוסט, נישט געדענקט, צי זיי האָבן פריער פאַרלאָזן דאָס צימער, צי ער אַליין איז דער ערשטער אַרויס אויף דער גאַס.

און די גאַס, — וואָס שאָקעלט זי זיך אַזוי? די אַלע פעסטע מויערן האָבן אַזוי ווי פאַרלאָרן די געשטיינערטע פונדאַמענטן. די טראָטואַרן מיט דעם ברוק פון גאַס — אַלץ איז

אַזוי ווייך געוואָרן, פונקט ווי אַ בלאַטע וועלכע וויל אין זיך אַריינציען... אָט באַלד וועט ער איינגעזונקען ווערן. עס שפּרייזן אַזויפיל מענטשן, נאָר קיינמאָל זענען זיי נישט געווען אַזוי אָפּגעריסן פון אים, ווי איצט. אַ טויטע פרעמדשאַפט, פונקט, ווי ער וואָלט פון קבר אַרויס. און די לעבעדיקע מיידן אים אויס. ער איז טויט און דאָס וואָס אין האַרצן גליט אַזאַ חיי-טאָק, דאָס איז דער גיהנום, דער אמתער גיהנום.

עס זענען אַוועק עטלעכע בלייערנע טעג, עס זענען אַוועק עטלעכע נעכט, אין וועלכע אַ מענטש האָט דורכגעלעבט די שוואַרצע חרפה פון אָפּגענאַרטן.

ער האָט זיך אַזיפגעכאַפּט אין אַ פרעמדן האָטעל. אין אַ גרויסן מויער, וואָס איז איינגעטיילט אין צימערן-קעסטעלעך און יעדעס קעסטעלע האָט אַ נומער. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, געקומען צו זיך און פאַרשטאַנען, אַז ער לעבט, און אויב מען לעבט מוז מען קעמפן, אַרבעטן, באַוועגן זיך...

ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער האָט פאַרלאָרן דאָס בעסטע, וואָס מען האָט אין לעבן: פריינטשאַפט און געטרייהייט, און נאָך עפּעס האָט ער פאַרשטאַנען און געפילט, אַז די יענע, וועלכע איז נישט געווען בעסער פאַר אַנדערע... די, זיין פרוי, וועלכע האָט אים קליין און מיאוס געמאַכט... זי גייט אים פון זינען נישט אַרויס, ער בענקט נאָך איר, זי איז אים נאָך ביי-גערינגער געוואָרן, אינטערעסאַנטער...

און ער האָט געמיינט, אַז ער האָט זי, ער פאַרשטייט זי, קיינמאָל איז מען נישט זיכער מיט אַ פרוי. וואָלט ער זיך וואָס געהאַלטן ביי דער נישט זיכערקייט. ניין! ער האָט אַפילו נישט אָנגעהויבן צו צווייפלען, אָנפערטרויט זיך, ווי אַ קינד, ווי אַ נאַר.

אָבער מיט איר איז דאָך אַלץ געענדיקט, זי איז פאַר אים געשטאָרבן.

און ער טראַכט ווידער וועגן איר:

וואָס איז מיט איר געשען? יעדן טאָג, יעדע שעה האָט ער געפילט איר טרייהייט, זי איז נישט געווען פון די, וואָס וואַרפן מיט פראַזן, וואָס רעדן פון ליבע און טרייהייט, וועג

דאָס איז ביי זיי אין האַרצן נישט פאַראַן. זי האָט מער גע־
שוויגן ווענגן איר ליבע צו אים, זי האָט עס געלאָזט פילן, זי
האָט באַשאַפן פאַר אים אַ נעסט, אַ ווינקעלע צו רוען... עס
האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז זי איז פון די געציילטע פרויען...
עס האָט זיך אים אויסגעדוכט...

אָבער וואָס טראַכט ער ווענגן איר, זי איז פאַר אים גע־
שטאָרבן, זי האָט אַליין אויסגעגראָבן אַ קבר פאַר אַלע זיינע
האָפנונגען און צילען.

און עטליכע טעג שפּעטער האָט ער אָנגעקלינגען צו איר
און מיט אַ קאַלטן קול געפרעגט:

— רענאַ! וואָס מאַכט דאָס קינד?

ווייזט אויס, אַז זי האָט זיך גערעכט אויף דעם, אַז ער
זאָל קלינגען, ווייל זי איז גאָרנישט איבערראַשט געוואָרן פון
זיין קול, זי האָט אים רויק געענטפערט:

— עטאַ בענקט נאָך דיר. זי האָט מיך שוין פאַרמאַטערט,
אַ גאַנצן טאָג נאָר „פּאַפּאַ” און „פּאַפּאַ”...

ער האָט זיך ביי די ווערטער דערמאַנט זיין לעבן. מיט
אַ וואָך צוריק. ווי ער פלעגט קומען אַהיים, ווי דאָס קליינע
מיידעלע פלעגט אים גלעטן; מיט די דראָבנע הענטלעך, אָבער
איצט איז נישט די צייט פאַר סענטימענטן. ער בעדאַרף זיין
בייז, קאַלט, ווי אַ גזלן, און ער רעט קאַלט דורכן טעלעפאָן:

— רענאַ! איך וואָלט וועלן וואָס גיכער מאַכן אַ סוף מיט
דעם אַלץ און דאָס קינד זאָל בלייבן ביי מיר...

האָט זי אים געענטפערט:

אַ סוף מאַכן... דאָס איז דיין רעכט, נאָר דאָס קינד וועל
איך נישט אַוועקגעבן.

האָט ער גענומען זיך בייזערן:

— דאָס וועלן מיר נאָך זעען.

איז שטיל געוואָרן.ביידע האָבן עטליכע סעקונדן גע־
שוויגן, ביז זי האָט זיך אָנגערופן:

— דו ווילסט זיך שיידן, אָבער פריער וואָלט איך וועלן
מיט דיר רעדן...

— מיר האָבן שוין אַלץ אָבגערעט.

— ניין! נישט אַלץ... ביזט גערעכט, דאָס וואָס עס איז געשען, גיט דיר רעכט פון דעם שטרענגסטן פּראָקוראָר, אָבער אַ פּראָקוראָר הערט אויך אויס דעם באַשולדיקטן.

ער האָט אָנגעהויבן צו פערלירן די געדולד:

— וואָס ווילסטו?

— רעדן מיט דיר.

— נישט נויטיק.

דער סוף איז געווען, אַז אין דעם זעלבן אָוונד האָבן זיי זיך באַגעגענט אין אַ שטילעם קאַפע אויף אַ זייטיגער גאַס.

זי איז געווען דרייסטער און גערעט די ערשטע:

— פרעג מיך גאָרנישט איבער, וואָס צווישן מיר מיט פלאָנסקין איז געשען. עס איז אַלץ געשען...

ער האָט זיך ווילד אַ ריס געטון פון זיין פּלאַץ. נאָר אָן סקאַנדאַלן! — דאָס האָט ער נישט געוואָלט, — ער האָט געוואוסט די נוצלאָזיקייט פון דעם. אַ פערשעמטער, אַ באַליידיקטער האָט ער צוגעדעקט דאָס פּנים מיט די הענט און זי האָט גערעט:

— דאָס איז געווען אַ פאַרבלענדעניש, אַ זעלבסט־נאַרעריי, דאָס איז געווען... ניין! איך קאָן זיך אַליין קיין חשבון נישט אָבגעבן, נאָר איצט פיל איך איינס: חרטה.

— רענאַ! ס'איז אַלץ געשטאָרבן...

איצט פילסטו אַזוי, נאָר ווען די וועסט קומען צוריק צו מיר...

ער איז אויפגעשפּרונגען:

— קיינמאָל נישט...

— טאָ שטעל זיך פאָר — יאַקוב, שטעל זיך פאָר, וואָס וועט זיין מיט אונזער קינד, אָבגעבן וועל איך אים נישט, עס וועט קיין פאָטער נישט האָבן... וואָס וועט זיין מיט דיר? דו וועסט חתונה האָבן מיט אַ צווייטער, אָבער מיט וואָס ביזטו זיכער, אַז אַ צווייטע וועט זיין בעסער פון מיר?

ער האָט רויק אויף איר אַ קוק געגעבן, רויק אָבער פול מיט איראָניע איז זיין בליק געווען:

— איר פרויען, יעדע איינע פון אייך איז אַ סוד, אַ געהיימניס. איך האָב נישט געגלויבט, אַז די קאָנסט נאַרן און איך האָב נישט געגלויבט אַז דו קאָנסט זיין אַזוי אופּאַרשעמט ווי דו ביזט עס אין דער רגע...

— באַליידיק מיך — איך וועל זיך נישט פערטיידיקן, ווייל אונדזער קינד איז מיר טייערער, ווי מיין שטאָלץ...

— ווילסט ווירקן אויף מיר מיטן קינד?

— יאָ! מיט יעדען אמת און מיט שקר אַפילו, מיר מוזן בלייבן צוזאַמען.

ער האָט קיין וואָרט נישט געענטפערט און איז אַרויס פון קאַפע

ער האָט געשפּרייזט אויף די גאַסן. און איינס האָט ער געפילט: זיין כּעס אויף איר איז צעברעקלט געוואָרן און דאָס האָט אים ביטער געקריינקט: זי האָט געזינדיקט און זי איז זיכער ביי זיך, רויק און דרייסט, ער איז אָפּגענאַרט און ער קווינקלט זיך, ער האָט דערפילט, אַז ער הערשט נישט איבער זיך און דאָס האָט געשראָקן.

זי האָט אים נישט אָבגעלאָזן. זי פלעגט אים אויפזוכן און רעדן מיט אים:

—שטעל זיך פאָר, יאקוב! באַגרייף, אַז איך זאָג אמת, פרויען קאָנען מער נאַרן, ווי זאָגן אמת, אָבער ווען זיי זאָגן אמת, דאַמאָלס איז דאָס אַן אייזערנער בריק, ראַטעווע זיך, ראַטעווע אונדזערע קינדער... מיט פלאָנסקין איז געווען אַ אונגליק, אַ צופאַל... קוק מיר אין די אויגן און הער אויס: פלאָנסקי איז שענער פאַר דיר, רייכער און יינגער, ווען איך זאָג אים איין וואָרט בין איך זיינע, אָבער דאָס וועט נישט געשען, ווייל איך האָב אים נישט ליב, איך האָב זיך אין דעם איבערצייגט מיט מיין בענקן צו דיר... די ווייסט? פלאָנסקי איז אָבגעפאָרן פון דאַנען און קיין איין פרעמדער מענטש ווייסט נישט, וואָס צווישן אונדז איז געשען...

— א י ך ווייס...

— דו וועסט אויך פאַרגעסן, ווען דו וועסט זיך איבערצייגן

אין מיין פערטראַכטן ליבע צו דיר, דו וועסט זיך איבערצייגן, אין דעם בין איך זיכער.

ער האָט נישט נעהאַט קיין האַרץ צו שרייען אויף איר, זידלען, שעלטן, זי פלעגט רעדן, ער פלעגט שווייגן און דער-נאָך זיך אויפהייבן און אַוועקגעין.

אין דעם מענטשן איז פאַרגעקומען אַ געראַנגל.

און ווען די פרוי איז אַ מאָל צו אים אין איינזאַמען האָטעל-חדר געקומען מיט זיין טעכטערל, און די קליינע האָט גענומען בעטן:

— פּאַפּאַ! קום אַהיים! פּאַפּאַ... אָן פּאַפּאַ איז אומעטיק —

איז ער אַוועק צוריק אין זיין פאַרשוועכטער נעסט. עס האָט אים אַרומגערינגעלט אַ וואַרם לעבן, טרייהייט, איבערגע-בענהייט, אָרדנונג.

אויסערליך איז אַלץ שען ביי זיי געווען, מענטשן האָבן געקוקט און מקנא געווען. אַזאַ פּאָר, — געבענטשט פון גאָט. אין היינטיקע צייטן אַזאַ טרייהייט...

נאָר דער מאַן האָט געטראָגן אין זיך, אין טיפן האַרצן אַ שוואַרצן זיגל. ווען קיינער פלעגט נישט זיין אַרום אים, פלעגט אַ זיפץ זיך אַרויסרייסן פון זיין ברוסט. ער וואָלט עס וועלן די חרפה זיינע מיט אַ לאַנצעט אויסשניידן, מיט פייער אויסברענען...

קיינער האָט פון זיינע ליידן נישט געוואוסט, נאָר זי, די פרוי, פלעגט עס באַמערקן און שטענדיק פרעגן מיט יסורימדיקן גרויער:

— יאקוב! האָסט נאָך אַלץ נישט פאַרגעסן.

ער פלעגט אַ מאַך טון מיטן האַנט.

— הער אויף, רענאַ!

פלעגן זיך שאָטנס לעגן אין זיירע ליכטיקע חדרים און נאָך צוליב דעם קליין מיידעלע, פלעגן זיי זיך באַמיען די שאָטענס זאָלן גיכער פאַרשווינדן.

דער מאַן איז אַריין אין זיין אַרבעט, מיט דער גרעסטער

פלייס האָט ער זיינע געשעפטן געפירט און די פרוי האָט גע־
האַט איין זאָרג: אומקערן דאָס אַמאָליקע גליק אין זייער היים.

עס איז איצט געווען נאָר אַ געשפּענסט פון גליק...

עס איז געווען מער אויפריכטיקייט אין שווייגן, ווי אין
רעדן, עס איז געווען מער שפּיל אין ווערטער, ווי אמתע ליבע.
מער געלעבט פאַר מענטשן, פאַר דער אויסערליכער וועלט, ווי
פאַר זיך. בלויז דאָס קליינע מיידעלע פלעגט לויפן פון פאָטער
צו דער מוטער און צווינגען זיי צו שפּילן זיך מיט אירע קינ־
דערשע שפּילצייגן. ביידע פלעגן שמייכלען מיט אַ האַלבן מויל
און האַלבן האַרץ...

אין די פיינע חדרים איז געווען אַ שאָטן. פרעמדע האָבן
עס נישט געזען, נאָר זיי די איבערגעבעטענע, זיי האָבן געפילט
דעם שאָטן אין יעדעס ווינקל פון זייער היים.

---

עס זענען אַוועק דריי יאָר...

זיין פרוי מיט דעם קינד האָבן פאַרבראַכט אין אַ וואַלד.
עס איז געווען זומער, נאָר דער מאַן האָט נישט געהאַט קיין
שטאַרקן ווילן צו פאָרן איצט אַהין צו זיין פרוי און קינד. ער
איז געווען צופרידן, וואָס זי איז איצט אַביסל ווייטער פון אים...

ער האָט געאַרבעט און פאַרשטיקט אין זיך די אַלטע
וואונד.

איינמאָל האָט ער געמאַכט אָרדנונג אין זיינע פּאַפּירן.
גערייניקט די שופלאָדן און פלוצלינג האָט ער זיך אָנגעשטויסן
אויף אַ באַהאַלטענעם בריוו פון פלאָנסקין, פון אַדוואָקאַט פלאָנסקי
וועלכער האָט געלעגט אַ שוואַרצן זיגל אויף זיין לעבן... אַ
בריוו צו זיין פרוי?

ער האָט גענומען ליינען דעם בריוו און געפונען דאָרט
עפּעס אַנדערש, וואָס ער האָט געקלערט צו געפינען:

„געשעצטע פרוי רענאַ! איך פאָר אַוועק, מיט מיין נישט
טאַקטישקייט האָב איך אייך אַזוי פיל יסורים פאַרשאַפט, איך
האָב אייך, די פרוי פון מיין בעסטן פריינט געוואָלט געבן אַ
קוש, איר האָט מיר דאַמאָלט, אַזוי איידל, אַזוי טאַקטיש צוריק־

געשטעלט, מיט אייער רויקן ווידערשטאַנד האָט איר מיין צו־
היצטקייט אָפּגעקילט, אָבער צום אומגליק איז יאַקוב אַריין, ווען
מיין האַנט איז נאָך אויף אייער אַקסל געלעגן... און יאַקוב
טראַכט אודאי, אַז מיר האָבן אים גענאַרט... איר, רענאַ, מוזט
אים אַלץ אויפקלערן״.

דער מאַן האָט געליינט דעם בריוו און.. אין עטלעכע
שעה אַרום איז ער שוין געווען אין וואַלד ביי זיין פרוי:

— רענאַ! וואָס באַדייט דער בריוו?

זי האָט גענומען דעם בריוו אין האַנט, געליינט און
טרויעריק געשמייכלט:

— דער בריוו... דאָס איז דער אמת, מער איז צווישן
אונז נישט געשען.

— רענאַ!

— יאָ, יאַקוב! ביי אונזער קינד שווער איך דיר, אַז
מער איז צווישן אונז נישט געשען.

— אָבער פאַרוואָס האָסטו דאָס פריער נישט געזאָגט?

די פרוי האָט טרויעריק געשמייכלט.

דער מאַן איז אומגעדולדיק געווען:

— וואָס שווייגסטו? רענאַ! פאַרוואָס האָסטו נישט דער־
ציילט?

— דאַמאָלסט וואָלט עס נישט געהאָלפן, דו וואָלסט גע־
מיינט, אַז איך וויל זיך ראַטעווען מיט דעם, צום אָנהייב וואָלסטו
אפשר געגלויבט, נאָר דערנאָך וואָלט ווידער געקומען דער ספק,
וואָלסט זיך און מיר געפּייניגט, צווישן מיר און פּלאָנסקין איז
גאָרנישט געווען, ער האָט מיך ליב געהאַט און עטלעכע מאָל
גערעט וועגן זיין ליבע. איך פלעג אים באַרויקן, נאָר אין
יענעם פאַטאַלן טאָג האָט ער מיר געוואָלט אַ קוש טון, איך
האָב אים דעליקאַט אָפּגעשטויסן, אָבער איידער ער האָט זיך
פון מיר אָפּגערוקט, ביזטו אַריין און דו האָסט געזען מיין
שמייכל צו אים... מיין שמייכל, וואָס האָט אויף אים געווירקט,
ווי אַ באַפעל...

— אָבער דו האָסט אויף זיך אַזאַ בלבול געמאַכט, אַזאַ שווערע שולד גענומען אויף זיך.

— איך האָב עס געמוזט, ווייל נאָר אין מיין שולד וואָלסטו דאַמאָלס געגלויבט, סוף־כל־סוף וואָלט איך דיר אַליין דעם בריוו געוויזן, איך האָב אַלץ אָפּגעוואַרט, געוואָלט זאָלסט קומען צו מיר, דערנענטערן זיך צו דער זינדיקער...

— הער אויף, טייערע רענאַ!

— אפשר בין איך נישט גערעכט געווען? יאַקוב! בעסער עטלעכע יאָר פאַרסמטע, איידער אַ גאַנץ לעבן אַ פאַרסמטן...

# איינער אַ רוסישער

ביים שוואַרצן ים, ביי די מאָלערישע ברעגן פון קרים.

די אַלע געשטאַלטן, וואָס איך האָב דאָרט באַגעגענט, זיי בעדענקן זיך דייטליכער, זיי זענען העלער געבליבן אין זכרון, ווייל עס איז געווען ביים ים, ווייל דער ים פאַרגעסט זיך נישט.

איך געדענק, וואָס דער אַלטער טאָטער ראַאים פלעגט צו מיר שטענדיק זאָגן:

— דו וועסט דעם ים נישט פאַרגעסן. קיינער פאַרגעסט אים נישט, וועסט זיין ווייט, ווייט פון דאַנען, מיטאַמאָל וועט דער ים זיך דיר דערמאַנען, וועסט נעמען בענקן און אַפילו ליידן פון בענקשאַפט.

ער איז גערעכט געווען, דער ראַאים. וויפיל מאָל פּאַסירט עס מיט מיר: אין דער גרויער, לאַנגווייליגער קייט פון לעבן, רייסט זיך אָפּט עפּעס איבער. עס גיט אַ בליץ פאַר די אויגן.— און דער ים שטייט דיר אַקעגן, ווי אַ גרויסער שפּיגל, און דער שפּיגל ציט דיך צו זיך, ווי אַ צויבער, מיטאַמאָל ווערט דיר אַלץ אָרימער, דיין נעבעכדיקע איינגערעטע רויקייט לויפט אַוועק, ווי דאָס ביסל רויך פון אַ פּאַפּיראָס,, דיין זיכערקייט ווערט אויס, דיין רייכקייט ווערט גראָשעדיק...

ים עפנט זיך, ים מיט ברייטקייט, מיט טיפקייט און ווייטקייט, און עס דאַכט זיך דיר, אַז די וועסט שוין אָן אים לעבן נישט קאָנען, וועסט דאָ אויסגיין אין לאַנגווייליקייט, אויב דו וועסט זיך נישט ראַטעווען, אויב דו וועסט באַלד נישט אַנטלויפן פון דאַנען.

קאָן מען דען פֿאַרגלייכן אונדזער שטאָט־לעבן מיט די גרויע הייזער, מיט דאָס פּיצעלע ים־דעקאָראַציע, וואָס מיר זען אַמאָל אין טעאַטער, קאָן מען עס פֿאַרגלייכן צו יענער ווייטקייט פֿון אמתען ים, ווען די אויג שוועבט איבער ווייטקייט און בלויקייט, בלויקייט און ווייטקייט...

ראַאים איז געדעכט געוויען. ער האָט עס ריכטיק פֿאָרויסגעזאָגט.

דער ראַאים, דער טאָטער פֿון סימעאיז איז געווען אַ מאָדנע פיגור. אַ הויכער, אַ שוואַרצער מיט איין אויג און דאָס איין אויג איז געווען גרוי, ביין גרוי, עס האָט געשראָקן, נאָר ראַאים איז נישט געווען קיין שלעכטער מענטש, זיין איינציק שלעכטס אין לעבן איז געווען דאָס, וואָס ער איז געווען אַ פישער, די זילבערנע פיש און פישלעך פֿון ים פֿלעגט ער מיט זיינע נעצן פֿאַנגען...

אָבער דאָס איז שוין אַן אַלטע זינד פֿון דעם מענטשן בכלל, ראַאים איז אין דער הינזיכט נישט געווען קיין אויסנאַם.

דערפֿאַר איז ער געווען אַ פילאָזאָף, ער פֿלעגט כסדר אויפֿווייזן, אַז אויפֿן ברעג, אויף דער יבשה טוען מענטשן זער מאוסע זאַכן...

וויפֿיל מאָל, וויפֿיל בלייכע ליכטיקע פרימאָרגנס איך האָב מיט אים פֿאַרבראַכט. אויף דעם רויקן פֿלאַך פֿון טונקעלן שוואַרצן ים. אַ סך מאָל איז רויק געווען און אַ סך מאָל האָט אונדזער שיפֿל זיך געשליידערט, ווי אַ שפענדל. איך פֿלעג בלייך ווערן פֿון שרעק...

איך האָב מורא געהאַט פֿאַר מיין ביסל בידנעם לעבן און ראַאים פֿלעגט זיך צעלאַכן, ווי אַ מכשף און קוקן אויף מיר מיט זיין איין אויג...

— מורא פֿאַרן טויט איז ערגער, ווי דער טויט... דו זייַ רויק! ועסט קיין רגע לענגער נישט לעבן, ווי דיר איז באַשערט.

איך פֿלעג זיך פֿאַרשעמען און שוין זיצן רויק און די פֿאַליעס פֿלעגן באַשפּריצן און דער ים האָט געקוקט מיט זיין קבר־טיפֿקייט.

דאַכט זיך, אַז דאָס באַדאַרף זיין אַ גרויס כבוד: באַגראָבן ווערן אין אַזאַ קבר, ווי דער ים איז. אָבער די מורא איז נאָך גרעסער פאַר דעם כבוד. ביידע געפילן פלעגן מיך אַרומנעמען אינאיינעם, די מורא און די איבעראַשונג פון דער אונענדלע־בער שענקייט.

צום טייוול! וואָס האָט ער אויסגעקליבן אַזאַ סכנה־שיפל?

איך האָב מורא געהאַט. איך ווייס נישט פאַר וועמען מער; פאַרן טויט צו פאַר ראַאימן. און ער פלעגט רויק ריייניקן די נעץ און ווידער פאַרוואַרפן. ער איז געשטאַנען אין זיין שיפל, אין גרעסטן שטורם איז ער געשטאַנען מיט אַ סך מער זיכערקייט, ווי איך פלעג שטיין אויף דער יבשה.

„דו" פלעגט ער מיר זאָגן און נישט נאָר מיר אַליין, צו אַלעמען האָט ער געהאַט די זעלבע ווענדונג: „דו" קיין אַנדער אויסדרוק האָט פאַר אים נישט עקזיסטירט. זיין צונג האָט עס נישט געקאָנט אַרויסרעדן. מען האָט דערציילט, אַז איינמאָל האָט אים ניקאָלאַי דער קייזער פון רוסלאַנד באַגעגענט אויף זיין יאַכטע.

ראַאים האָט געכאַפּט פיש ווייט פון ברעג. ניקאָלאַי האָט זיך געווענדעט צו אים פון זיין שיף:

— וואָס מאַכסטו?

און דער טאָטער האָט פשוט געענטפערט:

דו זעסט דאָך: איך כאַפּ פיש.

די סוויטע האָט זיך דערשראָקן פאַר אַזאַ ענטפער. אָבער ניקאָלאַי איז, ווייזט אויס, געווען גוט געשטימט און ער האָט אים מיט אַ „מאָלאָדיעץ" באַשענקט.

דאָס איז וועגן ראַאימען. דאָרט ביים ים זענען אַלע מענטשן עפּעס אַנדערש, גרעסער, מיט מער באַדייט. דער ים ווירקט, מען וויל זיך מיט אים פאַרגלייכן...

אַ שכן האָב איך געהאַט אין סימעאיז, אַ דרייסיקיעריקען רוסישן טייוול, אַן אונרויקער, אַ גוטער, אַ שלעכטער. אַ היציקער און קיינמאָל נישט באַרויקטער.

צאַריצין האָט ער געהייסן.

אויב מיר האָט ווער געשטערט שפּעט ביינאַכט אין מיין שלאָף, איז עס געווען צאַריצין, אויב עמעץ האָט מיך מיט זיין געזאַנג אויפגעוועקט צו פרי, — איז דאָס ווידער געווען צאַריצין...

ער איז זער ענלעך געווען מיט זיין אויסזען צום גרויסן שאַליאַפּין. פון איין טייג געקנאָטן געווען. ער איז געווען פון יענע מענטשן, וואָס פאַר זיי איז צו קאַרג אונזער ביסל טעמפּעראַמענט, צו ווייניק זענען פאַר זיי די מעגלעכקייטן, וואָס דעם מענטשן איז געגעבן געוואָרן.

איך האָב געהאַט דאַמאָלס מיין קרייז מענטשן, מיט וועלכע איך פלעג פאַרברענגען ביים ים און אין די בערג.

צאַריצין איז אויך געווען אין אונזער קרייז. ער איז יאָ געווען און נישט געווען, ווייל זיכער מיט אים איז מען נישט געווען.

— צאַריצין! מיר פאָרן היינט פאַרנאַכט אויף „איפּעטרי" דער גרעק האָט דאָרט אָנגעגרייט פאַר אונז אַ סך ווייַן, טייערן מוסקאַט...

ניין! ענטפערט ער. איך גיי היינט אין קלוב, איך מוז אָפּגעווינען מיין געלט, נעכטן אַ סך פאַרשפּילט...

און ווען מיר קומען שפּעט אין אָווענט אויפן הויכן באַרג, זיצט שוין דאָרט צאַריצין ביי עטליכע פלעשלעך „מוסקאַט".

— ווי אַזוי?

— צו פוס געלאָפן די דריי און צוואָנציק קילאָמעטער.

פאָרן מיט אים צוזאַמען איז געווען אַן אָבקומעניש. ער פלעגט יעדע רגע אַראָבשפּרינגען פון דער קאַרעטע און דערביי זיך פאַרענטפערן:

— איך קאָן נישט איינזיצן, די פערד ציען מיר אַרויס די נשמה מיינע.

— צאַריצין! מיר פאָרן דאָך באַרג אַרויף.

— טאָ פאָרט באַרג אַראָב, אָבער דאָס הייסט געקראָכן ווי ווערם.

און ער פֿלעגט פֿאַרשוואונדן ווערן, ער פֿלעגט מאַכן די גרעסטע שטרעקע צופֿוס. אָן אָדלער... ער האָט נישט געוואָלט זיין אין רשות פֿון די פֿערד, זיי זאָלן מיט אים קריכן, דאָס האָט אים באַליידיקט.

אין זיבעצענטן יאָר איז דאָס געווען. ער האָט דערציילט, אַז ווי נאָר די רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעהויבן איז ער אויך אַרויסגעגאַנגען אין גאַס. עס האָט אים אימפּאָנירט דער מאַרש פֿון די מענטשן. נישטאָ קיין באַזונדערע מענטשן־ווינקעלעך, נישטאָ קיין שטייגעלעך־הייזעלעך. אַלע אין גאַס מיט געזאַנג, מיט מוט, מיט קללות... ער האָט אַליין פּאַרטיק געמאַכט עטליכע פּאָליציי־לייט, ער האָט אַלץ געוואַרט אויף אַ נס, אָט באַלט וועלן די מענטשן די וועלט איבערקערן, דעם הימל אויף דער ערד אַראָבשלעפּן...

וואָס דען? וואָס איז אַ רעוואָלוציע? דער מענטש מוז אַנדערש ווערן... אויס מענטש... איבער־מענטש. גאָט, טייוול, אָבער נישט דאָס, ווי פֿריער...

נאָר די מענטשן האָבן גענומען רעדן. רעדן און רעדן, ווי אַ נודנער רעגן האָט זיך דאָס געגאָסן...

צום טייוול...

און מיט איין ווערטל האָט ער זיך אָבגעזעגנט מיט דער רעוואָלוציע...

— אַלע שטורעמס פֿון די מענטשן, אַלע פֿאַרלאַנגען זייערע, אַלע רעוואָלוציעס, אַלץ וועט זיך ענדיקן מיט קאַנצעלאַריע... מען וועט שרייבן פּאַפּירלעך, איר ט'זען, מען וועט ווידער זיין ווי די שעפּסלעך.

ער איז געווען, געזונט גלייכצייטיק אָבער קראַנק געווען פֿון צו פֿיל ענערגיע, פֿון צופֿיל כּוחות. ביי באָדן זיך פֿלעגט ער קעמפֿן מיט די פּאַליעס, אויף דער יבשה האָט ער זיך מיט אַלעמען געשטייערט, געקלעטערט אויף בוימער, געהויבן שווערע שטיינער...

און איינמאָל, געדענק איך, האָט ער אַ געשריי געטון צו אונדזער גאַנצער געזעלשאַפֿט:

— העי, ליליפוטן... אַלע אויף מיר! מיט די שטעקענס אויב איר ווילט און איך — בלויז מיט די הענט.

אַלע האָבן זיך צעלאַכט און יעדער איינער האָט זיך נענטער צוגערוקט צו דער וואַנט.

ביי די טישן אין פענסאָנאַט פלעגט זיין קול דונערן, און לאַכן פלעגט ער... די ווירדיקע בירגער פלעגן זיך אָפּטראָגן באַליידיקטע און צעשראָקענע, עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז צאַריצן לאַכט פון זיי...

אָבער ער האָט געלאַכט פון דער גאַנצער וועלט, פון דעם, וואָס אַ מענטש ווערט געבוירן אויף דער גאָר גרויסער וועלט צו זער קליינע מעשים.

ראַאים האָט מיר שטענדיק איינגערעט, אַז דער ים פערגעסט זיך נישט און איך פיל דאָס גאַנץ גוט אויף מיין אייגענער פעל...

און ווען איך דערמאַן זיך ים, מוז איך אויך דערמאַנען דעם טייוול, דעם רוס צאַריצן, ווייל ער איז געוואָרן אַ גרויסער מחותן מיטן ים.

ס'איז איינמאָל געווען אין סימעאיז אַ שוואַרצע נאַכט און דער ים האָט זיך צעשטורמט. אַ נאַכט פון רעגן, דונער און בליץ. די בליצן זענען געווען שרעקליך. די פישערס האָבן דערציילט אַז זיי געדענקען נישט אַזאַ נאַכט און אַזעלכע בליצן. יעדע רגע האָט זיך דער הימל געעפענט און אַ שפּריץ געטון מיט פייער, דאָס פייער איז געלאָפן באַרג-אַראָב צום ים און פון דער דאָזיקער באַלויכטונג האָט מען ערשט געזען, ווי שוואַרץ, ווי גרויזאַם-שוואַרץ די נאַכט איז...

מיר זענען אַלע געשטאַנען אין אַ פּאָרויז פון אַ פענסיאָנאַט. ווי „קליינע מענטשעלעך” האָבן מיר זיך געפרייט און געשראָקן פון שטורעם. עס האָט אונדז גענייגערט, ווען מיר האָבן זיך צוגעהערט, ווי דער ים פּאַטש די פעלזן, וועלכע שטייעןביים ברעג.

מיר זענען נאָנט געווען פון ברעג. מיר זענען אָבער אויך

אין דער זעלבער צייט ווייט געווען פון דער דאָזיקער צובישע־
חעטער שענקייט, ווייט געווען מיט אונדזער שרעק.

אין דעם איז אַריינגעפאַלן צאַריצן. ווי אַ משוגענער איז ער אַריינגעלאָפן... ער האָט אַ געשריי געטון:

— אַ נאַכט, אָט דאָס הייסט אַ נאַכט, ווער וויל זיך אַזיסל דורכפאָרן אויפן ים?...

— ווער?

מיר האָבן דאָס אַפילו פאַר קיין שפּאַס נישט אָנגענומען דער העלדישסטער פישער וואָלט אין אַזאַ נאַכט אַפילו צום ברעג נישט געוואָלט צוגיין.

צאַריצן אַליין האָט געשטורעמט:

— אַ נאַכט, אַזאַ נאַכט ווען פּאַסירט עס? שטעלט זיך פאַר די פאַליעס קערן זיך ווי די בערן, דאָס שיפל טאַנצט, ווי אַ שפּענדל, שרעק, שטורם, ס'איז מיין נאַכט, ס'איז מיין נאַכט. און ער איז אַרויסגעלאָפן, אַוועקגעלאָפן פון אונדז.

— צאַריצן! האָט ווער אַ געשריי געטון.

אין דער רגע האָט אַ בליץ דערלאַנגט איבער דעם גאַנצן ים, מיר זענען אויף צוויי סעקונדן פאַרבלענט געוואָרן.

מיר האָבן דעם צאַריצן מער נישט געזען. מיר האָבן אַ סך וועגן אים גערעדט, אַז ער איז גאָר קיינמאָל ביי אונדז נישט געווען; אַן איינרעדעניש געווען, נישט מער.

אָבער פאַר מיר איז דער ים טייערער געוואָרן. איך האָב באַהאַלטן אין זיך מיין אייגענע שוואַכקייט און שטאָלצירט מיט איינעם, מיט איינעם אַ רוס וועלכער האָט זיך פאַרמאָסטן מיטן ים. דער צאַריצן, דער האָט אַנדערש נישט געקאָנט ענדיקן, אָבשניידן אַ שטיק האַרץ, קלענער מאַכן די פאַרלאַנגען — נישט אַלע קאָנען דאָס.

צאַריצן אודאי נישט.

איצט האָב איך ליב אַרויסצורופן אין מיין זכרון דעם שוואַרצן אומרוהיגן ים. איך באַפעל די פאַליעס זיך פונאַנדער־צוטאַנצן און אַזוי לאַנג וואַרט איך, ביז פון מיין אַרויסגערופע־

נען צויבער באַווייזט זיך די געשטאַלט פון דעם. וואָס האָט
אָן שטורם נישט געקאָנט לעבן.

קיינער ווייסט נישט, אָבער איך ווייס, אַז איך בין אים
מקנא...

# לואיז פון סאַן מישעל

אלט-פראנקרייכס טעכטער
מיט די שמאָלע טאליעס, —
אין די אָרעמס זענט איר
פון דער גאנצער וועלט...

דאָס ראָמאַנטישע פלאַנצט זיך איין אין אונדז פון קינד־הייט אָן, פון די ערשטע קלאַנגען, פון די ערשטע מעשהלעך, וואָס מיר הערן... עס בלייבט אין דער נשמה, אין זכרון און יין האַרצן. קאָנסט פאַרשטיינערט ווערן אין די שפּעטער'דיקע אָרן פון לעבן און פון זיינע אכזריות, קאָנסט פאַרהאַרטעוועט ווערן פון קאַמף און די נשמה דיינע מעג ווי טריקן און קאַלט זיין פון לעבנס וואָכעדיקייט... וועסט אָבער פון זיך אַליין נישט אַוועק, ווען דו דערמאָנסט זיך אַמאָל אַ פאַרגאַנגענעם טרוים, אַ בילד, וואָס האָט אַ ברי געטאָן דיין נשמה אין די יינגע טעג פון דיין וואַקסן...

וועסט פון זיך נישט אַוועק, די ציטערסט אויף, ווען אין האַנט פאַלט דיר אַריין אַן אַלט ביכל, אַ נאַריש ביכל, וועלכן דו האָסט געלייענט מיט פינף און צוואַנציק יאָר צוריק און צו־ליב וועלכן דו האָסט דעמאָלט אַ סך נעכט נישט געשלאָפן און אין די דאָזיקע נעכט זענען אַ סך חלומות געוועבט געוואָרן אין דיין פאַנטאַזיע...

אָט אַזאַ פאַנטאַזיע־ביכל איז פאַר מיר שטענדיק געווען פאַריז.

פאַריז מיט איר לעבן און גלאַנץ, פאַריז מיט איר פאַר־גאַנגענהייט און געגנוואַרט... נאַפּאָלעאָן, דאַנטאָן, מאָליער, סאַ־ראַ בערנאַרד.

באַסטיליען, באַריקאַדן, דער בולאָנער וואַלד.
פּאַריז מיטן לאַטיינישן קוואַרטאַל, מיט אירע בלומענדיקע קאַרנאַוואַלן...
פון די אַלע אירע געשעענישן און איבערלעבונגען האָט זיך צו מיר אין מיין קינדהייט דערטראָגן אַ הייסער עקזאָטישער אָטעם...
און...
איצט האָט זיך דער הייסער אָטעם אָפּגעקילט, ער איז פאַרפרוירן געוואָרן אין אַ קליין קאַלט צימערל.
מיין פּאַריז־פאַנטאַזיע איז אין פּאַריז גופא געשטאָרבן...
אמת, עס איז נישטאָ נאָך אַזאַ שטאָט אויף דער וועלט, וואָס זאָל דיר געבן אַזוי פיל צו טראַכטן, אַזוי פיל צו איבערלעבן... אָבער אָפּט, גאַנץ אָפּט ווערט טרויעריק פון די אַלע איבערלעבענישן. אמת איז אויך, אַז דאָ שפּילט אַמאָל דער צופאַל די גרעסטע ראָל... היינטיקן מאָל האָט מיין קליין צימערל צוגענומען ביי מיר אַ סך פון באַזונגענעם פּאַריז.
ענג און קליין איז מיין צימערל, נידעריק און קאַלט, אומהיימלעך — עס דערמאָנט מיר אַ ביסל אַ תפיסה־קאַמער...
איך קוק זיך אַרום אויף דאָס ביסל ווירטשאַפט: אַלט, שאָקלדיק, אָפּגעריסן, די טיר פון שראַנק הענגט, דאָס טישל שאָקלט זיך, אַ קליין קינדערש קישעלע מיט אַ צופליקטע קאָלדרע, דאָס וואַש־טישל צעבראָכן.
איך בלייב אַליין, איך נעם זיך אויספּאַקן און איך וואָלט זיך שוין געוואָלט ווידער פאַרפּאַקן...
אויף אַזאַ אומהיימלעכקייט האָב איך זיך נישט געריכט... דאָ אין דעם פריילעכן פּאַריז! אַזאַ קאַלטער האָפענונגס לאָזער אומעט האָט זיך צו מיר אַ נעם געטאָן...
גיי איך צו צו מיין פענצטער, וואָס איז קיינמאָל נישט פאַרמאַכט, ווייל עס פאַרמאַכט זיך נישט...
פון דעם דאָזיקן פענצטער, וואָס קוקט אַרויס אויף עטלעכע אינטערשטע הויפן.
און איך זע פאַר זיך אַ שען ביסל דלות! שוואַרצע ברוי־

דיקע שויבן, אַנדערע פּענצטער זענען אָפן און זיי זענען באַ־
האָנגען מיט שמוציקע לײַלעכער, מיט ברודיקע קישנס, וואָס
לופטערן זיך, איך קוק זיך איין און זע דאָס לעבן, וואָס גייט
אין די פרעמדע הייזער... אָרימקייט, אָרימקייט און ענגשאַפט.
נישט איינמאָל האָב איך אויפגעציטערט פון דעם פרעמדן
דלות.

און דאָס איז אין פּאַריז, אין דער שטאָט פון גלאַנץ און
קונסט, אין—דער שטאָט פון ווײַן און ליבע...

אין דער שטאָט, וואָס האָט שוין אַזוי פיל רעוואָלוציעס
געמאַכט פאַר אַ בעסערן און שענערן לעבן...

אַ גליק, וואָס איך האָב אַביסעל פראַנקען אין קעשענע.
איך וועל אין אַ טאָג, אין צוויי טעג שפּעטער אַוועק אין אַ בע־
סערן האָטעל און דערווײַל פּאָרש איך די לינקע זייט פון
פּאַריז.

איך כאַפּ זיך אויף באַגינען, יעדע נאַכט גייט דורך אין
פאַרפלאָנטערטע חלומות און אין... קעלט...

דער ערשטער בליק, וואָס באַגריסט דעם נייעם טאָג פאַלט
אויף די טויטע ווענט פון מײַן צימערל, אויף דעם צובראָכענעם
שראַנק, אויף דער צעריסענער קאָלדרע...

אונהיימלעך, שווער־באַטריבט הייבט זיך אָן מײַן טאָג, אָן
חשק, אָן ווילן עפּעס אונטערצונעמען.

און יעדער פרימאָרגן דער זעלבער דועט:

דורך דעם אָפענעם פענצטער דערגרייכן צו מיר אַלע קלאַנ־
גען פון אַרומיקן לעבן.

פון שכנישן פענצטער טראָגט זיך אַ הוסט! אַ קאסקאַדן
הוסט, וואָס רייסט זיך נישט איבער... טויט־קבר פּילט זיך פון
דעם הוסטן...

יעדן פרימאָרגן אין דער זעלבער צייט, און אפשר הוסט
ער, דער קראַנקער אַ גאַנצן טאָג. נאָר איך אַנטלויף ביז בײַ־
נאַכט פון מײַן צימער ווי פון אַ קאָשמאַר...

פון צווייטן פענצטער זינגט אַ קאַנאַרעק, אויך אָן אויפ־

הער, ער צעטרעלט זיך אויף זיין גאַנצן קול און סטאַרעט זיך איבערשטייגן דעם הוסטער , פאַרהילכן אים...

און איך הער זיך צו צו ביידן, צו דעם הוסטער און צו דעם קאַנאַרעק...

דאָס איז די איינציקע זאַך, וואָס האָט מיך פאַראינטערעסירט אין מיין צימערל.

דער הוסטער הוסט און פאַרקייכט זיך...
דער קאַנאַרעק זינגט און צעטרעלט זיך...
איז דאָס נישט דער סימבאָל פון פאַריז?

---

די וואָס קומען דאָ אויף אַ קורצע צייט, זענען פּשוט פאַרמשפּט נישט צו שלאָפן, ווייל פאַריז אָן דער נאַכט איז נישט פאַריז, ווייל שלאָפן קאָן מען דאָך אין אָטוואָצק. דאָרטן פילסטו נישט, אַז נאָר נאָענט, אויף מאָנמאַרטר, אויף מאָנפּאַרנאַס, אין פאַרשידענע גאַסן און געסלעך, רוישט און צאַפּלט אַ וויין־לעבן, אַ טאַנץ־לעבן, אַ תאווה־לעבן.

פון לובר, פון פאַנטעאָן, פון ווערסאַל, פון די אַלע קונסט־אויסשטעלונגען ווערט מען גיך מיד.

אין די אָוונט־שעהן הויבט זיך אָן דאָס געיעג... נאָך פרויען. פון די בולווארן ביז דער טיפעניש פון בולאָנער וואַלד.

ער איז געקומען פון אַפריקאַ, ער האָט געבראַכט געלט, ער איז געקומען פון אינזל ציילאָן, פון יאַמאַיקאַ. פון רייכן טשיקאַגאָ, פון מעקסיקאַ, ער האָט דאָרט פלאַנטאַציעס... ער האָט באַגנבעט אַ באַנק, ער האָט נאָכגעמאַכט אַסיגנאַציעס, ער האָט חתונה געהאַט מיט אַן אַלטער פרוי, כדי צו ברענגען אהער געלט...

און זי, די פאַריזערין, זי האָט געוואַרט אויף אים. אַ האַלב מיליאָן לעבע־פרויען האָבן געוואַרט אויף אים.

וויפיל סודות, וויפיל וועלטן, וויפיל פאַרדעכטיקע דורשטי־קע געשטאַלטן, וועלט־אַפּעריסטן, קאַסע־ברעכער, בירזשע־לייט, קאָרטן־שפּילער, שולערס, באַראָנען, גראַפן... ווען באַהאַלטן נישט אין זיך די צוגעמאַכטע טאַקסיס? דער שמייכל פון דער

פאַריזערין האָט זיי דאָ געפאַנגען. די שטאָלענע קעסטלעך באַוועגן זיך האַסטיק און לאַנגזאַם...

באַוועגלעכע חופּהס...

עס איז אַ שטאָט פאַר אַלעמען...

גיב נאָר אַ קוק, מיט וואָס פאַר אַ רויִקייט דאָ שפּאַצירן אויף סאַן־מישעל די פאָרשטייער פון אַלע ראַסן און פעלקער, ווי ביי זיך אין דערהיים. ביי אונדז זעען מיר אויך אָפט אַ כינעזער, ער גנבעט זיך איבער די גאַסן, ער רעט נישט מיט קיינעם, ער וויל נאָר פאַרקויפן זיין סחורה, און דאָ איז ער אַ גאַנצער שמעלקע מיט דעם פראַנצויזישן מיידל, ער האָט זי אַרומגענומען פאַר דער טאַליע און קושט זי פאַר אַלעמען אין די אויגן.

אמת, קיינער קוקט זיך אויף דעם נישט אום, דאָ איז מען געוווינט צו אַזעלכע זאַכן, אָבער מיך איבעראַשט ער אַביסל, דער טשינג־טשאָנג־טשאַנג, איך האָב געמיינט, אַז ער איז טויט, ווי אַ פאַרפרוירענע קאַרטאָפל.

ווי קומט צו אים אַ שמייכל, אַזאַ „באַוועגונג", ווי קומט צו אים טעמפּעראַמענט?

דאָס האָט אים פּאַריז געגעבן.

די שוואַרצע פון די שוואַרצסטע מיט מאַלפּישע ליפּן, זיי קוואַקן פראַנצויזיש און זענען דאָ גלייך מיט אַלע גלייכע, פאַרשטייט זיך אויב ער האָט נאָר עטלעכע פראַנק, דער אַפריקאַנער.

און אין יעדעם ווינקל הערשט די פרוי, אין יעדערן סאַלאָן און אין יעדעם קאַבאַרעט... ווער האָט צייט אַלץ צו באַטראַכטן. דער טאָג איז קורץ און אָנהויב אָוונט רופט שוין אַ באַקאַנטער...

— קום, מירן היינט הערן „קיקי".

איר קענט נישט קיקי? זי איז אַ יינגע פרוי מיט שטאַרק אונטערגעפאַרבטע אויגן מיט אַ דאַרן האַלז. זי האָט דאָ גרויס דערפאָלג מיט איר הייזעריקן קול.

אין אירע געזאַנגען שעלט זי די גאַנצע חברה, וואָס באַזוכן דעם „דזשאָקיי", דעם ענגן לאָקאָל, וואו זי טרעט אַרויס.

און וואָס מער זי שעלט, וואָס מער אויסגעלאַסענער זי רעדט, אַלץ מער קומט מען אַהער.

קיקי איז באַליבט ביי דער גאַנצער אונטער־וועלט פון פּאַריז. זי האָט אַ פאַרגאַנגענהייט. זי האָט אַוועקגעוואָרפן איר מאַן, ענג איז איר געוואָרן דאָס בעל־הבתישע לעבן...

מיט די אַפּאַשן איז זי פרייער, זי האָט עפּעס אַ דעמאָני־שע קראַפט איבער זיי.

וועגן דער „קיקי" גייען אַרום אויף מאָנפּאַרנאַס און מאָנ־מאַרטר אַ סך לעגענדן.

און ווען זי זינגט, פילט זיך אַ בייזע דראָונג אין יעדער קלאַנג פון איר ליד.

ווען מיינט זי צו שרעקן? דעם, יענעם, אַלעמען און אפשר מיך?..

אָבער מער, אַ סך מער ווי „קיקי" האָט מיר פאַראינטע־רעסירט לואיז.

לואיז פון סאַן — מישעל.

זי געהערט צו דער גאַס און די גאַס געהערט צו איר. זי האָט נישט קיין רייכקייט, קיין בריליאַנטן, זי האָט אפילו נישט קיין אייגענעם אויטאָמאָביל... זי איז אָבער יינג און פריי־לעך, און זאָרגלאָז איז זי ווי אַ קינד, ווי אַ פויגל. די אויגן שטראַלן, די ליפּן שמייכלען מיט גוטסקייט צו אַלעמען, צו דער גאַנצער וועלט. ווען מען זאָל צונויפקלייבן דאָס ביסעלע שטאָף, וואָס זי טראָגט אויף זיך, איז דאָס ווערט איינגאַנצן עטלעכע פראַנק, אָבער אויף אירע אַקסלען, אויף איר בויגיגן שמאָלן קערפּערל איז דאָס נישט אָפּצושאַצן, אַלץ שפּילט און רייצט, אַרטיסטיש צוגעפּאַסט, קינסטלער־הענט האָבן אויסגעקליבן דעם שטאָף, דאָס היטעלע, די שיכעלעך...

און דאָס אונטערגעשאָרענע קעפּל...

און דאָס שנירל אימאַטאַציע־פּערל, וועלכע גלאַנצן ווי געפּראָרענע טיי־טראָפּנס אויף איר האַלז.

לואיז...

נישט אַלע פון אירע חברטעס דערוואַרטן זיך אזא כבוד;

מען זאָל זייערע נעמען געדענקען און דערמאָנען, אָבער זי־
הערט זער שטאַרק דערמאָנט אין קוואַרטאַל פון „הייליקן מישעל״
און אין אַ סך ווייטערע קוואַרטאַלן. די סטודענטן, מיט וועלכע
זי חברט זיך אַממייסטן, טראָגן פאַנאַנדער איר נאָמען, די מאַ־
לערס בעטן זיך ביי איר, זי זאָל קומען פּאָזירן, און אַ מתנה
פרעמדע, רייכע פוסט־ און פאַסניקעס יאָגן זיך נאָך איר טאָג
און נאַכט, טאָג און נאַכט.

זי איז דאָך נישט מער, ווי איינע פון די פירהונדערט
טויזנט פרויען, וועלכע פאַרקויפן זיך אין פּאַריז — מיט וואָס
האָט זי פאַרדינט אַזוי באַליבט צו זיין?

אָט שפּרייזט אַ מחנה סטודענטן, אַ מאַן צוואַנציק, איבער־
געדרייט די מאַרינאַרקעס מיט דעם אונטערשלאַק אַרויף, איינער
פון זיי האָט אָנגעטון לואיזס ברוין היטעלע. זי אַליין טראָגט
אַ סטודענטישע שוואַרצע קעפּקע. זי גייט פאַרויס און אַלע צו־
זאַמען זינגען און שרייען, אין באַלויכטענעם אָוונט, אויף דער
פרייער גאַס, אין מאַרש פון טויזנטער מענטשן, זי באַגייסטערט
זיי אַלעמען, ווי דאָס פריילעכסטע קינד צווישן אַ מחנה קינדער.

אַ מאָל זענען די געשרייען צו טומלדיק. אַ פרעמדן,
וועלכער איז נישט געוועזן צו דער פרייהייט פון די פּאַריזער
גאַסן, אַ פרעמדן שאָקירט עס, אָבער איינס פילן אַלע: די דאָ־
זיקע יינגוואַרג איז טאַקע יינג און זאָרגלאָז. די גאַס, די שטאָט,
דער אָוונט געהערט צו זיי.

לואיז באַגייסטערט אירע קאַוואַלירן און אַלע צוזאַמען לאָזן
זיך אַרויס אויפמונטערן די גאַס, די גאַס פון אַ שטאָט וועלכע
איז נישט ענלעך צו אַנדערע שטעט, מען טאָר פּאַריז נישט
פאַרשעמען.

אַ שמאָלע בלאָנדע מיידל מיט פריילעכע אומשולדיקע
אויגן שווימט און שוועבט אויף דעם ברייטן טראָטואַר אין איר
געטרייען קרייז פון יינגע בחורים מיט אויסגעשרייען, מיט פרייע
לידלעך. אין דעם אָפּגלאַנץ פון טויזנטער עלעקטרישע פייערן,
אין דער אייביק יום־טוב׳דיקער נאַכט, אַרום די געפּאַנצערטע

שטילע וואַסערן פון דער סיין זעט זי אויס, ווי דער סימבאָל פון פּאַריז.

ביי קיינעם אויף די ליפּן קומט נישט אַרויף דאָס וואָרט, אַז זי איז אַ גאַסן-מיידל, קיינער טראַכט נישט פון דעם. מען טראַכט, מען רופט זי אָן: „פּאַריזער מיידל" און דאָס איז גאָר עפּעס אַנדערש. דאָ אין פּאַריז איז זי פּאָלקאָם לעגאַליזירט, זי הויבט אָן צו פאַרגעסן, אָדער זי האָט שוין אינגאַנצן פאַר-געסן די גרענעץ צווישן זינד און טוגענד. זי און די, וואָס רינגלען זי אַרום.

זי איז דאָ באַזונגען געוואָרן.

און די זינד איז באַזונגען:

עס האָט עמעץ אַ לידל פאַרפאַסט לכבוד לואיז און נישט איינמאָל האָב איך דעם לעצטן זומער געהערט דאָס לידל אַרום דער סאָרבאָנע, אַרום פּאַנטעאָן.

מען האָט עס געזונגען אויף אַלע עקן פון די גאַסן, מען האָט עס געזונגען פאַר לואיז, ווען מען שפּרייזט מיט איר אין אַ פרייליכער חאַליאַסטרע:

זי איז אַ פרומע זונה
מיט האַרץ, מיט לייב, מיט זעל...
לואיז, לואיז די קליינע
לואיז פון סאַן מישעל.

זי באַליידיקט זיך נישט פאַר די ווערטער, אַבי דאָס לידל איז שען און יינגע לוסטיקע בחורים זינגען עס—עס איז שוין אַלץ רעכט.

אַ סך זענען זיי פאַרהאַן אין פּאַריז, אַ סך אַזעלכע פרוי-ען, נאָר לואיז איז אויסגעטיילט מיט עפּעס. מיט וואָס? — איך רעכען, אַז מיט דעם, וואָס זי איז אין דעם דאָזיקען אומריינעם לעבן געבליבן אין דער נשמה ריין, אַנדערש וואָלטן אירע בליקן אַזוי גוטמוטיק נישט געלויכטן און איר קול וואָלט אַזוי קינ-דערש האַרציק נישט געקלונגען. אירע דינע שלאַנקע הענט ווילן אַרומנעמען דעם באַזויגטן טאָג, די באַלויכטענע זומערדיקע נאַכט, זי וויל לעבן, זי ציט זיך צום לעבן, ווי אַ שמעטערלינק

צום פייער און זי הערט אַזוי ווי דער שמעטערלינג פאַר־ברענגט.

ווער עס וויל זען, ווי זי וועט אויסזען אין יאָרן שפּעטער, דער זאָל מיט מיר צוגיין אויף דעם זעלבן בולוואַר סאַן מישעל, אַביסעלע ווייטער, ביי לוקסנבורגער גאָרטן, אין דעם הויז, וואָס שטייט דאָס לעצטע ביים פּאַרק, איז פאַראַן אַ פערמוירטע טיר. אַ ביסעלע פריי־פּלאַץ איז דאָרט פאַרבליבן און נאַכט און נאַכט גיי איך דאָרט פאַרביי. אין יענעם שפּאַלט פון מויער, שלאָפט אַ מענטש, אויפן גאַס. דאָרט שלאָפט אַן אַלטע קליינטשקע פרוי, אויפגעקורטשעט, איינגעצויגן ווי אַ קינד די גרויס, זי האָט איין פוס אַ קינסטליכן, נעמט זי אים באַנאַכט אַראָפּ און לעגט אים אונטער צו־קאָפּנס אַלס אַ קישן.

זי איז אויך געווען אַזאַ לואיז.

אָבגעגעבן עטליכע יאָר דעם בולוואַר, געפרייט זיך און געטאַנצט מיט יינגוואַרק. שפּעטער זענען געקומען יינגערע פאַר איר און זי האָט געמוזט זוכן אירע פריינט צווישן די אַפּאַשן, אין די האַלעס, שפּעטער איז מען זי איבערגעפאָרן. אַ פוס פאַרלאָרן און זי איז צוריק געקומען אויף סאַן מישעל, וואו זי נעבטיקט אויף דער גאַס.

אָבער די היינטיקע לואיז טראַכט נישט פון דער צוקונפט. זי וויל נישט טראַכטן, זי קאָן נישט טראַכטן, זי האַלט אין מיטן זינגען. אין די קעלערס פון די נאַכט־לאָקאַלען, אין „נאָקטאַמביל", אין „זשיפּסי" און „מאָנאַקאָ" ליגן אַזוי פיל פלעשער מיט שוימעדיקן שאַמפּאַניער און פון דער גאַנצער וועלט פאָרט מען אין פּאַריז זוכן פאַרווײַלונג און פאַרגעניגענס — ווער האָט צייט צו טראַכטן?

ווען זי קומט באַנאַכט אין איינעם פון די לאָקאַלען, וואַרטן שוין אויף איר אַ סך פריינט. פון אַלע זייטן, שוועבן צו איר טרייע בליקן און מען הערט כסדר „לואיז!" „לואיז!".

ווי אַ בת־יחידה פילט זי זיך דאָ. ביים רייכסטן טיש זעצט זי זיך אַוועק און דאַמאָלס טראָגן זיך אירע שטענדיקע ריטערס אָפּ. פרנסה איז פרנסה. מען טאָר לואיז נישט שטערן;

זאָל זי פּאַקן אירע יאָלדן, די אַמעריקאַנער, די ענגלעשע גאָלדזעק. זי טרינקט אַ סך. דער שאַמפּאַניער איז פאַר איר און זי איז פאַר דעם שאַמפּאַניער. אָבער וויפיל קאָן אַזאַ קליינע לואיז אויסטרינקען? אַ סך ווייניקער וויפיל די אויגן אירע שלינגען איין. איז זי שטאַרק פאַרליבט אין די פלעשער און זי וויל, אַז אויף דעם טישל, נעבן וועלכן זי זיצט, זאָל פול זיין מיט פלעשער, לויפן די גאַרסאָנען הין און צוריק און פּראָבקעס קנאַקען...

לואיז רופט צו אירע חבר׳טעס און אַלע טרינקען. ווען נישט זי וואָלט דער רעסטאָראַן אַזוי פיל נישט געלייזט...

פאַרטאָג אין דעם נאַכט־לאָקאַל „נאָקטאַמביל״. די מידע מוזיקאַנטן ציען קוים די סמיקעס, דער קונצענמאַכער ביים „דזשאַז באַנד״ איז שוין אויך שלעפעריק. אין לאָקאַל זענען געבליבן באַזעצט עטלעכע טישלעך, מען דערטרינקט די לעצטע גלעזער.

איך מיט מיינע באַקאַנטע זענען געבליבן צוליב אַ געוויסער נייגעריקייט: אַ גאַנצן אָוונט האָבן מיר נאָכגעפאָרשט אַ גרופּע יינגע לייט. זיי האָבן זיך געהאַלטן זער חבר׳יש. נישט אָפּגעטראָטן איינער פון צווייטן...

געווען זענען דאָס: שענע שלאַנקע, אודאי רייכע סטודענטן, מיט זיי אין געווען לואיז מיטן בלאָנדן קאָפּ האָר. אַ קלייד האָט זי געטראָגן פון קאַנאַרעק־קאָליר און אויפן האַרצן איז געהאָנגען ביי איר אויף אַ דינעם גאָלדפאָדעם אַ שטיק בורשטין...

מיר, אונזער גרופּע, איז אַ גאַנצן אָוונט געווען פאַראינטערעסירט מיט דער צווייטער גרופּע, וועלכע איז אונז געזעסן וויז־אַ־ווי מיר האָבן זיך צוגעקוקט צו לואיז מיט אירע פיר ריטערס, וועלכע זענען איר זער טריי געווען...

ווען זי האָט מיט איינעם פון די פיר געטאַנצט, זענען די איבעריגע געבליבן ביים טישל און נישט געגאַנגען זוכן קיין אַנדערע פאַרטנערקעס, הגם דער לאָקאַל איז פול געווען מיט שענע פרויען, מיט יינגע טענצערקעס, וועלכע האָבן אויסגעקוקט קאַוואַלירן.

און טאַנצן פֿלעגן זיי דאַמאָלס. ווען זי פֿלעגט אַרויסציִהען דער גורל, ווער עס זאָל מיט איר טאַנצן...

און דער גורל איז צוגעגאַנגען אויף אַזאַ אופֿן.

אויף פֿיר קליינע שטיקלעך פּאַפּיר זענען געווען אויפֿגעשריבן די נעמען פֿון אירע פֿיר העלדן, זי פֿלעגט אַראָפּנעמען פֿון האַרצן איר שטיק בורשטין, אַנרייבן עס אָן טיש אין וועלכע שטיקל פּאַפּיר עס פֿלעגט זיך פֿריער אָנכאַפּן אָן בורשטין... וועמענס נאָמען, עס פֿלעגט זיך פֿריער צוקלעפּן, מיט דעם פֿלעגט זי טאַנצן... דערבײַ האָבן זיי אַלע פֿינף געלאַכט און געשפּרונגען פֿון אויפֿרעגונג און נײַגעריקייט, דערבײַ אַ סך געטרונקען...

יעדער איינער פֿון די פֿיר ריטערס האָט נישט אַראָפּגעלאָזט די אויגן פֿון לואיז, מען האָט געזען, מען האָט געפֿילט, אַז אַלע פֿיר זענען זיי פֿאַרליבט אין זייער דאַמע, פֿאַרקאָכט, ווי יינגע סטודענטן, וועלכע ווילן זיך האַלטן, ווי ערפֿאַרענע, קלוגע און אויפֿגעברויזטע דאָנזשואַנען.

זי, די בלאָנדע האָט אויסגעזען, ווי אַ שמעטערלינק פֿון קרעם-קאָליר, מיט איין פּאָר אויגן האָט זי כּסדר געשמייכלט צו פֿיר יינגע לײַט, מיר האָבן דײַטליך געזען און געפֿילט, אַז קיין איינעם פֿון זיי האָט זי נישט ליב געהאַט שטאַרקער, ווי דעם צווייטן, זי האָט מיט אַלע פֿון זיי געטאַנצט מיט דעם זעלבן ברען און מיט דער זעלבער לײַכטקייט און אין טאַנצן צוגעשטעלט די ליפּן און זיך געלאָזן קישן, ווי אַ ווײַסע טויב, ווען זי איז אין הענט פֿון געטרײַען טויבן-שלעגער.

אָבער די נאַכט איז שוין אַוועק. אויף פּאַריזער ברוק קלאַפּן שוין רעדער, אין די פֿענצטער קריכט ליכט פֿון פֿאַרטאָג, די קעלנערס, די פֿלינקע גאַרסאָנס רוימען שוין אָפּ די טישן...

די מוזיק איז שוין אַוועק.

און דאָס פֿינפֿטעל, וואָס זיצט בײַם לעצטן טישל, וואַרפֿט ווידער גורל אויף דעם פֿריערדיקן אופֿן: זי נעמט אַראָפּ פֿון האַרצן דאָס שטיק בורשטין, עס דאַכט זיך דאַמאָלס אויס, אַז די ווײַסט

פון זיך אַליין אָב אַ שטיק, אַזוי ענליך איז דער בורשטין צו איר לייב... אויפן טישל ליגען פיר דינענקע שטיקלעך פּאַפּיר, אויף יעדעס שטיקל פּאַפּיר איז אָנגעצייכנט אַ נאָמען... פיר נעמען פון פיר יינגע בחורים. אויף איינעם פון זיי וועט פאַלן דער גורל... דער איינער וועט זי באַגלייטן... דער גורל איז געוואָרפן...

זי האָט שוין איר באַשערטן אויף דעם היינטיקן טאָג, די איבעריקע דריי בלייבן זיצן אַ רגע מיט אַראָבגעלאָזטע נעז, אָבער באַלד כאַפּן זיי זיך, אַז דאָס איז נישט ריטעריש. זיי הויבן זיך אויף און באַגריסן דעם גליקליכן, באַגריסן די דאַמע און די גאַנצע גרופּע פאַרלאָזט דעם לאָקאַל...

אויף דער גאַס ליגט שוין אַ פּאַס זון, די סיין, דער טייך, וואָס ליגט, ווי אין אַ מולטער פון בעטאָן, איז באַלויכטן, דער שפּיץ פון „נאטר דאַם" איז באַזילבערט...

ווען די יינגע חברה באַווייזט זיך אויף סאַן-מישעל לויפט זיי אַנטקעגן אַן עלטערע פרוי מיט אַ קויש רויזן...

די דריי פאַרעלנטע יינגע לייט קויפן אַ סך בלומען און זיי דערלאַנגען עס דער דאַמע, וועלכע זיי האָבן היינט פאַרשפּילט. דאָס פּאָרל זעצט זיך אַריין אין אויטאָמאָביל. די דריי באַגלייטן זיי מיט געשרייען, מיט פרייליכע מונטערע געשרייען:

— באָן וואָיאַזש!...

דער בורשטין האָט צוגענומען איינעם פון זייערע חברים.

נישט איין סטודענט האָט זי שוין געראַטעוועט פון הונגער. זי באַקומט געלט לייכט און וואַרפט עס לייכט אַרויס. זי, וועלכע פאַרברענט אַזוי שנעל און נוצלאָז איר יוגענט. זי רעכנט זיך נאָך וועניקער מיט אירע „פּאַרדינסטן"; זי פאַרשווענדט און צעטיילט אירע פראַנקן.

זי האָט ליב חברים און חברטעס און עס דאַכט, אַז אַלע זענען איר טריי ביז נאָר.

פאַר לואיז וועלן זיי גיין אין פייער און אין וואַסער.

נאָר אָט זע איך אַזאַ בילד, וועלכעס באַווייזט מיר, אַז

זי קאָן אויך איצט אין דער בעסטער צייט פון איר בליען זיין געגוג עלענט און פאַרלאָזן.

ביינאַכט. אין רעסטאָראַן „זשיפּסי". די מוזיק שפּילט. דער עולם טאַנצט. לואיז איז פאַראַן. קיין איין טאַנץ לאָזט זי נישט דורך, פּונקט, ווי אַ פישעלע גייט נישט אַרויס פון וואַסער, אַזוי גייט זי נישט אַרויס פון דעם טענצערס אָרעמס. זי טאַנצט מיט אירע חברים, מיט די יונגע לייט פון לאַטיינישן קוואַרטל, מיט לוסטיקע סטודענטן, זי האָט זיך היינט פאַרגעסן, אַז דאָ אין לאָקאַל זענען פאַראַן אויסער די סטודענטן רייכע געסט, וועלכע ווילן פאַר אַלץ באַצאָלן, וועלכע קומען דאָ אַלץ קויפן...

זי איז היינט אין אַ געהויבענע שטימונג, ווער ווייסט? אפשר האָט זיך אין איר יינג האַרץ היינט אויפגעוועקט אַ ליבע צו איינעם, צו איינעם...

זי זעט נישט דעם איבעריקן עולם, האָטש פון אַלע זייטן רופט מען איר, מען ווינקט צו איר...

די גאַרסאָנען זענען בייז אויף איר, דער פּדיון וועט זיין אַ קלענערער.

זי האַלט זיך אָבער נאָר אין איר קרייז. אין דעם קרייז פון די האַלב-אָרעמע סטודענטן.

פּלוצלינג הויבט זיך אויף איינער פון די געסט, מיט אַ מיאוסן פּנים האַלב שיכור...

ער בעט לואיז צום טאַנצן.

זי דערלאַנגט אַ קוועטש מיט די פּלייצעס: ניין. אָבער אַ באַסט וואָס צאָלט געלט, אַ גאַסט, וואָס באַשטעלט עטליכע פלאַשן וויין טאָר מען גישט אָבזאָגן און דערצו איז ער פריעך, און און דערצו איז ער שיכור... ער כאַפּט לואיז אין זיינע אָרעמס.

די מוזיק שפּילט און ער שלעפּט זי איבער דעם זאַל. זי פּראָטעסטירט, זי ראַנגלט זיך, זי ווערט צוקנייטשט און זיינע חוצפּה'דיגע הענד, נאָר דער ברוטאַל לאָזט זי נישט אָב, ער טאַנצט און ער שלעפּט מיט דער קאַפּריזנער לואיז, זי זעט איצט אויס אַזוי נעבעכדיג, ווי אַ פויגל, פון וועלכער מען צופּט אויס

בין בלוט די שענע פעדערן, זי איז שוין אויס לואיז, אויס־קעניגין פון סאַן־מישעל...

און אירע פריינט? — קיינער קומט איר נישט צו הילף. עס איז אַזאַ געזעץ. מען טאָר נישט אָפּזאָגן, ווען אַ גאַסט פאַר־בעט צום טאַנץ, איבערהויפּט אַ גאַסט, וועלכער טרינקט דאָ אויס אַ סך וויין...

ס׳איז אַזאַ געזעץ און מעגן אַלע געזעצן פאַרגעסן און צעטראָטן ווערן, אָבער דאָס געזעץ פון וויין־לאָקאַל ווערט אָפּגעהיט.

אויף מיר מאַכט די סצענע אַ שווערן איינדרוק; געווען אַ מאָמענט, ווען איך האָב זיך אַ ריס געטון פון מיין פּלאַץ, גע־האַלט ראַטעוון אַ הילפלאָזע, נאָר מיינע באַקאַנטע האָבן מיר אָפּגעהאַלטן:

— זיץ רויק! קאָנסט באַקומען צעקלאַפּט דיביינער און ווערן אַרויסגעוואָרפן.

בין איך שוין געזעסן רויק און צוגעקוקט זיך ביז צום סוף.

אין עטלעכע מינוט שפּעטער איז שוין לואיז געזעסן ביים טישל פון דעם גראָב יינגעשען טענצער, אויף אירע בעקלעך האָבן זיך געקייקעלט טרערן און אין האַנט האָט זי שוין גע־האַלטן אַ גלאָז שאַמפּאַניער.

זי האָט געוויינט און געלאַכט אינאיינעם.

און שפּעטער באַגעגען איך איר איינזאַם, אַליין קומט זי אַריין אין אַ קאַפע נישט ווייט פון דער סיין...

דער קאַפע „מאָמוס״ פאַרמאַכט זיך דריי ביינאַכט. אין צוויי שעה אַרום, פינף פאַרטאָג, עפענט זי זיך ווידער. עס קומען געסט.

אַ קאָרטן־שפּילער, ביי וועמען עטליכע פראַנק זענען גע־בליבן אין טאַש. עס קומען מוזיקאַנטן פון די נאַכט־לאָקאַלן, אַנ־דערע פון זיי אין סמאָקינגס מיט ווייסע קראַגענס. עס קומען נאַכט־וואַנדערער, וועלכע זוכן איינדרוקן אין ביינאַכטיגן לעבן. אויף אַלע־

מען ליגט אַ מידקייט פון איבערלעבן. די אויגן רויט, די באַ-
ווענונג פויל, אַפּאַטיש. מען כאַפּט זיך צו צום קאַפּע-קרעם.
די שטענדיק טומלדיגע געסט פון פּאַריזער קאַפּע שווייגן
איצט: פּאַרטאָג קלעפּט זיך צו די צונג. נישטאָ קיין מונטערקייט.
די גרעסטע צאָל באַזוכער פון קאַפּע „מאָמוס" זענען אין
דער איצטיקער שעה די גאַסן-מיידלעך.
געענדיקט מיט דער נאַכט...
איצט ווינקן זיי צו קיינעם נישט. איצט קוקן זיי אויף
קיינעם נישט. דאָס איז זייער שעה, אַ שעה פון מידער רויקייט.
זי פאַרבט אפילו די ליפּן איצט נישט, קוקט נישט אין שפּיגל.
קומט אַריין, זעצט זיך אַוועק און שפּאַרט אונטער מיט די
הענט דעם קאָפּ, באַשטעלט אַ קאַפּע און פאַרטראַכט זיך...
אפשר? ווער ווייסט זי?
אפשר איז דאָרט פאַראַן אין דער פּראָווינץ פון וואַנען
זי איז געקומען אַ נאָנטער מענטש? אַ מאַמע? אַ טאַטע? אַ שוועס-
טערל אַ קליינס? און איצט שוועבן זיי פאַר די אויגן, עס דער-
מאָנט זיך אַ פאַרגאַנגענע אידיליע...
ווער ווייסט זיי, די נאַכט-שמעטערלינגען!
פּלוצלונג ציט זי האַסטיק אויס די האַנט צו איר רעדיקול,
עפענט עס אויף און נעמט אַרויס פון דאָרטן אַ פּעקל אַסיג-
נאַציעס...
זי ציילט...
זי ציילט איר פאַרדינסט...
און זי ענדיקט נישט ציילן, זי קוועטשט אַריין די אַלע
אַסיגנאַציעס צוריק אין רעדיקול, הויבט אויף אַלעמען די
אויגן און צעשמייכלט זיך. צו וועמען? צו אַלעמען און צו
קיינעם נישט...

# „אַפריקע שרײַט„

אַ זומערדיקער באַגינען. אין אַ וואַגאָן ערגעץ דאָרט צווישן לעזש און אַנטווערפן, די פּאַסאַזשירן שלאָפן, יעדער איינער אויף זיין שטיקל פּלאַץ.

אויף די פּעל, ער איז שוין ליכטיק געווען, נאָר דאָ אויף דער האַלב־לײדיקער באַן־סטאַציע צווישן וואָקזאַל און פאַרשידענע גרויסע געבײַעס צווישן די פּיל וואַגאָנעס, מאַכט עס אַן איינדרוק, ווי אונזער צוג וואָלט אַרײַנגעפאָרן אין אַ טונעל און דאָרט געבליבן שטיין.

עבעץ שפּרייזט און קלאַפּט די רעדער פון אונזער צוג מיט אַ העמערל, אַ קול, אַ פייף, אַ טעמפּער קלאַפּ פון צוויי וואַגאָנעס, וועלכע פאַרייניקן זיך.

לאַנג דויערט אונזער שטיין אויף דער דאָזיקער נישט וויכטיקער סטאַציע. שוין צו לאַנג. איינער פון די פּאַסאַזשירן כאַפּט זיך אויף, דער צווייטער, דער דריטער. און יעדער איי־נער פון זיי פרעגט די זעלבע פראַגע:

— וואָס? מיר פאָרן, צי מיר שטייען?

— מיר שטייען.

— וואָס איז געשען?

— ווער ווייסט זיי דאָרט!

לאַנגווײַליק, מאָנאָטאָן. אַ שווערע מידקייט שמידט פיס און הענט, קאָפּ און לייב. דאַכט זיך, אַז מיין שכנס מידקייט גיט זיך מיר איבער, און ער, מיין שכן, דערפילט מיינע צו־בראָכענע ביינער. יעדער איינער פון אונז איז מיד פאַר אַלע זעקס מענטשן פון אונזער קופּע.

אַ באַגינען... דעם מענטשנס האַרץ איז אַלט און אור־אַלט. אַ סך עלטער, ווי דער מענטש אַליין טראַכט עס. איך בין ביין און איך בין זיכער, אַז אַלע מיינע שכנים אין קופּע־שטייגל זענען אויך ביין... אויף וועמען? נישטאָ קיין „וועמען״. עס איז בלויז פאַרהאַן אַ טעמפּע, אומבאַוואוסטע בייזקייט, אַ פאַרדרוס... ווייל עס פילט זיך דער באַגינען, די זון ליגט ערגעץ ברייט און פריי און דאָ איז אַ פאַרשטיקטער וואָקזאַל מיט פאַררויכערטע בנינים, מיט ציגל־רויטע וואַגאָנעס, וועלכע מאַכן נאָך מער טעמפּער אונזער בליק, די לופט איז דאָ פאַר־סמט פון דורכגעברענטן הייל און פון קוילען־רויך...

מען דאַרף ביים צווייטן נישט פרעגן, וואָס ער וויל איצט אין דער דאָזיקער רגע: אַ גוטן געלעגער, נישט מער. און גראָד איצט, ווען דער צוג איז שטיין געבליבן כאַפּן זיך אַלע אויף, פּונקט, ווי קינדער כאַפּן זיך אויף, ווען מען הערט זיי אויף צו וויגן.

עס האָט זיך שוין אויפגעכאַפּט דער ענגלענדער און אויסגעצויגן די לאַנגע פיס, געזאָגט זיין „גוט מאָנינג״ און אַריינגעשטעלט דעם מאָנאָקל אין אויג.

אַן עלטערע דאַמע מיט אַ גרויען קאָפּ האָר, אַ גאַנצער וואָלקן גרויקייט ליגט אויף איר קאָפּ און איך ווייס נישט פאַר־וואָס עס פרייט מיך, וואָס די אַלטע האָט אירע האָר נישט אָפּגעשוירן — געלאָזט זיי מיט דער נאַטור.

אפשר דערפאַר, ווייל אַנטקעגן איר זיצט אַ ייִנגערע מיט קורצע האָר, און יענע מאַכט אַן איינדרוק, ווי אַן אַרומגעשוירן בוימל אויפן ענגלעשן מאַניער.

די ייִנגערע איז שוין אויך נישט אַזוי ייִנג, כאָטש זי קאַרגט נישט קיין פאַרב. מען זעט אַרויס עטלעכע קנייטשן אונטער די אויגן. די נעכטיקע אַלט־געבאַקענע פאַרב פון פנים האָט זיך צעשוואומען איבער די באַקן. דאָס איז נישט קיין פנים דאָס איז אַ פאַליטרע.

צוליב דעם אַליין שוין באַדאַרפן די דאַמען פאָרן אין באַזונדערע קופּעען: מען זאָל נישט זען באַגינען, וואָס עס טוט

זיך אויף זייער גע̈זיכט... די נעכטיקע פאַרב... אָי, סאַר אַ פּנים אַזאַ פּנים האָט...

אָבער זי שמייכלט זיך, ווי גאָרנישט. מען מוז איר ענט־פערן מיט אַ גוטן דזשענטעלמעניש̈ן שמייכל...

נעכטן אין אָוונט האָט זי אַלע פּאַסאַזשירן געררייצט, קאָ־קעטירט און געפלאַפּעלט. איצטער פאַרשעמען מיר זיך איינער פאַרן צווייטן און מען קוקט מער אין פענצטער, ווי אויף אונזער שכנטע...

פון נעכטן טיילט אונז אָפּ אינגאַנצן עטליכע שעה און דאָס נעכטן איז שוין שענער און ליבער. נעכטן איז מיר וואויל געווען מיט די זעלבע פּאַסאַזשירן... איצט, איצט זעען זיי מיר אַלע אויס פאַרקריפּלט. איך קאָן נישט אָפּטרייבן איין גע־דאַנק: מיר דאַכט זיך כסדר, אַז דער ענגלענדער האָט אַ קינסט־לעכן פוס, אָדער אַ קינסטליכע האַנט... עס איז דאָך נישט אַזוי — וואָס האָט זיך צוגעטשעפּעט צו מיר אַזאַ געדאַנק? נעכטן האָבן אַלע אַזוי פיל גערעט און איצט שווייגן אַלע אַזוי־פיל...

פּלוצלונג קוקן זיך די פּאַסאַזשירן איבער. עס האָט זיך דערהערט אַ געשריי. אַ מאָדנער אומבאַקאַנטער ריטש פון אַ חיה. דאַכט זיך די לופט האָט אַ ציטער געטון, אונדזערע הערצער האָבן אַ ציטער געטון, נאָך אַ געשריי און נאָך.

מיר קוקן איינער אויפן צווייטן. מיר וואַרטן מיט דעם געדאַנק, אַז איינער וועט אונדז אויפקלערן וואָס דאָ קומט פאָר...

ווייל דער געשריי איז אונגעוווינליך פרעמד פאַר אונדז, די יענע וועלט. נאָנט און וייט, ווי ווייט עס קאָן נאָר זיין... נישט קיין געשריי, אַ גוואַלדיקער אַריינריס אין אונדזער וועלט, אַן אוראַלטער אָבגעפרעמטער קול, וואָס קומט פון אַ האַלדז, וועלכע שלינגט שטיקער שטח. עס צעטרייסלט די לופט, ווי אַ דונער.

— אַפריקאַ שרייט...

דאָס האָט זיך אָפּגערופן דער ענגלענדער. אַלע פאַרגעסן אויף אַ רגע די פריערדיקע אויפמערקזאַמקייט, די אויגן שטעלן זיך אָן אויף דעם לאַנגען מענטשן מיטן מאַנאָקל.

— וואָס הייסט?

— ס'איז אַלייב, דאָ פירט מען אַ לייב, איך דערקען דעם געשריי, פיר יאָר געווען אין אַפריקאַ, נישט איינמאָל אַנטייל גענומען אין יאַגד אויף אים... דאָרטן אין דעם ווילדן כאַאָס פון דער נאַטור איז זיין שרייען נאָך שטאַרקער, טיפער און ברייטער.

אַלע האָבן זיך אויפגעהויבן פון די ערטער און זענען צוגעלאָפן צום פענצטער. די אָנגעפּאַרבטע דאַמע האָט קאָקעטיש זיך געשראָקן, געוואָלט זיך שרעקן, ווי אַ יונג מיידעלע און דערביי עטליכע מאָל אויסגערופן:

דאָס איז דאָך אינטערעסאַנט, זער אינטערעסאַנט.

אין פענצטער האָט מען גאָרנישט געזען, וואַגאָנען און נישט מער, רויטע פראַכט־וואַגאָנען, ווי לאַנגע שטאָסן פון ציגל צונויפגעשטעלט. אַ שטיק גרויער וואָקזאַל מיט געציילטע שאָטנס פון מענטשן, וועלכע האָבן זיך אין יענעם פרימאָרגן גאָרנישט געאיילט, נאָר לאַנגזאַם געקראָכן צווישן די וואַגאָנען און געטון זייער אַרבעט אָן ווילן.

דאָס געשריי פון דער חיה ווידערהאָלט זיך, און זיי, די מענטשן אויפן וואָקזאַל, גייט עס נישט אָן, זיי הויבן אפילו דעם קאָפּ נישט אויף.

פון אונדזער וואַגאָן און פון די אַנדערע וואַגאָנען האָבן גענומען אַרויסקריכן פּאַסאַזשירן, מען האָט זיך אַרומגעקוקט, מען האָט געזוכט דעם אָרט, דאָס געשריי...

די אָנגעפּאַרבטע דאַמע איז אַרויסגעלאָפן די ערשטע, נאָר גלייך האָט זי זיך אָפּגעשטעלט און אָפּגעוואַרט, אַז די מענער זאָלן גיין פריהער. דערביי האָט זי ווידער געוואָרפן איין וואָרט:

— ס'איז דאָך אינטערעסאַנט, זער אינטערעסאַנט...

זי האָט נישט געענדיקט, די לעצטע זילבע נישט געענדיקט, חייל דער לייב האָט געעפנט אַ מויל, ווי אַן אָפּגרונט און ווידער אַ ריטשע געטון... ווי וואָלט אויסגעזען די דאַמע

אונדזערע, ווען זי בלייבט דאָ אַליין? זי וואָלט גענומען אַזוי־שרייען, אַז דער לייב וואָלט זיך אפשר דערשראָקן.

אַ שטיקל וועג פון דעם אָרט, וואו אונדזער צוג איז געשטאַנען, אויף אַן אָבגעזונדערטער ליניע האָט זיך געזען אַ וואַגאָן־פּלאַטפאָרם, אויף דער פּלאַטפאָרם אַ גרויסע שטייג פון אייזן.

אין שטייג אַ לייב... אַ גיגאַנט, אַ מזיק. ער שטייט אין אַ פּאָזע, ווי ער וואָלט אונדז אַלעמען אָבוואַרטן, דער קעניג פון די וועלדער וואַרט אויף געסט.

מיר גייען צו אים, מיר זענען אָרעמע נישט אויסגעשלאָפענע מענטשלעך, אַ גליק נאָך, וואָס גאָט האָט אונדז געשענקט אַביסל נייגעריקייט — אַנדערש וואָלטן מיר נישט געהאַט מיט וואָס צו שטאָלצירן אַנטקעגן די ווערם...

פון אונדזער ענגלענדער איז דער גאַנצער ספּלין אַוועק... ער האָט גענומען שמייכלען און וויצלען זיך:

— לעדיס און דזשענטלמענס! איז דאָס נישט אַ פאַטאַלער טעות?

די דאַמע כאַפּט זיך אַרויס די ערשטע:

— וואָס פאַר אַ טעות?

— אָט דאָס, וואָס ע ר איז אין שטייג און מיר זענען אויף דער פריי...

— מיט אַזעלכע ציין? מיסטער! וואָס רעט איר?

דאַכט זיך, אַז מיר אַלע, וואָס שטייען דאָ אַרום דער שטייג, האָבן נישט קיין ווערטער. אַ פרישע אונבאַזיגטע קראַפט קוקט אויף אונדז, מיר דערפילן אין זיך אַן אונבאַקאַנטן דרך־ארץ צום לייב, זיין גרויסער קאָפּ וואָס איז געקרויזט אין לאָקן, ווי אַ גאָלדענע כריזאַנטעמע, דעקט אונדז צו אינגאַנצן, פאַרנעמט אונדזער גאַנצע נשמה...

און בשעת מיר זענען פאַרנומען מיט אונדזער אַנטציקונג, בשעת מיר שווייגן אין זיך און מיר זוכן אַן אויסדרוק צו באַוואונדערן דעם אייגנאַרטיקן פאַסאַזשיר וועלכן מען האָט אָפּגעגעבן, ווי אַ גרויסן יחסן, אַ באַזונדער קופּע פון אייזן־שטאַבעס געפלאָכטן, אין דער רגע פאַרגלוסט זיך דעם לייב אַ שפּרונג.

צו טון צו איין וואַנט פון זיין לופטיגער קראַטע, ער דערלאַנגט אַ שפּרונג־אַוועק עטליכע מעטער צוריק און די דאַמען ווידערהאָלן דעם לייבס שרייען מיט אַ קוויטש, עס כאַפּט אָן אַ נעבעך צו קוקן אויף זיי.

— אַ פּאַסאַזשיר! — רופט זיך אָן איינער פון די צושויער.

דער צווייטער רעאַגירט:

— איך וואָלט וועלן זען, ווי דער קאָנדוקטאָר וואָלט אַריינגעגן צו אים בעטן אַ בילעט.

דער עולם וויל לאַכן פון וויץ, מען האַלט זיך אָבער אָב, מען האָט מורא פאַר דעם ריז. וועלכער איז שטען געבליבן אין שטייג און מיט קלוגע ערנסטע אויגן גענומען באַטראַכטן די צווייפיסיקע, וועלכע פּלאָנטערן זיך אַרום שטייג.

מען וויצעלט זיך ווייטער, נאָר מען לאַכט נישט אויפן קול, מען וויל זיך נישט רייצן מיט אַ קעניג... זאָל זיין אַ קעניג פון וועלדער, זאָל זיין אַ געפאַנגענער קעניג.

דער צוג וועט נאָך אַזוי גיך נישט אַוועקגען, ווייל דער לייב אויף דער וואַגאָן־פּלאַטפאָרם ווערט טאַקי צוגעטשעפּעט צו אונדזער צוג, מען פירט די חיה קיין אַנטווערבן אין זאָלאָגישן גאָרטן. דאָרט וועט זי שטען אין אַ שטייג, נעבן אַנדערע שטייגן. יאָרן און יאָרן וועלן אַוועק, דער לייב וועט שפּרייזן הין און צוריק. מענטשן אין גאָרטן. קינדער וועלן זיך ווײַלן און פון צייט צו צייט וועט „אַפריקאַ" אויסשרייען מיט ווילדער בענקשאַפט, די לופט וועט ציטערן פון זיין געשריי, נאָר שטייג וועט בלייבן שטייג, שלאָס וועט בלייבן שלאָס.

און דאָ האָט דער ענגלענדער גענומען דערציילן נסים וועגן לייבן. ער האָט זיי געזען אין די ווילדסטע וועלדער, ער האָט אויך געליינט וועגן זיי אין די קלוגסטע ביכער:

— אַזאַ חיה איז דאָס, צען דורות אין געפאַנגענשאַפט און עס בלייבט ווילד, ווילד, ווי אין דער מדבר.

מענטשן שטייען אַרום אַ שטייג פון אַ לייב און רעדן איצט וועגן לעבן און וועלט, וועגן פאַרגאַנגענע ווילדע צייטן, וועגן

אַזעלכע גרויסע חיות, וואָס זענען גרעסער געווען, ווי דער וואָקזאַל-בנין פון אונדזער באַן-סטאַציע...

איינער רעט:

— ווען אַזאַ חיה פלעגט זיך רירען אויף דער ערד, פלעגט זי אויסזען, ווי אַ וואָלקן, זי פלעגט גיין און ברעכן בוימער, שטיינער פלעגט זי צעשלאָגן.

די פאַנטאַזיע וואַקסט, יעדער איינער דערמאָנט זיך עפעס און וויל איבעררעשן די איבעריגע מיט זיין וויסן אָדער מיט זיין פאַנטאַזיע...

דער לייב אַליין האָט זיך אויסגעלעגט אין זיין שטייג, איין לאַפע האַלב באַהאַלטן אונטער זיך און די צווייטע לאַפע אַרויסגערוקט פאָראויס, קען מאַכן דאָס זעלבע, בעת זיי וואַרעמען זיך אויף דער זון.

ער הערט זיך איין דער לייב, וואָס די צווייפיסיקע פלאַפלען, מיט אַ מאָל עפענט ער אויף אַ מויל מיט ציינער, אַ טיף מויל מיט שרעקליכע ציינער, און געניצט זיך אויס מיט זיין גאַנצער קרעפטיגער הנאה.

נישט אינטערעסאַנט, וואָס מענטשן רעדן.

ער, דער שווייגעדיקער הערשער פון מדבר, איז פאַר די מענטשן מער אינטערעסאַנט. זיי ווילן פון דאַנען נישט אַוועקגיין. פונקט ווי קינדער זענען זיי נייגעריק געוואָרן און זיי פרעגן אויס ביים באַדינער פון צוג, ווען און וואו מען האָט דעם לייב געכאַפט, צי מען וועט אים אין אַנטוועערפן האַלטן אין אַ באַזונדער שטייג, צי מען וועט אים געבן אַ „זי״?

דאַכט זיך, אַז דער לייב ווערט שוין אומרויק. ער דרייט מיט זיין שטייפן וויינדל און קלאַפּט מיט אים די שטייג, די אויגן ווערן אומרויקער. נאָר נישט אַלע פון די צוקוקערס באַמערקן דאָס. די דאַמע פון אונדזער קופע האָט זיך געכאַפּט, אַז פאַר אַזאַ קאַוואַלער פּאַסט נישט צו באַווייזן זיך אין נעכטיגן פאַרב און פודער און זי האָט דאָך איר „שענקייט״ אין דער לעדערנער טאָרבע, זי נעמט אַרויס די ליפּן-פּאָמאַדע און פאַררויטעלט די ליפּן, זי מאַכט עס לאַנגזאַם, געדולדיק און

שאַרפט יעדער רגע אַ בליק אויף דעם לייב. זי איז שוין באַלד פאַרטיק, זי פודערט שוין די באַקן...

זי אַרבעט פלייסיק, כמעט ערנסט, אַ ווילדער וואָלט גע־מיינט, אַז דאָס איז אַזאַ מין ריטואַל...

מיט אַמאָל דערלאַנגט דער לייב אַ שפרונג פון זיין אָרט, ער רייסט זיך אָב פונקט ווי אַ שלאַנג וואָלט אים איינגעביסן...

אַ שפרונג און אַ געשריי... די שטייג, דער וואַגאָן דאַכט זיך, אַז די וועלט צעטרייסלט זיך. די מענטשן שפרינגען אָב צוריק, די אָפּגעפּודערטע דאַמע לאָזט אַרויס אַ קוויטש און די זילבערנע פודער־שאַכטעלע פאַלט אַראָב אויף דער ערד. די פודער שיט זיך אויס...

איינער פון די דזשענטעלמענס הויבט אויף דאָס לעדיקע שאַכטל און אַלע קוקן זיך צעשראָקן אַרום.

דער וואַגן־באַדינער רופט זיך אָב:

— האָט נישט קיין מורא, די שטייג איז אַ זיכערע.

אָבער וואָס בייזערט ער זיך אַזוי דער לייב?...

— צוליב דער דאַמע, דער לייב האָט נישט ליב די אָנ־געפודערטע און די אָנגעפּאַרבטע...

מען לאַכט פויל און מען גייט צוריק אין די וואַגאָנען.

# שמעון קאָנקעל.

איינענטליך ווייסט נישט קיינער, ווער ער איז, פון וואַנען ער קומט אין אונדזער געזעלשאַפט און וואוהין ער גייט אַוועק דער לעצטער...

מען ווייסט זיין נאָמען, מען ווייסט, אַז ער איז אַ לערער, מען ווייסט נאָך עטלעכע אויסערלעכע קליינינקייטן, אָבער אַ מענטש, אַ וועלט פון אַ מענטשן איז פאַרבאָרגן. נישט ער דערציילט, נישט קיינעם פאַלט־איין צו פרעגן ביי אים פון זיין אינערלעכן לעבן. איינער זאָגט וועגן אים:

— אַן אַלטער בחור.

און דאָס איז גענוג, דער צווייטער זאָגט:

— אַ טיפ, אַ טשודאַק... און דאָס איז אויך גענוג.

זיין פּאָטרעט:

אַביסל בעריש געבויט, נידריקער פון מיטל־וואוקס, אַ ברייטער קאַרק, טונקל ס׳געזיכט, די האָר, די אויגן, דער בליק, טונקל... דער קאַרק זיינער, עס מאַכט אַן איינדרוק, אַז ער טראָגט אויף זיין קאַרק נאָך אַ קאַרק, כאָטש ער איז נישט קיין הויקער. עס מאַכט אַן איינדרוק, אַז ער שלעפּט מיט זיינע פיס נאָך אַ פּאָר פיס. די טריט זענען שווערע, נישט אויסגעמאַטערט, נאָר עפּעס שווער פון אַן אינערלעכע פוילקייט, פון אַ לאַנג־פאַרגעסענער רעזיגנאַציע... דאָס גאַנצע אויסזען זיינס וואַרפט באַלד אָן אַ שאָטן פון אַ אומבאַשטימטער אַלטקייט. עס איז גענוג, ער זאָל אַריינקומען אין אַ צימער, און דאָס צימער ווערט עפּעס עלטער, די פרישע מאָדערנע מעבל באַשאָטנט זיך, די יינגע בעל־הביתטע באַקומט עטלעכע קנייטשן, אַזעלכע קנייטשן, וועלכע

מען האָט פריער גאָרנישט באַמערקט ביי איר. אַז שמעון קאַנ־קעל שפרייזט איז דאָס נישט קיין געוועגליך שפרייזן. ער שלינגט איין אין וועג אַלץ, וואָס לעבט און באַוועגט זיך אין ייגענט־ליכער באַוועגונג, ער פאַרטושט די קאָלירן אַרום זיך. אַלץ ווערט אַביסעלע פאַרלאָשן, אַביסעלע לאַנגזאַמער און אַביסעלע גרויער, זעלטן־ווען ער בייט אַ בגד. נאָר ווען ער לייגט אַרויף אויף זיך אַ נייעם מלבוש, ווערט פון דעם שטאָף באַלד אַרויס־געצויגן יעדער אָטעם פון נייקייט און פרישקייט, עס ווערט אַ בגד פון שמעון קאַנקעל, עס זעט־אויס ווי דאָס וואָלט שוין אַזוי ליגן אויף אים אַ יאָר צוואַנציק. אַמאָל טראַכט מען און עס גלויבט זיך, אַז אונטער דעם מלבוש איז קיין לייב נישטאָ, נאָר אָט די גרויע צודעקעכץ. דאָס איז זיין לייב און גוף.

דאַכט זיך, אַז ער האָט אַליין אָן זיך פאַרגעסן. עמיץ שטעלט אים און פרעגט ביי אים די געוועגליכע פראַגע:

— וואָס מאַכט איר?

דערלאַנגט ער זיך אַ כאַפּ מיטן גאַנצן שווערן קערפּער און פרעגט באַלד אַ פראַגע אויף אַ פראַגע:

— ווער? איך?

ער פרעגט עס מיט אַזאַ טאָן, מיט אַזאַ שווערע מינע, אַז עס פאַלט פשוט אָפּ דער חושק מער צו פרעגן. עס גלויבט זיך נישט, אַז ער איז שטענדיק געווען אַזאַ שווייגעדיקער — אַ מענטש האָט דאָך געהאַט אַ קינדהייט, אַ יוגענט... פון וואַ־נען קומט ער?

קוקסט אויף אים, רעדסט מיט אים און קאָנסט קיינמאָל נישט וויסן, צי דער מענטש איז אַ גוטער, צי אַ שלעכטער, אַ נאָכגעבער, צי אַ כעסן, אַ קאַרגער, צי אַ מילדער. און סוף־כּל־סוף ווילסטו דאָס נישט וויסן. עס גייט דיר נישט אָן. בנוגע אים איז מען נישט נייגעריק, ווייל אַלע זענען זיכער, אַז דאָס, וואָס מען זעט אין אים, אויף אים — דאָס איז ער... אמת, אין זיין געזעלשאַפט פילט מען זיך אַביסל עלטער, אפילו אַ יינג מיידל. די יינגסטע אַפילו רייסט איבער אינמיטן דאָס לאַכן, זי לאַכט באַלד ווידער, נאָר שוין מיט אַ טאָן איינגעהאַלטענער, ווייל אַ

מענטש ווירקט, א מענטש,מיט אַ שווערן קאַרק, אַ מענטש, וואָס אויף יענעמס הונדערט ווערטער ענטפערט ער מיט צוויי חערטער און אַמאָל מיט גאָרנישט...

גאַנץ אָפט קומט ער ביינאַכט אין באַר אַריין. קיין שנאַפּס טרינקט ער נישט, נישט דערפאַר ווייל ער טאָר נישט טרינקען, צי ווייל ער קאַרגט. ניין! ער טרינקט נישט, ווייל ער איז צו דעם נישט צוגעוועגט געוואָרן און אפשר דערפאַר, ווייל אַלקאָהאָל וואָלט אים אַ ביסל דערוואַרעמט און זיין בלוט וואָלט גענומען ברויזן, דאַמאָלס וואָלטן זיינע פלייצעס געמוזט זיך אַביסל לייכטער באַוועגן, און דאָס איז פאַר דעם קאָנקעל קיין ענין נישט: זיינע פלייצעס באַדאַרפן און מוזן בלייבן אין זייער געחענליכן צושטאַנד. ווי אַ געפּאַנצערטע קאַסע, ווי אַ זייל פון אַ גרויסער בריק, ווי אַ שווערער שטיין, וואָס ליגט ערגעץ ביי דער זייט פון אַ וועג... ער טרינקט שוואַרצע קאַווע, גאַנצע גלעזער, אַ גלאָז נאָך אַ גלאָז. ווי אַ טרינקער טרינקט ביר. און אויף אים ווירקט די קאַווע אַנדערש, ווי אויף אַלע מענטשן. אים פאַרשלעפערט עס, און נישט איינמאָל זעט מען אַזאַ בילד, ווי שמעון קאָנקעל פאַרוואַרפט עטוואָס דעם קאָפּ אויף יענער זייט פון שטול, עפנט ס'מויל און שלאָפט... מען דאַרף זיין אַ מזיק איינצושלאָפן אין באַר, וואו דער דזשאַז־באַנד קלאַפּט מיט זיין שדים־קלאַפּעריי, וואו די הייזעריקע באַר־פּרימאַדאָנע קוויטשעט אַ לידל, וואו צענדליקער צעהיצטע מענטשן פּלאַפּלען... ער שלאָפט און אַמאָל טאַקי שלאָפט ער אַזוי ביז מען פאַרמאַכט דעם באַר. שלעפּט ער אַרויס זיין שווערן גוף אויף דער גאַס און דער, וואָס זעט אים, טראַכט אַודאי, אַז שמעון קאָנקעל גייט אהיים, ווי אַלע מענטשן... אָבער ס'איז אַ טעות אַזוי צו טראַכטן: איר וועט אים באַגעגנען אין אַ שעה, אין צוויי, אין דריי שעה אַרום אויף דער גאַס. דער טראָטואַר איז איצט ליידיק, די מעלאַנכאָלישע נאַכט־לאָמפּן באַלייכטן אַ סילועט פון אַ מענטשן, ער שטעלט שווערע טריט, ער שפּרייזט, וואוהין? אָט דאָרט שטעט אַ מחנה אויטאָמאָבילן, די שאָפערס האָבן זיך אַלע צונויפגעזאַמלט, זיי שמועסן זיך איצט אויס וועגן זייערע טאָג־און נאַכט־ענינים.

גייט ער צו צו זיי, כּלומרשט אַ פּאַפּיראָס צו פאַררויכערן, אָבער אין דער אמתן ווילט זיך כאַפּן אַ שמועס מיט זיי, נאַכט־מענטשן, און מיט זיי פילט זיך אונדזער העלד אַמבעסטן...

אויב נישט מיט די שאָפערס, איז מיט די דראָזשקאַזשעס, מיט די נאַכט־סטרוזשעס, ער טיילט זיי פּאַפּיראָסן און באַקומט ביי זיי פייער, און איין גאָט ווייסט, וואָס ער רעט מיט זיי, וואָס דערציילן זיי אים און וואָס דערציילט ער זיי?

איר קאָנט אים טרעפן ביי נאַכט נעבן הויפּט־וואָקזאַל און אויף אַלע יענע גאַסן, וואו די נאַכט־פרויען בלאָנדזשען אַרום.

ער איז מיט זיי אַ גאַנצער מחותן...

— העי, פאַניע! גוט אָוועגד...

און זיי רינגלען אים אַרום, דעם נאַכט־פריינט. קיין וואָרט פון באַליידיגונג, אַפילו די פרעכע רייד הערט מען זעלטענער, זיי פילן זיך אין זיין געזעלשאַפט מענטשליכער און גוטמוטיגער.

קאָנקעל איז געקומען...

און פון אַלע עקן גאַס רוקן זיך די שאָטענס אין פּאַטשיי־לעס און אין קאַפּעלושן... ווער ווייסט זיי, וואָס פאַר אַ גוטע נייעס ער ברענגט זיי, וואָס בינד זיי, די דאָזיקע מענטשן? אָפט גייט ער צוריק און אַ גאַנצע מחנה פרויען באַגלייטן אים, אויפן וועג כאַפּט מען אַ יונגל מיט בייגל. קאָנקעל פונדעוועט און אַלע עסן געשמאַק...

די נאַכט־מענטשן זענען זיינע מענטשן...

איצט פאַרשטייט איר שוין פאַרוואָס ער שלאָפט איין אין באַר. דער „דזשאַק" איז זיין וויג־ליד. אַ מענטש שלאָפט נישט גאַנצע נעכט... ער — אַ שותּף צו די נאַכט־שאָטנס... וואָס האָט ער ליב? וואָס איז זיין ציל? געלט? קיינמאָל נישט. עס איז געגנוק אַ קוק צוגעבן, ווי דער מענטש האַלט געלט אין קע־שענע. די אַסיגנאַציעס באַקומען זייער פּנים. ניין! אַ מענטש, וואָס האָט ליב געלט האַלט נישט אַזוי קיין אַסיגנאַציעס.

עסן?

ער קוקט קיינמאָל נישט אין טעלער, וואָס מען דערלאַנגט אים, דאָס עסט ער...

וואָס האָט ער ליב? וואו געסטעלט זיך זיין ליבע, זיין ציל אין לעבן?

קיינער נישט, כמעט קיינער ווייסט נישט, וואו דער מענטש וואוינט, און קוים אָט עס איינמאָל איינער אַנטדעקט, האָט מען ביים סטרוזש פון יענעם הויף גאָרנישט געקאָנט אַרויסבאַקומען.

— דער פאַן נאַאוטשיטשעל — האָט ער אָנגעהויבן רעדן און באַלד אַ מאַך געטון מיט דער האַנט. און גיי טרעף, וואָס אַ סטרוזש מיינט, בעת ער גיט אַ מאַך מיט דער האַנט.

און אַמאָל, עס טרעפט דאָך, מען נעמט רעדן וועגן אים, מען פאַרנעמט זיך מיט זיין פערזאָן, מען גראָבט אויס אמתן און ליגענס וועגן אים, מען מאָלט אים אויס ווי אַן „אָריגינאַל", און עס דאַכט זיך דאַמאָלס, אַז דער פאַרגעסענער, האַלב־פאַר־געסענער שמעון קאָנקעל איז קלוגער און אינטערעסאַנטער ווי אַנדערע.

נאָר קיין סך צייט שיינקען אים נישט די מער.

אַ סך מער פאַרנעמען זיי זיך מיט אים, בעת מען דער־וואוסט זיך עפעס אַ קאָמישע געשיכטע וועגן דעם אַלטן [illegible]זור.

און עס איז פאַראַן פון וואָס צו לאַכן, דאַמאָלס לאָזט מען זיך וואוילגיין. איינער דעם צווייטן דערציילט דיזעלבע גע־שיכטע, יעדער איינער פאַרגרעסערט עס אַביסל...

אָט האָט מען פאַראַיאָרן ווינטער דערציילט, אַז אויף דעם הויף, וואו שמעון קאָנקעל וואוינט, אויף דעמזעלבן הויף, וואו עס שטייען עטלעכע בוימער... האָבן אויף די בוימער פּלוצלינג אָנגעהויבן וואַקסן סקאָרפּעטן און קראַגנס. דער עולם אויפן הויף האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט די דאָזיקע „געוויקסן" און מען איז דערגאַנגען, אַז דער „פאַן נאַאוטשיטשעל" האָט אַביסל אויסגערייניקט זיין צימער. און די אַלטע סקאָרפּעטן די צע־לעכערטע מיט די אַלטע אויסגעריבענע קראַגנס האָט ער דאָס פון זיין פענצטער אַרויסגעוואָרפן. דער סטרוזש האָט געמאַכט סקאַנדאַלן און שמעון קאָנקעל איז עטלעכע וואָכן נישט געקו־מען נעכטיקן...

מיט די סקאָרפּעטן אויפן בוים האָט אַ שטיקל צייט גע־

טומלט. בשעת מען פלעגט וועגן דעם רעדן אין קאַנקעלס אַנוועזנהייט, פלעגט ער שמייכלען אין זיך און נישט ענטפערן קיין וואָרט.

איבערהויפט איז אַן אומגעגלעכע זאַך אים פון גענוד ארויסצופירן. אפילו ביי ערגערע שפּאַסן. ער רופט זיך נישט אָפּ און מיט דעם אַנטוואָפּנט ער דעם גרעסטן אָפּשפּאַסער...

ער שפּרייזט עפּעס אָן א זייט פון לעבן און דאָס לעבן שפּרייזט אַביסל ווייטער פון אים. עס טרעפט אָפּט אין א צייט פון גאָר א גרויסער געשעעניש, בעת אַלע פּלאַפּלען און רעדן עס אַרום, וואַרפט ער אַריין א פראַגע:

— וואו? וואָס? ווען?

פּונקט ווי פון הימעל אַראָפּגעפאַלן, און קיינער וואונדערט זיך נישט אויף אים. גיכער וואָלט מען זיך געוואונדערט, ווען ער וואָלט יאָ געווען אין קורס פון דער געשעעניש.. קאַנקעל באַדאַרף עס נישט וויסן, פאַר אַלעמען איז ער, ווי אַן איבריקער, נישט נויטיקער אויף דער וועלט... אָט זיצט א מענטש און פאַרנעמט א פּלאַץ...

מער גאָרנישט...

בלויז א טיפער באַאָבאַכטער קאָן באַמערקן, אַז דער איינער, דער שווייגער, האָט אויך זיין וועלט, און דער, פון וועמען אַלע לאַכן גאַנץ אָפּט... עס קאָן זיין אַז ער לאַכט מער פון אַלעמען.

נישט לאַנג צוריק איז געקומען אַן איבעראַשונג:

מען האָט זיך דערוואוסט, אַז ער ליגט קראַנק, און בייטעלעכע האָט זיך אַרויסגעריסן מיט אַמאָל:

— וואָס שמעון קאַנקעל קראַנק? ווי קומט עס צו אים?

פּונקט ווי מען וואָלט זיך פאַרוואונדערט:

— שמעון קאַנקעל האָט גענומען א פּריז פאַר טשאַרלסטאָן? אַזאַ מענטש באַדאַרף אפילו נישט קרענקען. דערנאָך האָט מען געפרעגט:

— וואָס פאַר א קרענק?

— וואו ליגט ער?

— וואו וואוינט ער?
און דערנאָך האָט מען ווידער גערעט וועגן אַנדערע זאַכן.

ווען שמעון קאָנקעל שטאַרבט, וואָלט זיך איינער, צי צוויי, איך אַזוי פאַרוואונדערט און געפרעגט:

— וואָס? ער געשטאָרבן? און אַ צווייטער וואָלט זיך געוויצעלט:

— און ווען האָט ער געלעבט? זאָגט מיר...
דאָך...

איינעם פון אונדזער באַקאַנטע האָט זיך איינגעגעבן צו געפינען זיין צימער. איז יענער געקומען און דערציילט:

— איך בין געגאַנגען אויף פינסטערע טרעפּ און שיער די פּיס צעבראָכן, אַזעלכע טרעפּ זענען ספּעציעל פאַר קאָנקעלן באַשאַפן געוואָרן, דערנאָך אַ פינסטערער קאָרידאָר, דערנאָך אַ שווערע טיר, אַלץ אין סטיל פון דעם אַלטן בחור, און אַ צימער, וואָס איז איינגעוויקלט אין אַלטקייט: אַלטע ביכער, אַלטע בריף, אַלטע שיך און דער אַלטער שמעון... געקומען צו אים אַ מענטש, האָט ער זיך אַביסל פאַרוואונדערן. ער האָט געקוקט אויף מיר, איך אויף אים, מיט צרות אַרויסבאַקומען אַ פּאָר ווערטער, ווען איך וואָלט אים נישט געקענט, וואָלט איך געטראַכט: משוגע געוואָרן...

און דער באַקאַנטער אונדזערער האָט זיך געלאָזט דערציילן פון זיין באַזוך, דערציילט האָט ער קאָמישע זאַכן, וועלכע זענען אין דער אמתן גאָרנישט קאָמיש געווען... טרויעריקע זאַכן.

איבערראַשט אַביסל זענען אַלע געוואָרן, ווען דער באַזוכער ביי קאָנקעלן האָט אונדז דערציילט. אַז ער האָט געזען ביי אים אין צימער אַ קליין קינדערש וועגעלע... יאָ, צווישן די אַלע שמאַטעס איז געלעגן מיט די רעדלעך אַרויף אַ קינדערש וועגעלע...

— ווי קומט עס צו שמעון קאָנקעל?

וואָס, אפשר אַ פרוי געהאַט אַמאָל, אַ פרוי, צי אַ געליבטע?

און אַ קינד... אַ קינד אין אַ וועגעלע און ער אַליין האָט עס געפירט אויף דער גאַס... אפשר?

מענטשן האָבן אויף אַ רגע אויפגעהערט צו רעדן. יעדער האָט אין זיך אַביסל געטראַכט וועגן דעם קאָנקעל. עס איז פאַר זיי אויסגעוואַקסן אַן אַנדער מענטש, די שווערקייט פון זיין קאַרק איז אַראָפּגעפאַלן. די פּיס שפּרייזן לייכט... שמעון קאָנקעל שפּרייזט געאָרמט... מיט אַ פרוי

ער איז פּלוצלונג געוואָרן אַ מענטש מיט אַלע מענטשן גלייך... און איינער האָט זיך אָנגערופן:

— ווער ווייסט זיי, די אַלטע בחורים, וועלכע סודות זיי טראָגן אין זיך...

# מיין ליולקע

די ערשטע ליולקע האָט מיר געגעבן אלס מתּנה אַ באַקאַנ־טער מיינער, ביי וועמען איך האָב געגעכטיקט אין מאָסקווע. איך האָב דאַמאָלס קיין וואוין־רעכט נישט געהאַט, אין אַ האָטעל האָט מען נישט אַריינגעלאָזן אַזעלכן. דאָס איז געווען אין ערשטן יאָר פון דער מלחמה. דער מענטש האָט מיר געטון אַ גרויסע טובה, אַנדערש וואָלט איך בעדאַרפט בלייבן אין ביטערן פראָסט אויף דער גאַס.

איך האָב אָבער געמוזט קומען זער פרי אַהיים, מען זאָל נישט באַמערקען ביים פאַרשלאָסענעם טויער מיין קומען.

איך האָב געמוזט בלייבן לאַנגע שעהן מיט אַן עלענדן מענטשן, וועלכער האָט פאַרלוירן ווייב און קינד. ער האָט עפּעס געהאַט אין לעבן אַ טראַגעדיע, אַ סך טראַגעדיעס.

דער מענטש איז אַן עגאָאיסט: פאַר זיין גאַסטפריינטלעכ־קייט, פאַר היים און געלעגער האָב איך אים אין האַרצן גע־דאַנקט, נאָר פאַר דעם, וואָס איך מוז אויף אים קוקן לאַנגע שעהן, אויסהערן זיינע מעשיות, שווייגן בעת ער שוויגט, קוקן אויף זיין רויקייט און אַליין בלייבן אומרויק און אויפגערעגט, וואָס איך מוז אַזוי פטרן מיינע אָוונטן. איך האָב אים געהאַסט... אפשר דערפאַר, ווייל צוליב מיין לאַגע האָב איך געמוזט וועמען האַסן, אויסלאָזן אין זיך צו וועמען מיין כעס, דער מענטש האָט מיר אויפגערעגט מיט אַלץ, מיט זיין אַלטקייט, מיט זיין צע־קנייטשטן בגד, מיט זיין כראָפּן ביינאַכט אין שלאָף און דער עיקר מיט דעם, וואָס ער האָט שוין גאָרנישט געוואָלט פון לעבן און גאָרנישט געוואַרט פון זיינע טעג.

ער פלעגט שטענדיק האַלטן אין מויל זיין ליולקע.

און די דאָזיקע ליולקע מיט דעם שווערן טאַבאַק-ריח האָט מיך געפייניקט און פאַררויכערט מיין נשמה. ער האָט באַמערקט מיין אויפרעגונג, מיין אונרויקייט און איינמאָל זיך אָנגערופן:

— איר דאַרפט רויכערן אַ ליולקע, איך זאָג אייך, עס בארויקט.

אין עס איז אַוועק אַ דרשנען, אַ גאַנצע פּי-אָזאָפּיע וועגן ליולקע און ליולקעס, אויסגעזען האָט, אַז אַ ליולקע איז די איינציקע רעטונג...

מיין גאַסט-פריינטליכער בעל-הבית האָט זיך טאַקע נישט געפוילט, האָט אויפגעעפענט אַ שופלאָד, וואו עס איז געווען אַ גאַנצער בית-עולם פון האַלבע און גאַנצע ליולקעס, אַלטע, אויסגערויכערטע, איבערגעבראָכענע, אָפּגעביסענע. ער האָט לאַנג געזוכט און אויסגעפונען פאַר מיר אַ מציאה:

— אַן עכטע, אַן ענגלישע, גיט אַ קוק די פירמע: „ציוויק" די עלטסטע פירמע פון ליולקעס און ענגלאַנד.

אויסגערייניגט און אָנגעשטאָפּט מיט טאַבאַק.

איך האָב געפּרובט רויכערן און זיך פאַרהוסט און ווידער גערויכערט. עס האָט געביסן די צונג די ביטערקייט און ווען איך בארויק נישט די נערוון, וואָלט ער געוויס באַקומען מיט זיין ליולקע אין קאָפּ אַריין.

ער האָט געקוקט אויף מיר, ווי איך ווערג זיך מיט דעם טאַבאַק און גוטמוטיק גערעט:

— איר קאָנט נאָך נישט וויסן מיט אַ מאָל, שפּעטער וועט איר עס פאַרשטיין, ווען די וועלט ברענט, ווען די וועלט שווייגט ביינאַכט ווי אַ בית-עולם—שטענדיק אַרויסגענומען די ליולקע, אָנשטאָפּן מיט טאַבאַק, שטענדיק אין אַלע אונרויקייטן פאַררויכערן די ליולקע... איר וועט עס דערפילן, דאַמאָלס ווען איר וועט זיך צוגעוועגען... די ליולקע בארויקט, איר וועט זען.

אַזאַ אַלטער נודנער בטלן — ער האָט געטראַכט: איך

האָב זיך צוגעווינט און איך האָב זיך שוין נישט איינמאָל געראַטעוועט מיט דער ליולקע...

---

האַרבסט...

לאָמיר אויפשטעלן דעם קאָלנער און איינבויגן דעם קאַרק אַביסל, ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ חושכדיקן, נאַסן טאָג, און לאָמיר זיך לאָזן איבער די גאַסן פון דער שטאָט מיט דעם אייגציקן געדאַנק, אַז דער זומער איז שוין אַוועק, אונדזער זומער, אונדזער פרייד, אויף וועלכער מיר האָבן געוואַרט אַ גאַנצן שווערן ווינטער. אין פאַרשידענע ווינקעלעך פון לאַנד און איבער די גרעניצן, אומעטום זענען פריינט און באַקאַנטע געלאָפן זוכן זייער ביסעלע פרייד...

— וואָס מאַכסטו? וואו ביזטו געווען?

— ביים ים...

— אויף די בערג.

— אין אַ סאַנאַטאָריום וואַלד געלעגן...

אין בלאָטיקע וואַנעס געלעגן...

אָבגעברענטע פּנימער, ברייטערע פּלייצעס און אַ מונטערער בליק... איצט וועלן עס די האַרבסט-טעג צונעמען, די זאָרג פון שטאָט וועט דעם מונטערן בליק פאַרלעשן. קורצע גרויע טעג, לאַנגע, לאַנגווייליגע נעכט. שניי, פראָסט, קעלט.

און דאָך איז מיר טייער די צייט פון די דאָזיקע טעג, ווען דאָס רעגנדל נעמט טריפן מיט זיין גלייכגילטיקן דויער... פאַר מיר זענען טייער די טעג...

געקומען בין איך פון ים-ברעג, געקומען אין מיין קליין צימערל, אויסגעפּאַקט מיין וואַליזע און אויפגעעפנט מיין האַרץ — אַביסל שטראַלן זענען געבליבן... אוי, וועל איך קאַרג זיין מיט די דאָזיקע שטראַלן, אין די גרויע טעג פון היינטיקן האַרבסט און ווינטער... וועל איך די ליולקע מיינע פאַררויכערן מיט דעם בעסטן טאַבאַק, וואָס איך פאַרמאָג און ווי אַ קאַרגער מאַגיקער וועל איך אַרויסרופן אַ שענעם פרימאָרגן, אַ ברענענדן זון-טאָג, אַ מעלאַנכאָלישן צאַרנדיקן פאַרנאַכט פון

דעם פאַרגאַנגענעם זומער, פון די טעג, ווען איך בין ביים ים געווען.

ווייל איך ווער, דאַכט זיך, אַ גרויסער קמצן. זינט איך האָב דערזעען די ערשטע גרויע האָר ביי מיינע שלייפן, האָב איך אָנגעהויבן קאַרג צו ווערן און וואָס מער דער קאָפּ מיינער ווערט גרויער, אַלץ מער קמצן ווער איך, ווייל דער געדאַנק, אז מיין לעבן רוקט זיך ווייטער אַוועק פון מיר, אַט דער געדאַנק האָט מיך אויפגעוועקט צום לעבן מיט אַ טאָפּעלטע קראַפט. און קוקט נישט אַריין אין מיין אויפגעעפּענט האַרץ... איך פאַרשליס עס, ווייל די שטראַלן פון מיין זומער ליגן דאָרט באַהאַלטן, פאַרזיגעלט. מיט די שטראַלן בדאַרף איך דורכקומען אַ גאַנצן האַרבסט, אַ שווערן ווינטער, מען דאַרף זיין זַבּיסל שפּאָרזאַם, ווייל דאָס לעבן גיט זער ווייניק ליכט און די יענע, מיט וועלכע מיר באַגעגענען זיך, גיבן זער ווייניג באַשטראַלטע פריינטשאַפט...

עפּעס זיך דערמאַנט.

אַן אַלטע באַליידיגונג — דאָרט, וואו איך בין געגאַנגען מיט פרייליך אויפגעעפּענטע אָרעמס, האָב איך א פיינטליכן שטויס באַקומען. שוין נישט צום ערשטן מאָל... זאָל איך ביין זיין דערפאַר אויף דער וועלט?... די לולקע איז אין מויל און איך בייס די ליולקע. איך בייס און צעבייס עס נישט. אָבער רויקער בין איך שוין.

---

זיי באַגריסט, שטאָט! אַ סך גאַסן ניי ברוקירט, אַ סך מויערן איבערגעפּאַרבט, אויף אַ סך באַלקאָנען זענען נאָך געבליבן די סימנים פון זומער, הויב איך די אויגן צו די בלומענטעפּ... און ווען אַ מענטש קוקט אויף בלומען, בלייבן די בלומען נישט בלינד צום מענטשן. עפּעס דריקט ביים האַרצן, עס טוט באַנג, דאָס וואָס עס איז פאַרגאַנגען און מעג די שטאָט זיך פּוצן וויפיל זי וויל צו מיין צוריקקומען... שטאָט מיט אַלע אירע שענקייטן בלייבט דאָך אַ פרייוויליקע תפיסה...

דערמאָן זיך, פריינט! איין בליק איבערן ענדלאָזן ים.

איין בליק פון העכסטן באַרג איבער אַלע איבריקע בערג, אײַך בער די טאָלן, דערמאָן זיך, וואָס דו האָסט דאַמאָלס געפילט און דו וועסט איינשטימען מיט מיר: שטאָט איז אַ פּרייוויליקע תּפיסה.

די שויפענצטער זענען פאַרפּולט און באַלאָדן מיט פּרוכט, עפּעס אַ רויט עפּעלע האָט גענומען שמייכלען צו מיר און נאָך אַן עפּעלע, אַ גאַנצער קויש מיט רויטע שמייכלעך האָבן זיך אַריינגעריסן צו מיר אין האַרצן, זיי קויקלען זיך און קנוילען זיך אין מיין נשמה, אפשר האָבן זיי דערפילט, אַז איך בין איינער פון די לעצטע, וואָס געדענקט דעם זומער און איינער פון די ערשטע וואָס פילט די טראַגישע שענקייט פון האַרבסט.

זאָל רעגענען! מיין קאַלנער איז אויפגעשטעלט.

און עס רויכערט זיך. כ'מיין די ליולקע מיינע. קיינמאָל איז אונזער חברשאַפט נישט אַזוי שטאַרק, ווי אין די טעג פון האַרבסט. צווישן מענטש און מענטש איז אַזאַ פריינטשאַפט נישטאָ. ווייל איין מענטש וויל דעם צווייטן באַזיגן, פאַר יעדן פּרייז באַהערשן. און יעדער מענטש, אפילו דער שוואַכסטער, וויל זיך נישט מודה זיין אין זיין שוואַכקייט... אָבער די שטומע ליולקע, וויפיל דו ווילסט רויך, אַזוי פיל קאָנסטו פון דעם אַרויסציהען! דאָס געטרייע ביסעלע רויך, אפילו דיין אומעטיקן בליק פאַרשלייערט עס.

איך וועל וואַרטן אויף די שענע האַרבסט-טעג. איך האָב נאָך אַ חשבון מיט דער נאַטור, גאַנצע בערג מיט גאָלד-רענדלעך וועלן ליגן פאַר מיר אויף די שטיגן פון די גערטנער און סעדער. אמת איז אויך, אַז איך פיר מיט דער נאַטור נישט קיין בוכהאַלטעריע, איך ווייס נישט, ווען וועמען עס איז מער שולדיק, מיר קאַרגען נישט איינער דעם צווייטן...

ווען אויף אַ שטיין פאַלט-אַרויף אַביסעל ערד, באַקרויגט זיך דער שטיין מיט עטלעכע גרעזעלעך. די נאַטור באַלוינט יעדערן.

די מענטשן גראָבן אַרום די פּיראַמידן, זיי זוכן אין דער ערד אַ שטויבעלע פון דער פאַרגאַנגענהייט... פאַרוואָס זאָל יעד־

דער יחיד זיך נישט דערמאָנען זיין נעכטן? פאַרוואָס זאָל ער נישט בעפאַרבן זיין האַנט מיט אַביסעלע נעכטן?... ווען אפילו דער נעכטן איז שווער געווען, אָבער וויפיל מוט האָט געלעבט אין אונדז, כדי די שווערקייט אַריבערצוטראָגן...

---

יענער טאָג, ווען זי איז פון מיר אַוועקגעגאַנגען — דער שווערסטער טאָג אין מיין לעבן. דאָס איז אַוועק מיין יוגנט, דאָס איז אַוועק די ראָזע און בלויע פאַרב פון מיין פאַנטאַזיע.

איך בין געזעסן אויף דער קאַנאַפּע און זי האָט איינגע־פּאַקט אירע קליידער, אירע קאָלירטע קליידער. עס איז געווען שטיל אין צימער, אַזוי שטיל, אַז ווען זי האָט אַרויסגענומען פון שאַפע אַ זיידן קלייד, האָט מען דייטלעך געהערט, ווי דאָס זייד שאָרכט, פּונקט ווי דאָס קלייד וואָלט זיך שושקען מיט איר... זיי האָבן געוואוסט אירע סודות, די קליידער.

אַזוי, ווי מיין ליאָלקע וויס מיינע סודות. איך בין געזעסן און געטרויכערט, וואָס מער איך האָב געקוקט אויף דער פרוי, וואָס גייט אַוועק, אַלץ געדיכטער איז דער רויך געוואָרן... איך האָב געליטן.

געזעסן בין איך שווייגענדיק פון דער ווייטן און זיך צו־געקוקט צו איר אַרבעט, ווי שען, ווי קינסטלעריש זי האָט עס פאַרפּאַקט איר טשעמאָדאַן, איר פאַרמעגן. יעדעס קליידעל האָט זי פריהער דעליקאַט צונויפגעלעגט, קוים זיך צוגערירט דערביי מיט די פינגער, פאָרזיכטיק געווען, נישט געוואָלט עס צע־קנייטשן — ווי גוט עס וואָלט געווען, ווען זי זאָל מיט מיין נשמה אויך אַזוי פאָרזיכטיק זיין.

און זי האָט זיך נישט געאיילט. זי האָט ווייזט אויס גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, וואָס עס טוט זיך אין מיר. אַ גיהנום... באַ־דאַרף מען דעם גיהנום אַביסעל לענגער אויסציען.

לאַנגזאַם, פּאַמעלעך האָט זי געטון איר אַרבעט, דער טשעמאָדאַן אירער איז אַלץ פולער געוואָרן, דאָס צימער ליי־דיקער. אין טשעמאָדאַן האָבן זיך געשפּילט צאַרטע פאַרבן,

דינע קרויזן, אַזשורן, דער דינער שפּינוועבס פון זיידענע זאָקן...

איך האָב די פרוי נאָך אַלץ ליב געהאַט, אָבער אונטער דער ליבע האָט צאָרן געשטורעמט: עס האט פאַרדראָסן, וואָס זי צאַצקעט זיך אַזוי מיט אירע קליידלעך. איך האָב יאָרן גע־טראַכט, אַז דאָס איז ביי איר אַ ביזאָך, אַ מיטל צו באַפּוצן דעם יינגען קערפּער, אָבער נישט די גאַנצע נשמה אַוועקצוגעבן...

דערפאַר איז פאַר מיר גאָרנישט געבליבן. דער עיקר זענען געווען די קליידלעך, דער, וואָס האָט געגעבן די קליי־דער איז פאַרבליבן אין שאָטן... עס האָט פאַרדראָסן אויף זיך אַליין, עס האָט ביטער געפּייניקט, ווייל אַ פּאָרזיכטיקער אויסגעפּרופּטער מאַן האָט זיך געלאָזט פאַנגען ווי אַ יינג לע־מעלע. עס האָט פאַרדראָסן, ווייל דאָס איז געווען איינגערעט גליק. געפּאַרבטע פרייהייט און געפּודערטע ליבע — עס איז שרעקלעך געווען צו טראַכטן, אַז אַזאַ ליבע האָט דיך יאָרן געהאַלטן, און איצט בלוטיקט דיין האַרץ, ווען זי גייט אַוועק.

זאָל זי שוין גיין, זאָל זי שוין גיכער אַוועקגיין, ווייל עס קאָן געשען דאָס ערגסטע: איך וועל באַלד צו אירע פיס פאַלן און בעטן זי זאָל בלייבן, דאַמאָלס וועל איך אַליין אויף אייביק פאַרזיגלען מיין שאַנד און מיין שקלאַפעריי.

זי איז נאָך קיינמאָל אַזוי שען נישט געווען ווי איצט, ווען זי גייט אַוועק, ווען זי מאַכט אַן אָנשטעל, אַז זי זעט מיך נישט, ווייל זי איז דאָך גוואַלדיק פאַרנומען מיט אירע קליידלעך.

איך האָב שוין געהאַט אַ וואָרט אויף די ליפּן, אַ גוטן וואָרט, געוואָלט איר איבערבעטן און בעטן זי זאָל מיר מוחל זיין... וואָס זאָל זי מיר מוחל זיין? איך זינד? איך פאַרברעכן געגן מיר?

איך האָב שוין געוואָלט נעמען מיין לעצט ביסל שטאָלץ און איר דערלאַנגען:

— נעם און צעטרעט עס! באַשפּיי עס! טו מיט מיר וואָס די ווילסט...

נאָר געבענטש זאָל זיין מיין ליולקע!

איך האָט אָנגעצונדן אַ קליין מזבח׳ל און געבראַכט פאַר אַ קרבן מיין בענקשאַפט. כ׳האָב איינגעביסן דעם ביינערנעם מונדשטוק, ווי זיך אַליין וואָלט איך איינגעביסן...

פונקט, ווי פון גליענדען טאַבאַק, וואָלטן די פונקען גערעט:

— הער אויף! מאַך זיך נישט נאַריש! דאָס שטאַרקסטע און דאָס שענסטע איז די איינזאַמקייט, זי וועט אַוועקגיין. וועסט כאָטש ביי זיך בלייבן, בלייבט זי, האָסט שוין זיך אויך נישט...

זי האָט ווייטער געפּאַקט און איינגעלעגט אירע קליידער און איך בין געזעסן פון ווייטן אויף דער קאַנאַפּע און געטרויערט. איך האָב באַמערקט: זי איז אַביסל אונרויק געוואָרן, די הענט האָבן ביי איר גענומען לייכט ציטערן...

דאָס האָט זי געליטן פון מיין רויקייט, פון מיין שווייגן, איך האָב געהאַלטן אויף איר די אויגן און אַליין בין איך געווען, ווי פאַרשטיינערט...

און זאָל געבענטש זיין די ליולקע. איך האָב זיך דאַמאָלט געראַטעוועט... ווייל איינזאַמקייט איז ביטער, אָבער שוואַכקייט איז טויט, איך האָב געוואָלט לעבן, זאָל אַפילו זיין אַביטער לעבן. דאַכט זיך, אַז עטלעכע מאָל האָבן אירע אויגן זיך אָנגעשטעלט אויף מיר, ווי צוויי וועלפּישע פונקן... זי האָט נישט דערלעבט מיין גאַנצע מפּלה, איר זיג איז נישט קיין פולער...

שפּעטער בין איך אויפגעשפּרינגען: די טיר האָט אַ קלאַפּ געטון, זי איז אַוועק, ווען אין מיין ליולקע האָט זיך דאָס פייער פאַרלאָשן, האָט איך עס באַלד ווידער מיט טאַבאַק אָנגעשטאָפּט און געטרונקען די געבענטשטע ביטערקייט.

דאָס צימער איז פול געווען מיט רויך — איך האָב גאָר נישט געזען.

פאַרוואָס בין איך אַזוי האַסטיק אויפגעשפּרונגען, צום פענצטער צוגעלאָפן און אַרויסגעקוקט? — כ׳האָט געהערט, ווי אַ דראָשקע האָט געקלאַפּט איבערן ברוק מיט די רעדער, דאָס איז זי אַוועקגעפאָרן.

ווייזט אויס, אַז מיין ליולקע האָט זיך ווידער פאַרלאָשן.

קיין רויך איז אַרום נישט געווען און איך האָב דערזען מיין לײדיקן צימער, עטלעכע פּוסטע פּודלען פון אירע היט האָבן זיך געוואַלגערט אויף דער פּאָדלאָגע, אויף די ווענט זענען געבליבן עטלעכע טשוועקעס, זי האָט אַראָפּגענומען אירע בילדער.

זי איז נישטאָ. זי איז נישטאָ...

דעם קאָפּ אָן דער וואַנט האָב איך געוואָלט צעקלאַפּן. איך האָב קיינמאָל זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז די ליידיקייט קאָן אַזוי ווי טאָן, אַז די ליידיקייט קאָן אַזוי שטיקן... אָט, פּונקט ווי אַ שטייפער שטריק זאָל דיך ציען פאַרן האַלדז...

ראַטעווע מיך, ליולקע!

אין מיין פאַרנאַכטיקן טונקעלן צימער בליצט אויף אַ פייערל. עס ברענט און עס לעשט זיך. עס פאָלגט מיך דאָס פייערל. עס וויל מיך אינגאַנצן באַרויקן.

דאַכט זיך, אַז מיר רעדן זיך אויס, איך און מיין ליולקע

— זי איז שוין נישטאָ, זאָג איך... כ'האָב זי שוין נישט.

און די ליולקע ענטפערט:

— האָסט זי קיינמאָל נישט געהאַט, זי האָט צו אַנדערע געשמייכלט, פּונקט ווי צו דיר.

— איך בענק נאָך איר, זי פעלט מיר...

און די ליולקע ענטפערט:

— דו בענקסט נישט נאָך איר, דו בענקסט נאָך באַרויגונג און דאָס איז מיין ביסעלע רויך.

— וואָס טוט מען, אַז מען האָט דאָך אַביסעלע נשמה?...

און די ליולקע ענטפערט:

— איך וועל פאַרברענען דיין נשמה, ווי די קרישקעלעך טאַבאַק, וואָס צו פּאַקסט אַריין אין מיר...

שוין לאַנג געווען די געשיכטע. איצט איז יעדעס געפיל אַ ליולקע טאַבאַק, נישט מער. און דער לעצטער לעבעדיקער זומער איז אויך אַזוי...

אַוועק און נישטאָ.

ווען איצט בין איך געקומען פון ים, וואו איך האָב געקוקט אויף טויזנטער מענטשן, ווי זיי טאַנצן מיט די פּאַליעס,

אין די פּאַליעס. וואו איך האָב געהערט זייערע פרייד־געשרייען אין די צעשפּריצטע זילבער־וואַסערן, האָב איך אַ סך מאָל גע־האַט דעם איינדרוק, אַז מיט דאָס שלעכטץ און ביטערקייט אויף דער ערד איז געענדיקט. די זון איבער אונז איז גע־האָנגען מיט אַ זיכערקייט פון אייביקייט און די, וואָס האָבן גע־לאַכט, זיי האָבן אַלע אויסגעזען, ווי אַזעלכע, וועלכע האָבן קיינמאָל קיין זאָרג נישט געהאַט און קיינמאָל וועלן זיי עס נישט האָבן...

איצט באַגעגן איך אַ סך פון זיי אין שטאָט, אַנדערע פון זיי האַלטן נאָך אַביסל מונטערקייט, אַנדערע האָבן שוין פאַר־שלאָסן די ליפּן: נישטאָ קיין אייביקער יום־טוב.

איך וויל זיך נישט אונטערגעבן, איך וועל זיך נישט אונטער־געבן; איך זיך פרייד אין צער, ליכט אין שאָטן. איך שפּייז מיין שטענדיקן אומרו מיט רויקייט. ווערן שמאָל די ברייטע גאַסן פון דער שטאָט, גיי איך דאַן אַוועק אויף די שמאָלע געסלעך, און מערקווירדיק: אויף די שמאָלע געסלעך איז ברייטער און פרייער ווי אויף די גרויסע גאַסן, ווייל זיי בלייבן בלויז פאַר געציילטע, פאַר איינזאַמע.

מען דאַרף אַנטלויפן פון אייגענעם אומעט, ווי מען אַנט־לויפט פון בייזע חיות, פון שלעכטע מענטשן, אָדער מען מוז עס אַראָפּשלינגען, ווי אַ ביטערע רפואה. ווען איך ליין אַ טרוי־עריק בוך, זוך איך, איך זוך און איך וואַרט אויף אַ פריילעכע שורה... טרעפט אָבער אַ בוך, וואו קיין איין שורה איז נישט פריילעך... וואָס טוט מען דאַמאָלס? מען מוז זיך נעמען צו אַ צווייטן בוך.

איצט האָב איך זיך געכאַפּט, וואָס מיך נאָגט אַזוי... די איינע מיט וועלכע איך האָב זיך דאָרט באַגעגנט ביים ים, זי איז טאַקי אויף אַן אמת אַוועק פון מיר, אַפילו קיין בריוול נישט אָנגעשריבן. זי איז אַוועק מיטן זומער.

פון איין ליולקע צו דער צווייטער טראַכט איך אָפּט פון איר. ווען זי איז געווען — איז גוט געווען, ווען זי איז נישטאָ איז... נישט אַזוי גוט.

איך האָב צו איר נישט קיין פּרעטענזיעס, ווייל מיר האָבן פריער אַזוי אָפּגערעדט: מיטן זומער וועט אַלץ אַוועק, קיין וואָרט נישט, קיין פאָדערונג, קיין אַפּעלאַציע.

„אַפילו נישט בענקען".

אַזוי האָט זי בוכשטעבליך געזאָגט און איך האָב איינגעשטימט, איך וואָלט אויף אַלץ איינגעגאַנגען, אַבי זי זאָל מיט מיר פאַרברענגען די טעג און נעכט, און זי האָט פאַרבראַכט מיט מיר, בלויז מיט מיר, דעם גאַנצן זומער.

זי האָט מיר געזאָגט אַ נאָמען... איצט גלויב איך נישט, צי דער נאָמען איז אַן אמתער, זי האָט אָנגערופן אַ שטאָט, ווי אַז איז געבוירן געוואָרן און וואו זי וואוינט, איצט גלויב איך נישט, צי זי געפינט זיך אין יענער שטאָט. עך! מיר זענען זער קלוג געווען אין דעם דאָזיקן זומער: נייע מענטשן, מאָדערנע מענטשן... אַפילו קיין בילד פּיי איר נישט גענומען, קיין איין זאַך האָב איך נישט, וואָס זאָל דערמאָנען אָן איר, קיין איין בלום איר נישט געשאָנקען. זי האָט נישט געבעטן און איך האָב נישט געגעבן, ווייל שענקען אַ בלימל אַ פרוי... דאָס איז דאָך געווען מיט צוואַנציק יאָר צוריק און מיר (גיכער— „זיי") האָבן געוואָלט מיט געוואַלט זיי ניי, נישט אַזוי ווי נעכטן, נישט ווי מיט יאָרן צוריק...

ווען מען זאָל כאָטש קאָנען אין דער גוואַלטיקער בענקשאַפט נאָך נייקייט פליען מיט אמתע פליגל און נישט אַרומפליען אויף דער ערד מיט די צוויי שווערע פיס... אָבער סוף־כל־סוף מוז דאָך מענטש בלייבן מענטש מיט זיינע באַגרענעצטע מעגלעכקייטן... ניי, ניי...

פאַר יעדן פרייז, ביז צו קאַריקאַטור דערגיין, אַבי נייזיין,

און דאָ און דאָרט ביים ים... איך האָב ליב צו פאַרויערן אַ ליולקע און קוקן אויף אַלץ און אַלעמען, און ווען דער רויך פון טאַבאַק זאָל האָבן אַ קול, וואָלט מען אַ סך מאָל געהערט זיין לאַכן...

יאָ, די, וואָס איך האָב באַגעגנט ביים ים.

אַ פרוי פון די, וואָס רייצן און לאָזן נישט רוען, אַזאַ איינע, וואָס לאָזט פאַרגעסן די אַלע איבריקע... איצט פאַלט מיר איין אַ געדאַנק, אפשר איז זי גאָר פון ים אַרויסגעשפרונ־גען און אָפּגעשפּילט זיך מיט מיר אַ זומער? ווער ווייסט? קיין ריכטיקן נאָמען האָב איך נישט, וואו זי איז ווייס איך נישט... נאָר זי איז צו־ק וג געוועזן און די קלוגשאַפט איז געווען אַן ערדישע, אונדזער קלוגשאַפט, אַ מענטשלעכע איבערקלוגשאַפט... ביין! די יועלט וואָלט נישט אונטערגעגאנגען, ווען זי שרייבט אָן עטלעכע ווערטער, אפילו דאַן וואָלט די וועלט אויך נישט אונטערגעגאַנגען, ווען מיר באַגעגנען זיך ווידער. איך בין אַ מענטש פון נעכטן און איך זאָג דעם אמת: איך פאָלג איר נישט, איך בענק נאָך איר און אין די געדאַנקען האָב איך איר נאָך נישט פון מיינע אָרעמס אַרויסגעלאָזן...

זי בענקט אפשר אויך, נאָר זי וויל זיין מאָדערן: זי וויל זיך נישט מודה זיין... אפשר וועט די מעלאַנכאָליע פון האַרבסט אויף איר ווירקן און זי וועט זיך אָפּרופן — אויב נישט, איז אויך פאַרפאַ ן. איך וועל אויפשטעלן דעם קאַלנער און איינ־בויגן אַביסעל דעם קאַרק, איך וועט שפּרייזן אַליין אין די נאַ־סע טעג, איך האָב עס ״יב, און אויב דער שאָטן וועט זען מיינס אַ שמייכל, זאָ, דאָס זיין אַ סימן, אַז איך האָב זיך דער־מאָנט איינע פון די יום־טובדיקע נעכט ביים ברעג פון צעהוי־לעטן ים, מיט איינער אַ יינגער, מיט איינער אַזאַ, וואָס רעכנט דעם נעכטן און דעם מאָרגן פאַר גאָרנישט, הייַ יק ביי איר איז נאָר די איצטיקע רגע...

און אפשר איז זי גערעכט געווען?

די ליולקע זאָגט, אַז זי איז גערעכט...

און די ליולקע זאָגט, אַז איך בין אויך גערעכט..

רויכער איך און שווייג און איך טראַכט וועגן דער וועלט, אַז דאָס איז אַ וועלט מיט וועלטע״ען, אַז היינט בין איך דאָ און מאָרגן וועל איך נישט זיין און אַ צווייטער וועט רויכערן אַ ליולקע און וועט אויך אַזוי טראַכטן...

מען בעדאַרף זיך שטאַרק איינציען, איצט ווען עס רעגנט, זען די שויבן זענען נאַס פון טרערן. ווען קוקן אויסער זיך. מער אין זיך. ווען איך וואָלט געווען רייך וואָלט איך שוין געוואוסט, וואָס צו טון... קאַמין, טערקישע סאָפעס, ווינטער־בלימען, אַ לאַנגע טערקישע פייקע, אַלטע ביכער, פאַרשטייט זיך, צווישן די ביכער דאָס ערשטע שעכערעזאַדע. איך וואָלט פון די טויזנט און איין כישוף־נעכט געמאַכט טויזנט און צוויי נעכט... טענץ, געזאַנג, פאַרשטייט זיך, עס וואָלט געמוזט זיין אַ באַיאַדערין און נישט איינע...

אָבער מען מוז זיך באַמיהען אין אָרעמען לעבן זיין רייכער, ווי די רייכסטע, מיר האָבן דאָך אונזער אַלטן שותף: די פאַנטאַזיע... וואָס דען מיינט איר? איך וועל בלייבן ביי דער בלאָטע פון האַרבסט, איך וועל בלייבן ביים ווינט? איך וועל זיך נישט לאָזן, איך האָב דאָך מיטגענומען אַביסל זון פון זומער, בעת אַלע האָבן פאַרגעסן פון ווינטער, האָב איך איינמאָל פון אים אַ טראַכט געטון און גענומען האָב איך פאַנגען גאַנצע הויפנס שטראַלן, דערביי געטראַכט: „אויף ווינטער".

ווען איך בין געפאָרן צוריק פון ים, נישט ווייט פון שטאָט, האָב איך דערזען גרויסע פורן דאָרפישע, דאָס האָבן די שטאָטישע געפירט צוריק פון די דערפער און וועלדער זייערע בעבעכעס. ווי נעבעכדיק די קישנס מיט די מאַטראַצן האָבן אויסגעזען אויף דעם גרויסן ליידיקן פעלד, ווי קאָמיש די בענקלעך מיט די טישלעך האָבן זיך פאַרריסן מיט די פיסלעך אַרויף, ווי געפּענטעטע הירשן. כמעט אויף יעדער פור אַ גרויסע טובע פון אַ גראַמאָפאָן... און די טובע די אומגעלומפּערטע, וואָס איז געלעגן אויף די מאַטראַצן, זי האָט אָן קלאַנגען דערציילט, אַז מיט די לידלעך און מיט די טענץ אונטער די בוימער איז געענדיקט... די פויערים האָבן געבראַכט צוריק פון זומער ברויט און פרוכט, און די שטאָטישע זענען אַרויסגעפאָרן פון שטאָט מיטן גראַמאָפאָן און צוריקגעקומען מיטן גראַמאָפאָן.

ווייט און נאָנט האָבן זיך געטראָגן שוואַרצע קראָהען און געווען אַ רגע בעת איך האָב געפילט־געטראַכט, אַז די קראָהען

וואַקסן אויס פון די שטיקלעך רויך, וועלכע רייסן זיך פון מיין ליולקע...

דער וועלטס לײדיקייט מאַכט אַזוי אָפּט ליידיק אונזער אייגענע גשמה.

אומעטיק ווערט, אַזוי אומעטיק, אַז אפילו די ליולקע, דאַכט זיך, וועט אויך נישט העלפן. עס רויכערט זיך דאָס ביטערניש און מאַכסט זער נישט קיין פריילעכן חשבון.

די קליינע באַן-סטאַציעס פון די זומער-וואוינונגען. דער צוג שטעלט זיך נאָך אָפּ... זעלטן ווען אַ שאָטן פון אַ מענטשן... נאָר דער ווינט טראָגט נאָך אַרום צעריסענע בריוולעך, פּאַפּירלעך פון צוקערקעס, שאָלעכץ פון פּאָמעראַנצן, און דאַכט זיך, אַז די קלאַנגען פון דער סעזאָן-מעלאָדיע: דולצינעאַ... דער קלאַנג האָט זיך צעבראָכן אין צווייען און די צווייטע העלפט „נעיאַ" קרעכצט אַריין אין ווינט... עס איז עפּעס אַ שאָד און נישט קיין שאָד די מענטשן, וועלכע זענען צעלאָפּן פון דאַנען. זיי צוזאַמען מיט דער נאַטור זענען געווען אַ גרעסערער כאַאָס, ווי די נאַטור אַליין...

די קליינע באַן-קאַסעס זענען פאַרמאַכט, נאָר דער ווינט באַדאַרף נישט קיין באַן-בילעט. היינט איז ער דאָ און מאָרגן אויף יענער זייט וועלט... הלואי אויף מיין אונרויקייט געזאָגט געוואָרן.

וועט זיך מיר אַמאָל גלוסטן, וועל איך אַראָפּפאָר'ן אויף אַזאַ קליינע באַן-סטאַציע הינטערן שטאָט. אויפשטעלן דעם קאָלנער און שפּרייזן צווישן די בוימער, וועלכע רוען אָפּ פון די זומערדיקע געשרייען, פון די מענטשן, פון זייער זומערדיקן יריד. איך וועל דערמאָנען מיין פאַרגאַנגענעם זומער און ליב האָבן מיין האַרבסט, מיין ווינטער, ליב האָבן אַלץ און אַלעמען און שמעקן די דופט פון די פייכטע נאָדלען...

איך וועל וואַרטן אויף די קאַלטע חדשים, ווען דער שניי באַדעקט אַלץ. שניי אויף די צווייגן, ווייסקייט אויף די גרינע נאָדלען... קיינעם נישט אויסזאָגן, איך אָבער ווייס, מיין ליולקע ווייסט, ווי ליב איך האָט עס...

ווייל אין יעדער שעה פיל איך: עס איז אַ גרויסע, שענע און טראַגישע וועלט...

---

אַמאָל איז מען ייִנג געווען און איך אַליין, ווי אַלע אַנדערע ייִנגע, האָב איך זיך פאָרגעשטעלט אין מיין פאַנטאַזיע, אַז איך... איך וועל עפּעס אויפטון. אָט אַזוי אייגנאַרטיק, וואָכעדיק וועט ליין לעבן נישט דורכגיין. אָדער די וועלט וועט מיך דערקענען, אָדער איך וועל די וועלט דערקענען.

איצט...

גרויע האָר ביי די שלייפן, אַ היבשע ציפער פון יאָרן אין פּאַס און דו זעסט, דערזעסט מיט אַמאָל, אַז דיין לעבן האָט זיך דורכגעזיפּט ווי מיליאָנען אַנדערע זעמדעלעך דורך דער זיפּ פון דער צייט.

ווילסטו לויפן פאָרויס, ווילסטו לויפן צוריק. עפּעס כאַפּן, דערלאַנגען, דערגרייכן און די פינגער קריכן שוין אין טאַבאַקביטעלע, די פינגער שטאָפּן אָן די ליולקע...

עס רויכערט זיך גאַנץ גוט.

פאַרברענסט דיין וועלטל אויף אַ קליינעם מזבח.

איך לעב און רעאַגיר, אַ באַליידיקונג וועל איך נישט פאַרשווייגן, אָבער די גרעסטע באַלוינונג, די שטאַרקע סאַטיספאַקציע דערגרייך איך דאַמאָלס, ווען איך קום דורך מיט זיך אַליין, ווען איך צינד אָן מיין ליולקע, מיין ליולקע פון שלום...

שלום מיט זיך אַליין...

# הערט מענטשן!

דאָס דאָרף איז שוין ליידיק, דער זומער שוין אויסגעגאַנגען, די מידע זון וואַרעמט און וואַרעמט נישט. די צעגראָבענע קאַרטאָפל-פעלדער שמעקן מיט פייכטקייט. די ווייטע און נאָענטע שטאָסן שטרוי זעען אויס, ווי פּיראַמידן אין ליידיקן פעלד. לאַנגזאַם פליהן די קראָען, ווער ווייס וואו זיי האָבן געפונען אַ פגירה, אַלע פליען זיי אין איין ריכטונג: אויף יענער זייט פון דעם פאַרשימעלטן סטאַוו הינטער זאַגלאָבּיס מאַיאָנטעק...

דאָס דאָרף אַרבעט אָן געשריי, אָן געטומל, יעדער פויער אין זיין ווינקל. שווייגנדיק אין זיך שטייט דאָ און דאָרט אַ פויער אין זיין שייער. אויפגעפּעפנט ברייט די טיר. אויפגעשפּילעט דאָס פויערשע העמד, הויבּט אויף אַזאַ פויער דעם דרעשאייזן און טיק-טאַק, טיק-טאַק... אָט אַזוי איבּערן גאַנצן דאָרף.

און עס דאַכט זיך, אַז די גאַנצע שענקייט פון זומער האָט מען אַהער געבּראַכט פון די פעלדער, און דאָ איז עס געוואָרן אויס שענקייט, אויס זומער, נאָר אַ שווערע שווייסיקע נויטווענדיקייט פון לעבּן...

טיק-טאַק!

בּיים שאָסע, אין מיטן דאָרף, נעבּן סאַמען בּרוינעם שטייט אַן אָנגעלאָדענע פור מיט קישענס, מיט אַ פערענע, אַ טאַבּורעט און צוויי יידישע מיידלעך מיט צעקולדעטע האָר, מיט גרויסע קאַרשן-אויגן. דער וואָגן וואַרט, די מיידלעך וואַרטן, זיי קוקן זיך כסדר אום. נאָר אָט בּאַווייזט זיך אַ ייד מיט אַ פאַרוואַקסענעם פּנים, אַ מאָדנע פּנים, צוליבּ די עטלעכע פאַרבּן, וואָס זיין בּאָרד פאַרמאָגט, אַ געמישטע האָריקייט: געל, בּרוין און שוואַרץ

די מיידלעך שרייען אויס:

— טאַטע! ווען וועלן מיר שוין פאָרן?

— שוין! קינדער...

און ער קריכט אויפן וואָגן, עס געדויערט נישט לאַנג. דער שאָסע איז שוין ליידיק. דאָס איז אַוועקגעפאָרן דער לעצטער גאַסט פון זומער: דער יידישער סעדער. מען האָט שוין אַראָפּגענומען די לעצטע ווינטער עפּל, נישט געבליבן גאָר נישט. אָפּגעשניטן מיטן זומער — זאָל גאָט העלפן ביז איבער אַ יאָר — עפּל וועלן ווידער בליען און וואַקסן.

עס קלאַפּן נאָך עטליכע רגעס די רעדער פון דער לעצטער פור, דער לעצטער עכאָ פון זומער... שטיל־דאַכט־זיך, שטיל. אַלץ איז אָפּגעשטאָרבן, אַפילו דער ווינט איז געשטאָרבן. ניין! דער ווינט לעבט: אויף אַ רגע האָט ער זיך אויפגעכאַפּט, אַ טרייסל געטון דעם איינציגען נאַנטן בוים, אַראָפּגעשאָקלט עטלעכע פאַרדאַרטע בלעטער... און ווידער נישטאָ קיין ווינט, נישטאָ קיין אָטעם פון לעבן און באַוועגונג.

עס ווערט נאָך שטילער אַרום. עס ווערט שטיל אין גאַנצן דאָרף. די פוירען דרעשן נישט. מען איז אַריין אין די כאַטעס עסן מיטאָג. מען עסט רויק ווי נאָך אַ גרויסע טרויער, ווי נאָך אַן אומגליק.

אויפן דאָרף ליגט די זון, אָט אַזוי איבערן גאַנצן דאָרף, איבער אַלע הייזער און שטאַלן. איין דאַך איז מיט רויטע דאַכעלקעס. דאַכט זיך אַז די זון ציט זיך אַהין אין גאַנצן צום רויטן דאַך, קוקט אַריין און אַרויף צו יענעם הויז, וואָס שטייט ביים ברעג פון דאָרף, אין טויער פון גרויסן ליידיקן פעלד, אַן איינזאַמע שטוב, ווער לעבט דאָרט? קיין דרעש־אייזן קלאַפּט דאָרט נישט...

קיין סימן פון לעבן. און עס דאַכט זיך, אַז די שטילקייט וויל, די שטילקייט אַרום פאַרלאַנגט, אַז עמיצער זאָל זיך אָפּרופן. שטייט אַ שטוב מיט אַ רויטן דאַך נעמט ער צו, דער דאַך, די גאַנצע זון...

און ער שווייגט אַזוי, ווי אויפן בית־עולם אַ מצבה.

אַ יידישע שטוב...

די איינציקע אין דאָרף, אָבגעזונדערט און צוליב דער אָבגעזונדערטקייט זעט זי אויס, ווי פאַרגעסן פון גאָט און מענטשן...

שטייט אַ שטוב ביים ברעג פון דאָרף און עס לעבט דאָרט אַ ייד מיט אַ יידענע: ישובניקעס. שוין עלטערע מענטשן, ברייטע, שווערע און שווייגענדיקע.

ווי אָפּגעריסענע צווייגן, פון אַ וואַלד אַרויסגעריסענע ביימער אויף אַ פרעמדן באָדן. אפשר דערפאַר זענען אַזוי אַזעלכע שווייגענדיקע די צוויי אַלטע.

קינדערלאָזע מענטשן. געוועזן ביי זיי אַ קרובה, אַ יתומה, אַ יונג מיידל אַ נידעריקע מיט צוויי שוואַרצע דיקע צעפּ, געלעבט ביי זיי עטליכע יאָר. זיי האָבן איר צוגעזאָגט אַלדאָס גוטס, דאָס מיידל האָט נישט אויסגעהאַלטן, אַנטלאָפן אין שטאָט אַריין צו אַנדערע קרובים. איז די יידענע אַרומגעגאַנגען אַ צייט ווי אָן אַ קאָפּ, קיין אָרט זיך נישט געפונען, זי האָט אַזוי געבענקט נאָך אַ קינד, זאָל זיין אַ פרעמדס, אַ ווייטע קרובה, — אַלץ איינס...

נאָר דאָס מיידל איז אַנטלאָפן פון דער דאָרפישער איינזאַמקייט און די יידענע פלעגט אויסוויינען איר האַרץ אין צוויי ווערטער, אין אַ קרעכץ. זי האָט קיין סך נישט געקאָנט רעדן, שטענדיק אַליין, ער, דער מאַן אירער, שלעפּט זיך אַרום איבער די דערפער. קויפט איין וואָס עס מאַכט זיך ביי די פויערים: פעטס און חזיר־האָר, אַ מאָל אַ בהמה, און די יידענע בלייבט אַליין אין די עטלעכע גרויסע האַלב פוסטע חדרים. ווען זי ענדיקט איר אַרבעט, ווען זי ווישט אויס די טעפּלעך, שטעלט אַוועק די בענקלעך אויף זייער פּלאַץ, דאַמאָלט ענדיקט זיך פאַר איר די וועלט... זי בלייבט שטיין אין דעם גרויסן געקאַלכטן חדר, תמעוואַטע ווערט זי פון דער ליידיקייט. דער קאָפּ אַרבעט נישט, אָבער די הענט ווילן זיך באַוועגען...

כאָטש נעם און טרייב אַראָפּ די פליגן פון לאָמפּ. ווען זיי זיך שטעלן אויף די פּליטע און פון פּליטע ווידער אויפן לאָמפּ.

ווען זי בלייבט אַליין, ווען זי וויל אויסגיסן אין איין אויסדרוק איר עלנט, האָט זי דערצו איין פראַזע:

— הערט, מענטשן!

— צו וועמען ווערט געזאָגט די פראַזע? אַרום איז דאָך קיינער נישטאָ.

און אַזאַ עלנטקייט רעדט מען צו גאָט... אָבער גאָט און מענטש, אַלץ איז איר פרעמד, זי זעט נישט קיינעם, זי רעט נישט מיט קיינעם. זי זיפצט אויס די פראַזע.

— הערט מענטשן!

און זי ווערט שטיל, שטום, אַ באַוועגלעכער שטומער קערפער אין דער גרויסער שטילקייט פון ליידיקן פעלד און נאָענטן דאָרף.

איצט איז האַרבסט. אַ גאַנצן זומער איז געזעסן דער יידישער סעדער מיט זיינע צוויי טעכטער, פלעגן זיי אָפט אַהער קומען, האָט מען געהאַט מיט וועמען אַ וואָרט צו רעדן. זי פלעגט אַליין, די אַלטע, אַריינגיין אין סאָד און דערציילן שטענדיק דאָס זעלבע, אַז די קרובה איז אַנטלאָפן פון איר, אַז ער, איר חיים, איז אַן אַרומלויפער, רק ער לויפט איבער די דערפער, רק ער קויפט און פאַרקויפט.

היינט איז אָבער דער סעדער שוין אויך אַוועקגעפאָרן. זי איז געשטאַנען ביי דער שטוב, ווען די פור האָט זיך אַוועקגערוקט אויפן שאָסע אַלץ ווייטער און ווייטער.

אַ ליידיקע וועלט געוואָרן.

און ער איז נישטאָ. באַגינען איז ער אַוועק קיין מאָקראָטקע צו די פויערים.

— הערט. מענטשן! צו וואָס דאַרף מען אַזוי פיל אַרומקריכן איבער די פרעמדע דאָרפער? אויף חיונה פעלט זיי דען? רבונו־של־עולם! היינטיקע צייטן אַרומקריכן מיט געלט איבער די דערפער. עס דערלאַנגט איר אַ קלאַפּ אין האַרצן און זי נעמט אַרויסקוקן פון די אָפענע פענצטער.

אַרום איז אַ געדריקטע שטילקייט.

וויפיל מאָל האָט זי זיך שוין געבעטן ביי אים:

— לאָמיר אַרויספאָרן אין אַ שטעטל, צווישן יידן לעבן, נעבן אַ בית-המדרש, נעבן אַ יידישן בית-עולם...

איז ער אַ שווייגענדיקער, שווייגן זיינע ליפּן, ווי די שווערע פּלייצעס זיינע, אָדער ער ענטפערט דריי ווערטער:

— כ'האָב נאָך צייט!

— הערט, מענטשן! ער האָט נאָך צייט, אייביק לעבט אַ מענטש, וואָס?

ער פאַרט אָדער גייט ווידער אַוועק אויף אַ מעת-לעת, אָדער אויף צוויי און זי קריכט אַרום איבער די צימערן.

— הערט מענטשן!

אין שטאַל גייט זי אַריין צו דער בהמה, זי שטעלט זיך אַוועק אין מיטן גאַס, אין מיטן פעלד, וואו אירע עופות זוכן ברעקלעך. זי וואַרפט שטיקלעך ברויט, און צו די הינער רעדט זי:

— הערט, מענטשן!

אָבער די מענטשן זענען ווייט. אין שטעט און שטעטלעך ווייט איבער די ימען זענען די מענטשן. דאָ איז פאַראַן אַ גרויסע ליידיקע שטילקייט, ווען אַ קליין פליגעלע פאַרווילט זיך, זשומט עס אַ רגע דאָס פּיצעלע לעבן...

מער נישט... דאָרט קלאַפּן פויערים מיט דרעש-אייזנס, אָבער די קלאַנגען געהערן אויך צו דער שטילקייט, דאָס זעט אויס אַזוי פּרעמד און ווייט... זי גייט אַרויס פון דעם געקאַלכטן צימער, הערט זיך צו און קוקט זיך צו און מורמלט איין פראַזע, וואָס ביי איר איז דאָס די שטאַרקסטע תּפילה: „גאָט פון אברהם, פון יצחק און יעקב".

זי האָט אַ סך צו רעדן, אַ סך צו דערציילן פון איר גאַנץ לעבן, פון שווערע קאַלטע ווינטערס, ווען דאָס גרויסע ליידיקע פעלד מיט דעם איינטאָניקן שניי איז שטענדיק געלעגן פאַר די אויגן; פון יאָרן, אין וועלכע זי האָט געוואַרט אַ קינד. יאָ, זי ווייסט, זי פאַרשטייט גאַנץ גוט אין זיך, פאַרוואָס איר חיים זיצט קיין רגע אין שטוב נישט, ווייל עס איז אים פּוסט דאָס לעבן, ווייל קיין קינד איז נישטאָ. גאָט! פאַר וואָס איז דאָס איר

גראָד אַזוי באַשערט... נאָר גאָט איז ווייט און ער האָט נישט ליב זיך צו פאַרענטפערן פאַר מענטשן...

אָבער מענטשן! זי וואָלט וועלן רעדן מיט מענטשן, אײן מער ווי די פויערים האָט זי קיינמאָל נישט געזען און די פויערים זענען זומער פאַרנומען אין פעלד און ווינטער פאַרשליסט מען זיך אין די כאַלופּעס... פרעמדע, אײביק-פרעמדע...

געווען איין פויערטע אין דאָרף, צו וועלכער זי האָט געפּילט אַ באַזונדער נאָנטקייט; יענע האָט אויך נישט געהאַט קיין קינדער, פלעגט זי אָפּט צו איר קומען און זי און יענע — ביידע פלעגן אָפּזיפצען. פון אַזאַ שותפותדיקן זיפץ פלעגט לײכ־טער ווערן, נאָר אײנמאָל האָט די פויערטע גענומען אַ יינג חזירל, אַ ריינס, אַ ווייס און זיך געשפּילט מיט דעם, דערביי האָט זי זיך אַזוי אַנטציקט מיטן דבר-אחרל ביז זי האָט זיך אַרויסגערעדט:

— מאַיע דיעצקאַ, מאַיע דראָגע דיעצקאַ! אין די יידענע אַהעק פון דאָרטן אַ באַליידיקטע, און דעם גאַנצן וועג וואָס זי איז צו זיך אַהיים געגאַנגען האָט זי אַלץ געברומט דיזעלבע פראַזע, די אייביקע ווערטער:

— הערט מענטשן!

ווי אַזוי קאָן מען עס פאַרגלייכן?

אויף אַ חזירל זאָגן „מיין קינד”, ווי אַזוי מעג מען עס?

— הערט, מענטשן!

היינט איז אַ שטילער טאָג אין דאָרף און אַ סך וויי־טער פון דאָרף, פון וואַלד, פון פעלד, פון אומעטום קומט בלויז שטילקייט.

ביי דער שטוב שטייען עטליכע פאַרוועלקטע זון-רויזן, די הינער האָבן זיך אַלע צונויפגעקליבן נעבן פלויט, ווי אַ פרומער מנין און שטיל און שאַ... פלוצלונג רייסט זיך אָפּ אַ יינגער הענדל מיט אַ „קוקוריקו” און עס ווערט ווידער שטיל...

היינט דריקט די שטילקייט, די יידענע געפינט זיך נישט קיין אָרט, זי מורמלט עפּעס, וואָס האָט זי געזאָגט? „ווי אַ בית עולם איז מיין שטוב”, און ווידער אַרויסגעקוקט צום שאָסע.

צום דאָרף... מען זעט נישט קיינעם, אַ ווייבערשע האַרץ גיט אַ ציטער, פאַרוואָס? שוין אַ סך מאָל איז ער אַוועקגעגאַנגען און געלויבט דער אויבערשטער! צוריק געקומען בשלום... דער־מאַנט זי זיך אַז שטענדיק ציטערט איר די האַרץ אַזוי. יעדעס מאָל וואָס ער פאַרזוימט זיך אַזוי לאַנג, איר גאַנץ לעבן איז אַוועק אין איינזאַמקייט און שרעק...

איינמאָל זענען זיי שוין מערדערס באַפאַלן. אין מיטן נאַכט זענען זיי געקומען מיט פאַרשמירטע פנימער:

— געלט! חיים, גיב אַהער דיין געלט. ער איז אַ עקשן, פון שטענדיק אָן אַ עקשן, האָט ער זיך איינגעשפּאַרט, האָבן זיי געשלאָגן, צעבלוטיקט, אַ שטיק באָרד אויסגעריסן. איז זי דאַ־מאָלט אַריין אין שטאַל און געבראַכט פאַר די מערדערס עטלע־כע הונדערט רוסישע רובלס. אַנדערש וואָלטן זיי שוין לאַנג געווען אויף יענער וועלט...

אָבער, וואָס טראַכט זי איצט פון אַזעלכע זאַכן? טפוי... זי שפּייט אויס און מורמלט ווידער: „גאָט פון אַברהם, פון יצחק און יעקב". זי איז אַזוי מאָדנע אויפגערעגט. אָט דאַכט זיך איר, אַז זי הערט זיינע שווערע טריט, ער עפנט די טיר און הוסט זיך אָפּ... קלאַפּט איר האַרץ און זי וואַרט אַ רגע... נישטאָ... גייט זי ווידער צום פענצטער און טראַכט...

טעמפּע געדאַנקען, פון וועלכע עס ראַנגלט זיך אַרויס איין אָנגעשראָקענער געדאַנק: „וואו איז ער?"

זי טראַכט דאָס, וואָס זי טראַכט שטענדיק אין אַזעלכע אומ־רויקע רגעס, אַז ווי ער וועט נאָר קומען, וועט זי זיך אויף אים אָנזעצן, זי וועט אים רוען נישט לאָזן:

— פאַרקויפן די שטוב און אַוועקגיין פון דאַנען צו יידן, צו מענטשן, יאָ, זי וועט עס מוזן אויספירן...

און אין דעם הויבט זי אויף די אויגן און זעט, דערזעט פּלוצלונג אויפן שאָסע אַ געזעמל, אַ מחנה שאָטענס, נישט דייטלעכע. ווי אַזוי? פון וואַנען? פּלוצלונג איז דאָס גע־זעמל אויסגעוואַקסן, עס דערנענטערט זיך אַלץ, עס ווערט דייט־

לעכער. עס פּאָרט אַ וואָגן און אַרום גייען מענטשן, אפשר צוואַנציק מענטשן...

צוויי מיליציאַנטן, וואָס איז דאָ? ווער... האַ! וואָס קלאַפּט אַזוי דאָס ווייבערשע האַרץ?

זי שטייט נעבן איר שטוב, האַלב פערגליווערט און וואַרט, זי וואַרט, זי וואַרט... און די מענטשן, די פויערים, דער וואָיט, די מיליציאַנטן — אַלע קוקן אויף איר פון דער ווייט און שווייגן. די פור איז שוין שטיין געבליבן. אויפן פור ליגט איר חיים מיט אַ דורכגעשאָסענעם קאָפּ. איין אויג פאַרמאַכט און דאָס צווייטע אויג פאַרגלאָצט. עפּעס רעדן צו איר די מענטשן: אויפן וועג האָט מען אים געפונען. באַנדיטן זענען אים בעפאַלן, נאָר זי הערט נישט, דאַכט זיך, זי פאַרשטייט נישט וואָס דאָ איז פאָרגעקומען.

און עס דאַכט זיך אויך, אַז זי שמייכלט מיט אַ שטילן שמייכל פון אַ צנועה, זי איז מיט עפּעס צופרידן, זי האָט שוין פאַר וועמען צו רעדן, אַזוי לאַנג געוואַרט אויף מענטשן...

— הערט מענטשן.

עס שטאַמלען אירע ליפּן, זי האָט אַזוי פיל צו דערציילן פון אַ גאַנץ לעבן איינזאַמקייט. קיין קינד איז נישט געבוירן געוואָרן און ער פלעגט צוליב דעם אַרומלויפן. אַ סך מער ווי ער האָט געדאַרפט לויפן. שטענדיק געווען אין דער פרעמד און איר פלעגט ער לאָזן מיטן ווינט, וואָס פלעגט יאָמערן הינטער די פענצטער...

זי רעדט נישט פון אומגליק, זי רעדט פון איר ליידיקן לעבטן, זי שרייט, זי שרייט כסדר די איינציקע פראַזע:

— הערט, מענטשן!

# עפּל

עס שפּרייזט אַ ייד אויף פּולאַווער שאָסע, אַ סוף־זומערדיקער טאָג, די לאַנגע גלאַטע ווייסקייט פֿון שאָסע איז אַרומגעזוימט פֿון ביידע זייטן מיט גרינע בוימער און מיט גרינע טאָלן און בערגלעך. עס איז זוניק און שטיל, וואַרעם און קיל, אַמאָל בלאָזט אַ ווינטל, נעמען זיך די בוימלעך די קלענערע וויגן און די גרעסערע בוימער שטייען, ווי פֿאַרשטיינערטע—נישט זיי מיינט מען עס... ווען דאָס ווינטל שפּאַצירט פֿאַרביי, באַוועגט זיך ביים ייִדן די קאַפּאָטע און דאַמאָלט זעט ער אויס אַ ברייטער, כאַאָטישער... גייט דאָס ווינטל אַוועק, באַקומט דער ייִד ווידער זיין געהויקערטע פיגור. ער שפּרייזט, שפּרייזט איינגעבויגן, ווי אַ דוהע, פֿון גאָר ווייט דאַכט זיך אויס, אַז אַ שוואַרצער ראָד קויקלט זיך לאַנגזאַם איבערן שאָסע.

ער קוקט נישט אויף רעכטס און נישט אויף לינקס, ער קוקט נישט אונטער זיך און עס דאַכט זיך, אַז ער באַטראַכט נישט דעם וועג פֿאָרויס, פֿאַר זיך... ער שפּרייזט, ווייל ער באַדאַרף שפּרייזן, ווייל ער האָט אַ ציל פֿאַר זיך.

ער איז אַ סעדער, ער גייט צו זיין סאָד, וואָס ליגט צווישן צוויי דערפֿער. ער שפּרייזט. ער ווייסט שוין גוט דעם וועג. אין די ערשטע טעג פֿון פֿרילינג איז ער געגאַנגען באַטראַכטן אין סאָד, צי דער פֿראָסט האָט די בליעכץ נישט קאַליע געמאַכט. פֿאַראַיאָרן אַזוי געשפּרייזט, פֿאַר צוויי יאָר צוריק... שוין אַ סך יאָרן, ווי ער דינגט דעם זעלבן סאָד.

עס איז אים דאָ איינגעבאַקן אין האַרצן יעדער טריט ערד. ער פֿילט עס נישט, ער באַדאַרף עס נישט פֿילן: ער שפּרייזט

אויף זיין ערד, מיט זיינע פיס איז דער וועג אויסגעטראָטן.

אין זיין גרויער ברייטער באָרד זענען געבליבן זער ווייניק רעשטלעך פון דער אַמאָליקע שוואַרצקייט, די ברעמען זענען אויף אַ העלפט שוואַרץ און אויף אַ העלפט ווייס, די ברעמען־ווייסקייט טונקט זיך אין די ווייסלען פון די אויגן און דאָס גיט אים צו רויקייט. ווייס־טויבישע רויקייט. נאָר פאַר דער דאָזיקער אויסערליכער רויקייט איז דאָך פאַראַן צופיל ערנסט אין זיינע אויגן און די ליפן צווישן באָרד און וואָנסן זענען צופיל געפּרעסט. ער זעט אויס צו זיין אַ כעסן, אַ ייד אַ שווייגער, אַ ייד ביי וועלכן עס איז שווער אַרויסצובאַקומען אַ וואָרט. אַ שמייכל — קיינמאָל נישט.

אַ לאַנגע צייט איז ער דער איינציגער לעבעדיקער נפש אויפן שאָסע. שפּעטער גייט ער אַריין צווישן די עלטסטע און גרעסטע בוימער פון שאָסע. דאָ איז שאָטן, דאָ איז אַלטקייט. אוראַלטקייט, די קאָרע פון די בוימער איז דיק און צעקנייטשט, ווי די פעל פון אַ הונדערט־יעריקן העלפאַנט... אַלטקייט...

אָבער די אַלטקייט שווייגט נישט. צווישן די אומגעלומפּערטע געפלאָכטענע זיגזאַגן פון די צווייגן האָבן הונדערטער און טויזנטער קראָען נעסטן פאַר זיך געמאַכט. און איין גאָט ווייסט, צו וועמען זיי שרייען... צוליב וואָס זיי שרייען קראָ, קראָ! פון צווייג אויף צווייג פליען זיי אַריבער און אין מיטן פאָכעווען מיט די פליגלען שרייען זיי אויס זייער „קראָ” א געשריי, וואָס דריקט ביים האַרצן, אַ קלאַנג וואָס מאַכט עלטער און ערנסטער יעדער איינעם... דאָס איז אַן אַלטער בוימער־וועג: קאַזמערזש דער גרויסער האָט אים געמאַכט ברייט און בוימיק דעם וועג. דאָס איז אַן אַלטער פּוילישער וועג אויף וועלכן יידן שפּרייזן שוין הונדערטער יאָרן.

גייט אַ מענטש צופוס...

קריכט לאַנגזאַם אַ פערדל...

לויפט האַסטיק אַן אויטאָמאָביל, אָדער גאָר אַן עראָפּלאַן— די קראָען האָבן פאַר אַלעמען איין געשריי, איין קלאַנג, אַ יחוס־געשריי פון אַלטקייט, זיי שרייען פאַר די שטומע שטיינער, פאַר

די שטומע וואַסערן, פאַר די טויב־שטומע בוימער, פאַר די נאַ־קעטע נאַטור־פעלזן, זיי שרייען אַרויס, אַז די נאַטור איז אייביק, פעלז איז אייביק, כאַאָס איז אייביק, אין דער מענטש מיט אַלע זיינע מאַשינדעלעך און שרייפעלעך... אַ קנאַפּער יחסן איז ער...

קראַ, קראַ!

די צעגאַסענע רויקע זון באַלייכט מיט דער זעלבער גלייך־גילטיקער פוילקייט שטאָט און וויסטע, פּאַלאַץ און בית־עולם...

קראַ!

אַ ייד גייט פאַראויס, פאַרטראַכט טיף אין זיך און ועגן אויפן שאָסע באַווייזן זיך די אויטאָבוסן, וועלכע פאָרן פון וואָקזאַל קוקט זיך דער ייד אַפילו נישט אום. אָבער די אַלע פּאַסאַזשירן ווייסן ווער ער איז און זיי ווייסן, וואו ער גייט.

אַ ייד, וואָס האָלט אַ סאָד און איצט ווערן שוין די עפּל צייטיק.

אין אַ סך סעדער טרייסלט מען שוין די צווייגן. עס פאַלן עפּל...

גאַנצע בערג און בערגלעך. דערנאָך וועלן קומען די סוחרים פון וואַרשע, דערנאָך וועט מען אָנלאַדן פולע קריפּעס מיט די גרין־רויטע שרעטעלעך. מיטן וואַסער וועלן די עפּל גייך קיין וואַרשע.

און דאָרט אין דער גרויסער שענער שטאָט וועלן די עפּלעך שטיין אין די שוי־פענצטער. זיי וועלן שמייכלען פון די פענצטער צו רייך און צו אָרם און ווער פון די, וואָס האָבן אויגן וועלן אַ טראַכט געבן פון דער זון, וועלכע האָט די עפּע־לעך פאַרויטלט...

יעדער מענטש באַהעפט זיך מיט עפּעס אַ פינטעלע פון לעבן, און זיין פינטעלע איז זיין וועלט, זיין עיקר. דער ייד וואָס שפּרייזט אויפן שאָסיי טראַכט איצט פון זיינע עפּל. אין סאָד איז דאָרטן געבליבן זיינע אַלטע יידענע מיט צוויי איי־ניקלעך, ער איז שוין מיט'ן געדאַנק אין גאָרטן, צווישן די בוימער, ער אָטעמט שוין מיט די לופט פון שפּעטזומערדיקן גאָרטן עס שמייכלען אים פאַר די אויגן די רויטע בעקעלעך פון זיינע עפּל...

בשעת ער איז פאַרבייגעגאַנגען צווישן די צוויי ווענט פון די הונדערטיעריקע בוימער האָט ער גאַנץ גוט געפילט און פאַרשטאַנען די געשרייען פון די קראָען: אַלץ פאַרגייט, אַלץ איז נאַרישקייט, נאַרישקייט פון אָנהויב ביזן סוף. נאַריש זענען די רייכע, שטויב איז זייער רייכקייט... אָבער נישט זיינע עפּל, די עפּל זיינע, די בערג עפּל, וואָס מען טרייסלט אַראָפּ פון די צווייגן—דאָס האָבן די קראָען נישט געמיינט, ווייל דאָס איז זיין עיקר. מיט וואָס וואָלט דער מענטש דער דאָזיקער געלעבט, ווען ער האָט נישט קיין עפּל? אַ גאַנצן זומער איז ער אָפּגעלעגן אין סאָד, אין אַ שטרויענעם ביידל. ער האָט געבעטן גאָט, עס זאָל נישט זיין צו הייס, די ווערם זאָלן זיך נישט אָנזאַמלען, עס זאָל נישט גיסן צופיל רעגן, ווייל פרוכט מוז האָבן זון. פאַר אים אין די אויגן האָבן זיך די גרינע שרעטלעך אויף די צווייגן פאַרגרעסערט און פאַרגרעסערט.

ער האָט דעם זומער געלעבט און געאָטעמט צוזאַמען מיט די בוימער, מיט דעם גאַנצן סאָד. דערביי האָט ער פאַרגעסן צו טראַכטן, אַז די זעלבע עפּל מיט וועלכע ער צערטעלט זיך אַזוי וועלן שפּעטער דורך אים אַליין פאַרהאַנדלט ווערן אין שטעט און שטעטלעך. אין דער באַטאָגיגער שטילקייט פלעגט זיין אַלטע רייניגן קאַרטאָפל צום מיטאָג און ער פלעגט אַרומגיין אין גאָרטן און הויבן די אויגן צו די צווייגן, פּונקט, ווי ער וואָלט זיין טייל גן־עדן באַטראַכטן.

ער שפּרייזט דער ייד, ער איז שוין נישט ווייט פון זיין סאָד. אַ רגע פאַרצוימט אים דעם וועג אַ סטאַדע ווייסע גענז, וואָס אַ קליין שיקסל טרייבט אָן. די גענז מאַכן אָן אַ לאַרם און זיי הויבן די פליגלען זייערע. זיי וואָלטן וועלן פליען און קאָנען נישט. בלויז עטליכע ווייסע פעדערלעך רייסן זיך אָפּ פון דער פּוכיגער ווייסקייט זייערע און טראָגן זיך אַוועק ווייט־חייט.

אפשר כאַפּן זיך אַריין אין זיינע געדאַנקען אַנדערע בילדער? פראַגמענטן פון אַמאָליגן טראַכטן, פון אַמאָליקן יחוס. געווען אַ ייד בעל־הבית מיט כבוד, מיט געלט. אָבער דאָס איז

געווען שוין לאַנג־לאַנג אַזוי לאַנג, אַז עס דאַכט זיך אים, אַז דאָס איז קיינמאָל נישט געווען...

אפשר טראַכט ער וועגן זיינע קינדער, וועלכע זענען אַוועק אין די אַמעריקעס, נאָר קינדער, וועלכע זענען אָפּגעריסן פון טאַטע־מאַמע צענדליגער יאָרן... וואָס זענען דאָס פאַר אַ קינדער?

אמת, ער באַקומט פון צייט צו צייט בריוולעך מיט דאָ־לאַרן און די דאָלאַרן העלפן אים טאקע צו ביים דינגען דעם סאָד... אָבער צי וואָלט אים זיין זון איצט פאַרשטאַנען און געפילט, ווי אַ זון, אַן אמתער זון, וועלכער לעבט די גאַנצע צייט נעבן טאַטן? נאָר ער טראַכט איצט זער װעניג וועגן אַנ־דערע זאַכן; ער שפּרייזט צו זיין סאָד, צו זיינע עפּל און פון די עפּל טראַכט ער: די צוויי גרויסע בוימער, וואָס שטייען ביים פּאַרקן, די צוויי בוימער מיט די „אַנטאָנאָווקעס" וועט מען אַראָפּנעמען די לעצטע. די אַלטע מיט די אייניקלעך וועלן שוין דאַמאָלט זיין אין שטעטל, ער אַליין וועט בלייבן אין סאָד ביזן סוף און ער שטעלט זיך פאָר, ווי אַזוי ער וועט ליגן אין דעם שטרויענעם ביידל באַנאַכט אַליין. שוואַרץ און פינסטער אַרום, הינט בילן, ווינטן בלאָזן... ער איז שוין איינגעוואוינט צו אַזעלכע נעכט, ער פילט שוין זיין עלענד צווישן מענטשן סיי ווי, ער שווייגט דאָך סיי ווי מיט די מענטשן, שוין בעסער שווייגן מיט דער נאַכט.

איצט שיינט די זון און פון ווייטן זעט זיך שוין דאָס לעצטער בערגל פון שאָסע, נאָכן בערגל איז זיין סאָד.

ער דערפילט זיך הונגעריג. אָבער זיין אַלטע יידענע ווייסט, אַז ער קומט באַלד, זי קאָכט שוין אַוודאי איר טעפּל קאַרטאָפל, צווישן די גרינע בערגלעך עפּל, פון וועלכע עס קוקן אַרויס די באַפלאַמיגע בעקע׳לעך און דער גאַנצער גאָרטן שמעקט מיט פרוכט, וואָס איז דורכגעבאַקן מיט זון...

ער שפּרייזט אין זיין סאָד אַריין, צום סאָד, וועלכן ער דינגט שוין אַזויפיל יאָרן ביי דעם פּויער טאַמאַרטשיק.

נאָר ווען ער קומט צו „זיין" פּאַרק, ווערט ער אַ ביסל איבערראַשט...

ביים פּאַרקן שטייט אַן אויטאָמאָביל, דער מאָטאָר פּויקט אַן אַן אויפהער, אַ גאַנצע מחנה דאָרפישע קינדער גלאַנצן מיט די אויגן אויף דעם אייזערנעם וואָגן...

דער סעדער איז שוין אינגאַנצן גרויעניג, צווישן זיינע בוימער.

און דאָ שטייט אַ יינגערמאַן, אַ דיקער, אַ רונדער...

און ער דערהערט:

— טאַטע! דערקענסט מיך נישט... און זיין אַלטע יידענע העלפט אונטער:

— אונדזער משה פון אַמעריקאַ...

טאַטע און זון צעקושן זיך.

דער סעדער שטייט און גלאַנצט מיט די אויגן, דאָס איז זיין זון? אַזוי אויסגעוואַקסן, ביז פרעמדשאַפט...

מ׳רעט געציילטע ווערטער, מ׳געפינט קוים די פּאַסנדע ווערטער.

דער זון זאָגט:

בשעת איך בין געפאָרן אויפן שאָסע האָב איך באַגעגנט אַ יידן, מיר איז גאָרנישט איינגעפאַלן צו טראַכטן אַז דאָס איז מיין טאַטע.

— אַלט געוואָרן, האַ! די מאַמע אַלט געוואָרן... האַ?

און דער מאָטאָר פון אויטאָמאָביל קלאַפּט און פּאַרקלאַפּט זייערע ווערטער.

עפּעס האָט זיך דאָ אַריינגעריסן אין דער שטילקייט אַ שטיק פרעמדשאַפט. אָרים און נעבעכדיג זעט עס אַלץ אויס, דער האַלב איינגעפאַלענער פּאַרקן פון סאַד, די שוואַרצע פלוימען-בוימער און אַפילו די רויטע עפּעלעך אויף דער ערד און אויף די צווייגן — זיי האָבן אויך פאַרלוירן פון זייער גלאַנץ...

אַ קליינער שייטערל האָלץ ברענט, אויף אַ דרייפוס שטעהט אַ טעפּל מיט קאַרטאָפל... נאָר אַלץ איז אָרים, נעבעכדיג.

דער זון רופט זיך אָן צו טאַטע-מאַמע: — נו, לאָמיר פאָרן אַהיים, אין שטעטל אַריין.

ביידע, דער טאַטע מיט דער מאַמען קוקן זיך אַרום, זיי קוקן אויף די בערג עפּל, אויף די פלוימען...

— ווי אַזוי לאָזט מען דאָס איבער? די צוויי אייניקלער ווילן דאָס נישט איינהיטן.

דער זון לאַכט מיט אַ באַס־שטימע:

— טאַטע! מאַמע! וויפל קאָסט עס אייער גאָרטן? וויפל איז דאָס ווערט?

און ער נעמט אַרויס אַ טשעק־ביכל מיט גרינע פּאַפּירלעך: — איר זעט! מיט די גרינע פּאַפּירלעך קאָן מען אָפּקויפן די אַלע גערטנער מיט אַ סך כאַטעס...

דער גראָבער באַס־קול איז אַ פרעמדער, דאָס טשעק־ביכל מיט די גרינע פּאַפּירלעך איז פרעמד און ווען מענטשן זאָלן זאָגן דעם אמת: דער זון איז אויך אַ פרעמדער...

די אייניקלעך זענען געבליבן אין סאָד.

און די צוויי אַלטע מיטן „אַמעריקאַנער" זענען שוין געזעסן אין אויטאָמאָביל. זיי זענען געפאָרן אין שטעטל אַריין. די אַלטע האָט געציטערט פאַרן מאָדנעם וואָגן, פאַר דער שנעלקייט.

דער זון האָט גוטמוטיק געלאַכט און טיט זיינע געזונטע הענט האָט ער אַרומגענומען די ביידע אויסגעמאָגערטע אַלטע לייט. ער האָט גערעט אַזוי שנעל, ווי דער אויטאָמאָביל איז געפלויגן, גערעט און דערציילט, אַז ער איז רייך, ער איז אין ניו־יאָרק אַ פאַרמיטלער ביים פאַרקויפן און קויפן הייזער, ער האָט געמאַכט געלט. ער האָט גערעט פון באַקאַנטע קרובים, וועלכע האָבן אויך געמאַכט געלט. ער האָט אויסדערציילט פון אַמעריקאַנער גליקן.

און די צוויי אַלטע האָבן מער געשוויגן, ווי גערעט. זי, די מאַמע זיינע איז געווען צוטומלט פון דעם גאַנצן געשעעניש, און דער אַלטער טאַטע... אים פאַר די אויגן האָט געשוועבט נישט די גרויסע שטאָט ניו־יאָרק מיט די וואָלקן־קראַצער, נאָר דער סאָד, וואָס ליגט צווישן מאַקראָטקע און פאַר חאַטקע, דער איינגעפאַלענער פּלויט מיט די פלוימען־ביימער, מיט די עפּל.

די חברה שקצים ווילן צעגנבענען די עפּל, עס האָט אים

אויסגעדוכט, אַז ער האָט געזינדיגט מיט דעם, וואָס ער האָט איבערגעלאָזן דעם סאָד אויף הפקר...

די צוויי קליינע אייניקלעך וועלן גאָרנישט איינהיטן...

און אין די אַלע צעטומלענישן האָט אים געקרענקט אײך ואָך: פאַר וואָס אין דער זון נישט געקומען אַ ביסל שפּעטער...

# צוליב אַ פערד

דער פריץ פון זאַגלאָבי האָט פאַרקויפט דעם בעל-עגלה חיים אַ שען פערדל. חיים אַ ייד מיט אַ ברייטער פלייצע, מיט אַ ברוין-געלע באָרד, מיט גרויסע ברעמען, וועלכע האָבן צוגע-דעקט זיינע אויגן, אַזוי אַז מען האָט נישט געקאָנט זעען, ווען ער איז בייז און ווען גוטמוטיק.

ווינטער צייט זעט זיין באָרד אויס, ווי אַ שטיק פאַר-פראָרענער וואַלד. פון דער פאַרע וואָס ער בלאָזט אַרויס פון זיך, בעת מען שטייט לאַנגע שעהן אונטער פרייען הימל, ווערט זיין פאַרוואַקסענער פנים פאַרדעקט מיט אייז-גלאַזור און חברה וויצלען זיך איבער אים. אָבער אַזעלכע גוטמוטיקע וויצן לאָזט אַזאַ חיים פאַרביי, ווי מען לאָזט אַ דורך אַ ווינטל.

דער פריץ פון זאַגלאָבי האָט דעם חיים ליב גע-האַט, שטענדיק געפאָרן מיט אים, ווען זיינע אייגענע פערד פלעגן אים נישט אָפּוואַרטן, ער פלעגט מיט חיימן שמועסן און אין שמועסן פלעגט דער אַלטער רייכער פריץ זאָגן צו חיימן „מאָי דראָגי".

און דער בעל עגלה חיים איז זער שטאָלץ געוועזן מיט דער פריינטשאַפט פון פריץ. אין שטעטל האָט מען אים גע-רופן: „דער פריצישער פורמאַן".

חיים האָט געטראַכט צוליב דעם וועגן אַ בעסערן שידוך פאַר זיין איינציקע טאָכטער... חיים איז אַליין געוואָרן אַ שטיקל יחסן. ער פלעגט זיך האַלטן רויקער, ווי זיינע איבעריקע חברים, נישט געלאַרעמט אויפן מאַרק און געבן חאָקזאַל, ער פלעגט

נישט מיטטראָגן שטענדיק די בייטש, ווי דאָס טוט אַ צווייטער בעל־עגלה.

ער האָט ליב געהאַט אַ גוט פערדל, האָט געקוואָלן אין האַרצן, ווען זיין פירפיסיקער ברויטגעבער פלעגט גוט שפרייזן, אָבער פאַר מענטשן, צוליב מענטשן און מענטשלעכקייט האָט ער זיך געהאַלטן וואָס וייטער פון פערד, נישט געריסן אַזוי פיל וועגן פערד, נישט געצאַצקעט זיך מיט זיין פערד פאַר מענטשן אין די אויגן.

אַ פערד איז אַ פערד און אַ מענטש איז אַ... מענטש.

אָפּגעפאָרן די „יאַזדע", אויסגעשפּאַנט, דערלאַנגט אַביסל היי און אויס שותפים, כאָטש טיף אין האַרצן האָט ער גע־טראָגן אַ שטאַרקע ליבע צום פערד, ווי יעדער בעל־עגלה, ווען ער פלעגט אַוועקגיין פון שטאַל, ווען ער פלעגט דערזעען, ווי דאָס פערד רייסט איבער דאָס פרעסן, דרייט אויס דעם גרויסן פערדישן קאָפּ און קוקט נאָך דעם, וואָס גייט אַוועק... דאַמאָלס פלעגט חיימס האַרץ פאַטערלעך אַ ציטער טון, ער פלעגט צו־שאָקלען מיט זיין קאָפּ און דערביי טראַכטן: ביזט מיר טאַקע זער טייער, אָבער דו ביזט נישט מער, ווי אַ פערד, עס פּאַסט נישט פאַר מענטשן, איך זאָל זיך מיט דיר צופיל אָפּגעבן. איך האָב אַ טאָכטער און די טאָכטער באַדאַרף חתונה האָבן... וואָס הייסטו פון אַזעלכע זאַכן, ביזט דאָך נישט מער, ווי אַ פערד"...

די איבעריקע בעל־עגלות האָבן דאָס באַמערקט אין חיימן. זיי האָבן באַמערקט, אַז „חיים פאַרדרייט די נאָז". אַ יחסן גע־וואָרן, זיי האָבן שוין נישט איינמאָל פון אים חוזק געמאַכט, געלאַכט פון אים אין האַרצן און געלאַכט אויפן קול:

— וואָס גרויסטו זיך, מענטש! ביזט דערזעלבער גראָבער יונג, ווי מיר, באַדאַרפסט חיונה, דו זוכסט אַ קערבל און מיר זוכן אויך אַ קערבל.

פלעגט ער זיי אָפּמעסטן מיט אַ בליק פון הויבן ביז אַראָפּ און גאָרנישט ענטפערן, ווי איינער אַ יחסן וואָס איז אַריינגעפאַלן אין אַ גראָב־יונגישע אכסניה.

אַן׳עלטערער בעל־עגלה איז ער געווען, קיין שלעכן קיי־

נעם נישט געטון, פאַרקערט: אויף אַ טובה איז ער נישט קאַרג, פלעגן צו אים די בעלי־עגלות קיין פרעטענזיעס נישט האָבן. מען איז דורכגעקומען מיט אים... אַי, דאָס ביסל חוזק. — דאָס איז אַ מענטשלעכע זאַך און איבערהויפּט צווישן בעלי־עגלות: איינער שאַנעוועט נישט דעם צווייטן.

אָבער איינער פון די בעלי־עגלות, דער ייִנגסטער, „בערל דער ציגיינער", ער פלעגט זיך נישט איינמאָל איינעסן דעם אַלטן חיימן אין די ביינער:

— וואָס בלאָזט ער אַזוי פון זיך דער געלער צדיק, אַ יחסן געוואָרן, איך לאַך פון זיין טאַטנס טאַטן.

בערל ציגיינער איז נאָך געווען אַ בחור און אַלע האָבן געוואוסט דעם סוד, פאַרוואָס ער בייזערט זיך אויף דעם אַלטן חיימן.

ער האָט געוואָלט זיין טאָכטער. חיימס טאָכטער איז געווען אַ שען מיידל, אַ פייערדיקע פּאָר אויגן האָט זי געהאַט און זי האָט זיך אויך געהאַלטן פאַר אַ יחסנטע, „געבלאָזן פון זיך", ווי די חברה פלעגט זיך וויצלען.

— וואָס איז מיט זיי דער יחוס? — פלעגט בערל ציגיינער שטורמען. זיי שטאַמען פון רבנים... וואָס? זיין טאַטע האָט פאַרמאָגט אַ מאָגערע קלאַטשע, זיין זיידע האָט דאָס אויך נישט געהאַט...

ער האָט געוואָלט חיימס טאָכטער, בערל ציגיינער, און חיים האָט אַפילו פון דעם נישט געוואָלט הערן.

— מיט דעם לאָבוס... זאָל ער גיין צו זיינע שיקסעס אין אַלדע שוואַרץ יאָר.

האָט דער בערל ציגיינער געפּרובט מיט דער טאָכטער, איז נישט געגאַנגען:

— גיי צום טאַטן, וואָס ער וועט זאָגן.
— דיין טאַטע בלאָזט פון זיך...
— אַז ער בלאָזט, באַדאַרף ער בלאָזן...

האָט ער געפּרובט נאָכאַמאָל מיטן טאַטן, געקראָכן צו איימען מיט חניפה, געהאָלפן איינשפּאַנען, דערלאַנגט ס'וואַסער

צו חיימס פערד. דער אַלטער איז נישט געווען פון די, וואָס דערשמעקן נישט, וואָס אַזאַ בערל וויל און ער האָט פשוט געפרעגט:

— וואָס ווילסטו פון מיר? וואָס קריכסטו צו מיר?

— אייער טאָכטער וויל איך...

האָט חיים געכאַפּט די בייטש.

פון דאַמאָלט אָן איז דאָס אַוועק די ביטערע שנאה. אַלע האָבן דאָס געוואוסט און שטעטל אין יעדער איינער, פון קליין בין גרויס פלעגן פון צייט צו צייט חוזקן פון דעם פאַרליבטן בערל ציגיינער...

איצט איז די זאַך ערגער געוואָרן:

חיים האָט געקויפט ביים פּריץ פון זאַגלאָבי אַ יינג פערד. דאָס איז געווען אַ גרויס געשעעניש אין יאַנאָווצע. ווייל אַלע האָבן געוואוסט, אַז דער פּריץ פון זאַגלאָבי פאַרקויפט נישט קיין פערד צו אַ יידן. — די יידן פטרן אַ פערד אין אַ חודש צייט. זיי געבן עס נישט קיין עסן... אַזוי פלעגט ער זאָגן.

נאָר חיים האָט יאָ געקויפט אַ פערדל פון די זאַגלאָבער סטאַינעס און נאָך וואָס פאַר אַ פערדל...

דאָס גאַנצע שטעטל איז אַרויס אויפן מאַרק, ביים פּלומפּ איז געשטאַנען אַ שוואַרצע מחנה מענטשן און אין מיטן חיים מיט זיין נייעם פערד.

דער עולם האָט געקוקט און זיך געוואונדערט. דאָס איז געווען אַ יינגער פערד מיט שלאַנקע געזונטע פיס, מיט אַ קאָפּ, וועלכער האָט זיך געהאַלטן שטאָלץ. אַן אומרויק פערד, אָבער אין שפּאַן איז עס געגאַנגען, ווי אַן אייגענער, געשפּרייזט און צוגעשאָקלט מיט דעם קאָפּ, ווי עס וואָלט שטאָלץ געווען מיט דעם, וואָס עס פירט חיימס בריטשקע.

דער עולם איז געשטאַנען אַרום פערדל, די בעל־עגלות האָבן געזאָגט מבינות, און די יאָלדן, די נישט בעל־עגלות האָבן זיך צוגעהערט, נאָר דאָס פערד אַליין,—יעדע רגע פלעגט עס אין כעס ווערן, עס האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן די קאָמפּלימענטן און ליבגעזאַנגען...

דאַכט זיך וואָס? גאָרנישט! אַ פערד... דאָס שטעטל האָט אויפגעלעבט, פון אַלע ווינקלען איז מען געקומען אָנקוקן די מציאה. אַ יום טובדיקע שטימונג האָט זיך געפילט, ווי אַ יונגער פריץ וואָלט געקומען און אַראָפּגעבראַכט נייע חסדים פאַר די בירגער... אָבער וואַרפט נישט אַזויפיל לויב-געזאַנגען.

דאָס פערד ווערט יעדע רגע אונרויק, נעמט בריקן מיט די פיס און צעטרייבט דעם עולם:

— גענוג שוין! מיר איז שוין מאוס געוואָרן אייער צאַצקן זיך מיט מיר.

דער עולם טראָגט זיך אָפּ און רוקט זיך באַלד ווידער צו, ביז חיים אַליין כאַפּט זיך, אַז ער האָט זיך שוין צופיל פאַרנומען היינט מיטן פערד און מיט פערדישע ענינים, כאַפּט ער זיך און פירט זיין נייע מציאה אין שטאַל אַוועק, דאָרטן מאַכט ער אָרדנונג, ברענגט פרישן שטרוי, קוקט אויפן פערדל, גלעט עס און פילט דערביי, אַז צוליב דעם זאַגלאָבער פריץ, צוליב דעם פערד פון זיינע רייכע סטאַינעס ווערט ער, חיים יאַנאָווצער בעל-עגלה, אַליין עפּעס רייכער, ער ווערט מער יחסן...

די איבעריקע בעלי-עגלות האָבן אים מקנא געווען, אָבער אין אַלגעמיין זענען זיי אַליין צופרידן געווען, וואָס אַ גוט פערדל איז אַריינגעפאַלן אין יידישע הענט. די אויג פרייט זיך בעת זי קוקט אויף אַ רונדן, אומרויקן פערד, די נשמה וועקט זיך אויף בעת דער סוס בריקעוועט מיט די פיס און וויל נישט איינשטיין... מען האָט אָפּגעשאַצט חיימס פערד און מען האָט זיך באַרויקט...

נאָר איינער האָט זיך נישט באַרויקט און האָט פאַרביסן געהעצט קעגן חיימען.

דאָס איז געווען בערל ציגיינער...

ער האָט געפילט, אַז מיט אַזאַ טייערן פערד ווערט חיים נאָך אַ גרעסערער יחסן און זיין טאָכטער, חיימס טאָכטער, ווערט נאָך ווייטער פון אים.

איז ער אַרומגעגאַנגען, בערל ציגיינער און געוואָרפן גיפטיקע ווערטער וועגן חיימען, רכילות מאוסע, טויטלעכע.

— פאַר וואָס מיינט איר, איז דער פּריץ פון זאַגלאָבּי אַזוי גוט געוואָרן?

— פאַרוואָס? בערל!

— איך ווייס... איך פאַרשטיי, איר אַלע דאַרפט עס פאַרשטיין...

אָבער אַלע האָבן געקוועטשט מיט די פּלייצעס, קיינער פאַרשטייט נישט, וואָס מיינט ער מיט זיינע סודות.

ביז בערל ציגיינער האָט גענומען רעדן קלאָרע דבורים.

— ער האָט זיך געביטן מיט דעם פּריץ פון זאַגלאָבּי...

— וואָס הייסט?

— חיים האָט געגעבן זיין טאָכטער און באַקומען אַ גוטן פערד דערפאַר.

אַלע האָבן געוואוסט, אַז דאָס איז אַ מאוסער שקר, ווען דאָס וואָלט אמת געווען. וואָלטן דאָס אַלע געוואוסט אָן בערל ציגיינער, אין שטעטל זענען נישטאָ קיין סודות... אַלע האָבן געוואוסט, אַז דאָס איז ליגן, נאָר זעלטן ווען עמעצער פון די, וואָס האָבן דאָס געהערט, פלעגט פּראָטעסטירן, אַנדערע האָבן פשוט מורא געהאַט פאַר בערל ציגיינער. ער איז געווען אַ בייזער יינג, אַ שלעגער און די איבעריקע האָבן ליב רכילות און קוועלן אָן, בעת מען פאַרשוואַרצט דעם צווייטן...

ווי אַ פאַרגיפטעטער איז ער אַרומגעגאַנגען דער בערל ציגיינער און געסמט זיינע שונאים...

ביז די רכילות איז דערגאַנגען צו חיימן.

ווען ער האָט זיך דאָס דערוואוסט און פון וועמען ער איז אַזאַ שרעקלעכע זאַך דערגאַנגען, דאָס איז געבליבן אומבאַקאַנט...

נאָר איינמאָל בייטאָג, די בעלי־עגלות זענען געשטאַנען אויפן מאַרק, אין אַ שעה אַרום פאָרט מען צו צום צוג.

חיים איז נאָר־וואָס אַרויסגעפאָרן, ער איז אַראָפּ פון זיין דראָשקע און געלאָזן שטיין זיין פערד, וועלכער האָט כסדר געקלאַפּט מיט די קאָפּיטעס... בייז און אומרויק.

בערל איז געשטאַנען מיט זיינע חברים און געוויצעלט זיך, איז צו אים צוגעגאַנגען חיים, רויק צוגעגאַנגען...

— הער נאַר ממזר! וואָס האָסטו געזאָגט וועגן מיין טאָכטער?

און איידער בערל ציגיינער האָט פאַרשטאַנען, וואָס מען פרעגט ביי אים, וואָס מען וויל פון אים...

האָבן זיך פון חיימס ברייטע פלייצע אָפּגעריסן אַ פּאָר הענט, ווי האַמערס, ווי דרעש־אייזנס און זיי האָבן גענומען דרעשן דעם יינגען בעל־עגלה...

די איבעריקע חברה־לייט זענען אָפּגעשפּרונגען און צעטומלטע, איבערראַשטע האָבן זיי זיך אַלע צוגעקוקט...

פּלוצלינג האָט חיים אַ חאַפּ געטון בערל ציגיינער אין זיינע אָרעמס און האָסטיק אַ שאָט געטון אויף דער ערד מיט אַזאַ אימפּעט, מיט אַזאַ ווילדקייט...

און איינס, צוויי...

צוויי באַוועגונגען, אַ פּוס האָט ער אויף בערל'ס האַלדז אַוועקגעשטעלט און גענומען צודריקן...

ווען מען רייסט אים נישט אָב וואָלט יענער די נשמה אַרויסגעלאָזן, מען האָט שוין געזען, ווי בערל ציגיינער נעמט פאַרגלאָצן מיט די אויגן.

דערנאָך איז ווידער אַוועק די טאָגטעגלעכקייט, מען איז געפאָרן צום וואָקזאַל און צוריק פון וואָקזאַל. אָפט פלעגן זיך אויף חיימן אָנשטעלן אַ פּאָר בייזע אויגן פון יינגען בעל־עגלה, אָבער דער אַלטער האָט געהאַט נאָך בייזערע אויגן.

מען האָט זיך שוין צוגעוואוינט צו די צוויי שונאים...

פאַר אַ סך מענטשן האָט זיך בערל אויסגעדריקט, אַז ער וועט זיך מיט חיימן אָפּרעכענען, די דראָהונגען זענען דערגאַנגען צו חיימן און ער האָט פאַרשטאַנען, ער האָט געוואוסט וואָס דאָס הייסט זיך אָפּרעכנען...

ער האָט אַ לאַנגע צייט געכעטיקט אין שטאַל און געהיט זיין פערד און, אַז ער פלעגט ליגן אין שטאַל, פלעגט אים זיך כסדר אויסדיכטן, אַז עמיצער שפּרייזט דאָ אַרום און לויערט אויף אים...

דערנאָך, ווען דער יעשען איז קאַלט געוואָרן איז חיים צוריק אַוועקגעלאָפן אין שטוב...

עס האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט, און עטליכע טעג שפּעטער איז חיים בעגינען אַריין אין שטאַל... אינווייניג איז טויט שטיל געווען, דער אָטעם פון וואַרעמען לעבן איז מער אין זיין שטאַל גיט געווען... דאָס פערד איז געלעגן מיט די פיס אַרויף... די גרויסע ווייסע ציין האָבן געשטשירעט אין דעם דונקל פון שטאַל.

ווי אַ משוגענער איז חיים אַריינגעלאָפן אין שטוב:

— ווייב, טאָכטער, מענטשן!

— וואָס איז געשעען?

— דער ממזר האָט מיין פערד אָפּגעסמ׳ט, דער ממזר, בערל ציגיינער...

און ער איז ארומגעלאָפן איבער אַלע ווינקעלעך פון זיין שטוב, ווי אַ ווילדע חיה... ער האָט געזוכט די האַק.

— באַלד, באַלד וועל איך אים פאַרטיג מאַכן...

מען האָט אים אָפּגעהאַלטן. מען די האָט האַק בעהאַלטן.

אַ האַלבן טאָג איז ער געזעסן, ווי אַ פאַרגליווערטער אויף איין אָרט, שפּעטער ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז די בעלי־עגלות זענען שוין געקומען פון וואָקזאַל. האָט ער זיך אַרויס־געריסן פון שטוב...

פון הינטן איז ער צוגעלאָפן צו בערל ציגיינער און אים אַרומגעכאַפּט מיט זיינע צוויי הענט יענעמס האַלז... עס האָט נישט געהאָלפן. וואָס מענטשן האָבן זיך אַריינגעמישט, די הענט אָפּרייסן האָבן זיי נישט געקענט. עס האָט געדויערט אַ מינוט, צוויי, דריי...

ווען חיים האָט צוריקגעצויגן זיינע הענט, איז בערעלס קערפּער אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד ווי אַ מת, מיט פאַרגלאָצ־טע אויגן.

ס׳איז געוואָרן אַ געוואַלד, אַ יאָמער.

— ער האָט אים דערשטיקט — האָבן מענטשן געשריגן.

פאָליציי איז געקומען, מען האָט גענומען שלעפן חיימן אין קאָזע און ער האָט געהאַלטן און איין שרייען:

— ער זשיפעט נאָך? האַ! זאָגט מיר, ער זשיפעט נאָך?

---

דריי חדשים איז בערל ציגיינער געלעגן אין לובלינער שפיטאָל און אַרויס איז ער פון דאָרטן אַ האַלבער מענטש, אַ קאַליקע, אין יאַנאָווצע האָט ער זיך שוין מער נישט באַוויזן, ווייל דאָס ביסעלע לעבן, וואָס איז אים נאָך פאַרבליבן, איז געשטאַנען אין גרויס סכנה...

# שביי

איך געדענק דעם פריסטן מאָמענט פון מיין קינדהייט, ווען איך האָב זיך צום ערשטן מאָל דערפרייט פון שענקייט... מיט שניי־ווייסקייט. אַ דריי־יעריקער „יאַטל". האָב איך מיך צוגעשאַרט צו מיין עלטערן ברודער., וועלכער איז נאָר וואָס פון דער קאַלטער גאַס געקומען. אויף זיין מאַנטעלע איז געלעגן אַ ליכטיקער פאַס ווייסקייט, אַזאַ העלער אָפּגלאַנץ...

איך האָב זיך צוגערוקט צו מיין עלטערן ברודערל און געכאַפּט אַביסל פון געפראָרענעם פוך, אַ סעקונדע אין מיין קליין הענטל געהאַלטן... און עס איז גיך געוואָרן צורינען אין טראָפּנס. דאָס, וואָס די יינגע אויגעלעך מיינע האָבן מיט נייגעריקייט אָנגעקוקט איז צערונען געוואָרן...

און איבער די פינגער האָב איך אַ פּאַטש באַקומען פון מיין מאַמען.

— ווילסט זיך צוקילן.

צום ערשטן מאָל האָב איך דערפילט, אַז דאָס, וואָס געפעלט, דאָס, וואָס איז שען קען אויך באַלד צערונענן ווערן... און אַ פּאַטש איבער די פינגער האָב איך צום ערשטן מאָל באַקומען.

שוין באַלד פיר צענדליק יאָר אַוועק און עס געדענקט זיך נאָך.

דאָס לעבן גייט, שענקייט, בלויקייט, ווייסקייט רייצט נאָך ביז היינט, נאָר דער שיקזאַל פּאַטשט איבער די פינגער נישט פון ליבע צו מיר, דער שיקזאַל שלאָגט מיט זיין קאַלטער גלייכגילטיקייט.

אין דער רויקייט פון אַ קאַלטן ווייסן שניי־טאָג דערמאָ־
נען זיך מיר אַ סך שניי־מאָמענטן...
פון חדר אָן.
מען פלעגט פון שטוב מיר מיטגעבן אַ קליינע לאַמטער
מיט געשליפענע שייבלעך, מיט אַ קאָלירט ליכט און איך פלעג
שפּריינגען צוריק פון חדר. מיט מיין לאַמטער פלעג איך זיך באַ־
לויכטן דעם וועג איבער די גאַסן פון אונדזער פינסטערע שטאָט.
עס פלעגט שנייען און מיר פלעגט זיך אויסדוכטן, אַז אַלע
שנייעלעך פליען ווי ווייסע, ווי זילבערנע פליגן צו מיין פייערל...
איינמאָל באַנאַכט האָבן קינדער פון אַ פרעמד חדר מיר אומיש־
בע אַ שטויס געגעבן. איך בין אומגעפאַלן און צובראָכן מיין
לאַמטער, פאַרלאָשן דאָס ליכטל. איך בין אין שניי געלעגן און
געוויינט...
עפּעס אַ פרעמדער ייִד האָט מיך אַהיימגעבראַכט.
עס קאָן דאָך זיין, אַז פון דאַמאָלט האָב איך שוין
אָנגעהויבן פילן, אַז מען איז מיט קיין איין זאַך נישט זיכער
אין לעבן, אַז מ׳קען דיר אַ שטויס געבן און דו וועסט אין
שניי פאַלן.
שוין דאַמאָלט אין ייִנגסטע קינדער־יאָרן האָב איך גע־
נומען טראַכטן, אַז אין וואַלד, איז בעסער... אין ווייסן ווינטער־
וואַלד—דער שניי ליגט דאָרט אונטער די בוימער און אויף די
צווייגן ליגט ווייסקייט...
נאָר אָט קומט אין שטאָט אַריין אַ יעגער מיט אַ ביקס
אויף זיין פּלייצע, מיט פאַרשנייטע שטיוול און פון זיין יאַגד־
טאַש שטעקט אַרויס אַ פאַרבלוטיקטער קאָפּ פון אַ האָז...
אין ווייסן וואַלד האָט זיך בלוט פאַרגאָסן.
פון אַלע ווייטקייטן האָט מיך שטענדיק געריצט יענע
ווייטקייט, וואו עס ליגן די אייביקע שנייען. דער צפון מיט
זיינע ווייסע בערן. אַ ווייסע רויקע נאַכט אין מיין שטאָט,
אָדער אַביסעלע ווייטער פון שטאָט פלעגט מיך שטענדיק דער־
מאָנען יענע ווייטקייט... אפשר פלעגט עס ציען ווי אַ געהיימ־
ניס, אפשר ווי באַרויקונג, ווי אַן אויסלייזונג פון די ערשטע

זאָרגן אין מיין לעבן. דעם דלות פון אונדזערע גאַסן און היי־
זער פלעגט דער שניי באַהאַלטן.

בחור! אויב דו האָסט נאָך אַביסעלע פאַנטאַזיע, גיב נאָר
אַ הויב אויף די אויגן! זעען דאָס אונדזערע קבצנישע נעסטן?
אונדזערע אויסגעקרימטע הייזער?

ווייסע שלעסער, ווייסע גאַסן... ווען דער שניי וואָלט
אייביק ליגן אַזוי אין אונדזערע קוואַרטאַלן, מען וואָלט דאָך
קיינמאָל דעם דלות נישט אַרויסגעזען.

איינע פון מיינע ערשטע ליבעס...

זי איז אַ שיין מיידל, נאָר זי האָט געטראָגן אָרעמע
קליידער, אַ בלעכערס אַ טאָכטער... פון וואַנען זענען צו איר
ביכלעך געקומען? זי פלעגט עס לייענען מיט אַזאַ פלייס, זי
פלעגט ריידן פון די ביכלעך. זי האָט אָבער געהאַט זייער אָרי־
מע קליידער, מיט וועלכע זי פלעגט זיך שעמען באַטאָג אַרויס־
צוגיין צו מיר. פלעגן מיר זיך באַנאַכט באַגעגענען.

זי פלעגט מורא האָבן פאַר דער לבנה. טאָמער וועט זי
העל לויכטן און באַלויכטן די צעריסענע טראַנטעס אויף איר
לייב. איינמאָל זענען מיר לאַנג געשטאַנען ביים עק פון אונדזער
גאַס... אָט עטלעכע טריט און עס הויבט זיך אָן ווייסטער
פעלד. מיר זענען געשטאַנען און גערעט, גערעט און געשוויגן
שעהן לאַנג און אין די אַלע שעהן איז דער שניי געפאַלן...
מיר האָבן שוין געפילט די לייכטע לאַסט אויף אונדזערע אַק־
סלען דאָס איז שניי געלעגן אויף אונדז, שניי, ווייסקייט, פונקט
ווי די נאַכט וואָלט אונדז וועלן באַקליידן אין שענע בגדים.

עס האָט אויפגעהערט צו שנייען. די וואָלקנס זענען
אוועק. מיט אַ ווייסן שפּיגל־גלאַנץ האָט זיך די לבנה באַוויזן
איבער אונדז... איך האָב אין דער ליכטיקייט דעם בלעכערס
טאָכטער נישט דערקענט. די שניי ווייסע קרויזן האָבן געלויכטן
אויף איר, ווי אויף דער שענסטער כלה. מיר זענען געווען
פאַרטיפט אין ווייסן ווינטער־חלום. מירביידע, מיר צוויי קינדער
פון יידישן דלות. מיר האָבן זיך אויסגעפוצט אין זילבער לכבוד

דער נאַכט, לכּבוד אונדזער גאָענטקייט, וועלכע איז געקומען פון אונדזערע הערצער...

מיר האָבן געחלומט. פון דער שווערער ווירקלעכקייט זע־נען מיר צום ווייסן חלום געקומען... נאָר דער טאַטע, דער בלעכער האָט גאָרנישט געחלומט. ער איז אונטערגעלאָפן צו זיין טאָכטער, פאַר די הענט געכאַפּט, דעם ווייסן שניי־פּאַנצער צעשאָטן...

איצט דאַכט זיך מיר, אַז מיט די יאָרן איז דער שניי אויך אַלט געוואָרן. עס זענען צופיל שווערע ווינטערס אַוועק.

איך האָב אַ גאַנצן ווינטער געקוקט דורך דער אייזערנער גראַטע פון תּפיסה, געקוקט ווי עס פאַלט שניי אין די גאַסן און נישט איין ווינטער, צוויי אַזעלכע ווינטערס האָב איך דורכ־געמאַכט אין מיין לעבן...

דאָס איז געווען אַ חוזק פון גאָט און מענטש. טעג און נעכט פאַרברענגען אין דער גרויער קאַמער, קוקן דורך די גראַ־טעס, ווי די וועלט פּוצט זיך אויס אין אַ ווייסער אומשולדיקייט, זעען פון וויטן די מענטשן שפּרייזן אין וואַרעמע פעלצן.

גלייכגילטיק צו אונדז.

קאַלט צו אונדז, ווי דער ווינטער איז קאַלט צו זיך אַליין, האַרבן, ווי די גלעקלעך פון שליטנס קלינגען.

זיין פאַרשפּאַרט...

פאַרוואָס ?

ווייל דו האָסט אַביסעלע אַנדערש געטראַכט... אין אַזעל־כע טעג פלעג איך בייז זיין אויף אַלעמען צו אַלעמען, אַפילו דעם ווייסן שניי האָב איך געהאַסט פאַר זיין גלייכגילטיקייט, פאַר זיין רויקייט. איך פלעג אָפּקערן דעם קאָפּ פון געשמיטן פענצטער און דערטרינקען מיין נשמה אין דער גרויקייט פון דעם תּפיסה־חדר. אָבער באַלד פלעג איך זיך צוריקכאַפּן צום פענצטער, ווי צו אַ רעטונג. געווען דאָרט אַ צעבראָכענע שויב. פלעג איך פון פענצטער־קאַרניז אַביסעלע שניי אין הויפן כאַפּן. אַ סעקונדע, אַ רגע חלום, אַ רגע טרייסט — אַזאַ רגע קאָן אַמאָל ראַטעווען פון משוגעת...

איך האָב אין יענע טעג נישט געוואָלט קיין גליק פון לעבן, קיין איבעראַשונג, נישט געוואָלט זיין איינער פון די ערשטע, קיין ליבע שוין אויך נישט געוואָלט. נאָך קיין פריינט נישט געבענקט, אין האַרצן פון אַלץ זיך אָפּגעזאָגט.

נאָר עפּנט די תּפיסה, לאָזט אַריין די גאַנצע ווייסקייט פון ווינטער צו מיר, איך וויל זיך באַהאַלטן אין מיין שניי־פּאַ־לאַץ און נישט טראַכטן פון אייך, מענטש! פון אייער טעמפּער איינגעשפּאַרטקייט, פון אייער קליינעם וועלטעלע, וועלכעס איר מאַכט אַליין קלענער און מיאוסער.

עס איז גוט ווען די נשמה ווערט פאַרגליווערט און פאַר־פראָרן, עס איז גוט, ווען אַ יינג האַרץ, וואָס שטרעבט און רייסט זיך צום לעבן שטאַרבט פּלוצלונג אָפּ אין לאַנגגען־לאַנגען הינערפלעט, אָבער ווי צו די שעהן, ווען עס לעבט מיט אַ דאָפּלטן לעבן ווען עס רייסט זיך צו שענקייט און די קייטן לאָזן נישט, די גראַטעס לאָזן נישט...

ווען מען זאָל צונויפקלויבן אין איין שטים די אַלע יסורים פון די יינגע מענטשן אין די תּפיסות, די אַלע אין זיך דער־שטיקטע טרערן און זיפצן און דאָס אַ שליידער טאָן אויף דער שרעקלעכער וועלט...

דאַמאָלט וואָלט די וועלט געציטערט פון צעטרייסלונג...

און דער קאַלטער שניי וואָלט אַזוי קאַלט און רויק נישט געווען. עס וואָלט אין פייער געפלאַקערט.

און נאָך...

דאָס אומגעלומפּערטסטע וואָס איך דערמאָן זיך...

אַ ווינטער אין דער רוסישער קאַזאַרמע. יעדע נאַכט פלעגט דאָס פעלד פאַרשאָטן ווערן מיט אַ פרישן שניי. אַ טיפע שיכט חייסקייט פלעגט פאַרדעקן דעם גרויסן פּלאַץ הינטער דעם שטעטל, וואו אונדזער פּאָלק איז געשטאַנען.

יעדע נאַכט פלעגט פריש שנייען...

און באַגינען פלעגט מען אונדז אַרויסטרייבן הונגעריקע, נישט אויסגעשלאָפענע, מען פלעגט אונדז אויסשטעלן אין סי־מעטרישע רייען און טרייבן הין און צוריק... מיר פלעגן די

ווייסקייט צוטרעטן... איינמאָל, צוויי מאָל... צען, הונדערט מאָל. אָט אַזוי ביז מיטאָג, אָט אַזוי ביז נאָכמיטאָג. יעדן טאָג, וואָכן, חדשים, אַ גאַנצן ווינטער. עס איז געווען אַזוי פיל זינ-לאָזיקייט אין דעם שטענדיקן מאַרשירן, אין דעם נוצלאָזן טרעטן מיט די פיס... יאָ, ווען אַ מענטש האָט בלויז פיס, וואָלט עס נישט געווען אַזוי שרעקלעך, נאָר די טעמפּקייט פלעגט נישט אַלע מאָל באַזיגן די גשמה.

אַרום איז ווייס, ווייס אויף אַלע פיר זייטן פון דער וועלט. דאָרטן איבערן באַרג שטייט אַ וואַלד. דאָרט מוז הערשן אַזאַ רויקייט, ווי אין אַ גן-עדן... גאָט! אַ חיה ווערן, אַ בער, אַנטלויפן אין וואַלד און זיך איינגראָבן אין שניי...

די אויפגערעגטע צובייזטע נשמה פלעגט זוכן אַן אויסוועג. און אָט געדענק איך... דעם שניי, דעם חלום פון מיין קינד-הייט האָב איך גענומען האַסן, פונקט ווי ער וואָלט געווען דער גאַנצער שולדיקער אין אונדזער מאַנאָטאָנעס גהינום פון שטענ-דיקן שפּרייזן.

— מאַרש!

ווייזט אויס, איך האָב זיך פאַרטראַכט צופיל און נישט גוט געשטעלט די פיס, ווייל מיין הערשער, דער בענדלדיקער פּעטרענקאָ האָט מיר דערלאַנגט אַ שטויס און איך בין אומגע-פאַלן אויפן שניי... אין דער רגע, וואָס איך בין געלעגן אויף דער געפרוירענער ערד, האָב איך מיט די נעגל גענומען רייסן דעם שניי, וועלכער איז געווען צוטראָטן און פאַרברודיקט פון טויזנטער זעלנערישע שטיוול...

דאָס איז געווען אַ מאָמענט פון משוגעת, פון האַלב-משוגעת...

יאָ, מיט די יאָרן איז דער שניי אויך אַלט געוואָרן און איצט, ווען איך קוק דורכן פענצטער ווי אַלץ איז ווייס, ווי דער שניי ווערט נישט מיד אין זיין פאַלן, בענקט זיך מיר נאָך יענע קינדערשע טעג, ווען די אויגן האָבן געבענטשט דעם ווינטער...

עס בענקט זיך און עס ווילט זיך, אַז די שוואַרצע פלעקן פון דער נשמה זאָלן ווידער ווייס ווערן.

קינדער שפּילן זיך אויפן הויף, שליטלעך קלינגען הינטער דער וואַנט...

איך וועל נישט לייקענען. פאַראַן מאָמענטן, עס דוכט זיך מיר, אַז די ווייסקייט ווייזט וואונדער, זי וויקלט איין מיינע גרויע שווערע יאָרן, זי פאַרפּאַקט מיין שווערן בלייענעם באַגאַזש און זי פירט מיך צוריק אין לאַנד פון גלויבן און חלום...

אָט בין איך אַנטלאָפן פון שטאָט. צווישן מענטשן וואָס לעבן אין וואַלד. דאָ היילן זיי זיך פון שטאָט...

די לופט איז שטילער ווי שטיל, די וואַלד-גאַסן האָבן זיך אַ נדר געטון: שווייגן. און דער שניי האָט דאָס שווייגן ווייס געמאַכט. די ווייסקייט איז נישט טיף, נישט פלאַך. די ווייסקייט איז שוין באַלד נישע ווייס, כמעט אַ בלויליכקייט, עס שטייט אויף איין אָרט, עס רירט זיך נישט און דאָך דאַכט זיך דיר, אַז דאָס האַלט אין איין וויגן זיך, עס ציטערט פון זיך אַליין, פון איידעלקייט און צאַרטקייט, עס וועט נישט אויסהאַלטן און עס וועט באַלד אַראָב פון די ביימער ווי אַ לופטיקער פוך, עס וועט זיך איינוויקלען אין אַ ווייסן וועלאָן, אַ רגע וועט דויערן און דו וועסט גאָרנישט זען, גאָרנישט פילן, אַ מאָמענט פון פאַרגעסונג וועט עס זיין, די אייביקייט וועט זיך אָנרירן צו דיינע ברעמען, אַ קאַלטיקייט פון דער אייביקייט וועט דערמאָנען דיין געדאַנק, אַז דער לעצטער הערשער וועט זיין דער אייביקער, ענדלאָזער ווינטער.

באַקאַנט איז מיר די דאָזיקע פראָסט-שטימונג פון לאַנגאָן, ווינטער אין די אוראַלטע וועלדער פון ביעלאָוויעזש, ווינטער אין די רוסישע וועלדער אַרום וואָלאָגדאַ און אַרכאַנגעלסק, ווינטער אין די עסטרייכישע טיראָלן... איך בין דאָרט געווען, איך האָב פאַרזיגלט אין זיך אַ סך ווייסקייט און אַ סך שווייגעניש.

איצט וועקט זיך דאָס אויף. אָבער דערביי בלייב איך קאַלט. דאָס האַרץ מיינס קלאַפּט נישט, ווי ביי אַן אַנדער ערינערונג, קיין חרטה נישטאָ, קיין בענקשאַפט. קיין אומרו... ניין! איך פיר זיך אַזוי, ווי עס פּאַסט פאַר אַזעלכע קרובים, פאַרפראָסט און שניי...

דאָס ווינטערדיקע און מיר באַגריסט זיך שטום מיט דער ווינטערדיקייט פון וואַלד, מיר שטרעקן אפילו קיין האַנט נישט אויס איינער צום צווייטן, מיר שאָקלן מיטן קאָפּ אַפילו נישט צו, געגאַנגען און געשוויגן, פראָסט מיט פראָסט באַגריסט זיך מיט שווייגעניש. איך האָב שוין פון לאַנג אַ ציל: זאַמלען מיין רייכקייט, פאַרגרעסערן מיין קאַפּיטאַל און דערביי עס האַלטן פאַרשלאָסן אין מיין... האַרץ. זאַמלען שווייגעניש, אָבגנבענען פאַרמעגן ביי דער נאַכט און ביי דעם פראָסט...

וואונדערלעך! וואָס טיפער די גייסט אין געפרוירענעם וואַלד, אַלץ מער דאַכט זיך, אַז דו ביזט איינער, איינער וואָס שפרייזט... וואוהין? דאַמאָלס, ווען די ווייסקייט רינגעלט דיך אַרום פון אַלע זייטן. ווייטער וועט ווייסער נישט זיין. טיפער וועט אַנדערש נישט זיין. אָט די יום-טובדיקע איינטאָניקייט פון ווינטער איז אומעטום די זעלבע...

און אפשר איז אין דעם אומבאַוואוסטזיין דאָך פאַראַן אַ ציל. מען זאָגט, אַז דאָס, וואָס הייסט מענטש, דאָס שטאַמט פון חיה... אין וועלכן ווייסן צווייגן-פלאָנטער לעבט דאָרטן מיין אוראַלטע זיידע? און אויב איך וועל אים געפינען, ווי וועל איך זיך ווייזן פאַר אים מיט מיין נישטיקייט? ער וועט דאָך מיך נישט דערקענען, ער וועט דאָך לאַכן פון אויסגעמענטשעלטן מענטשל, ער וועט לאַכן מיט אייז-קאַלטן געלעכטער, זיין געלעכטער וועט קיין עכאָ נישט האָבן, מיין פאַרענטפערונג וועט קיין ווידער-קול נישט האָבן, וועט ער אויף מיר שניי שיטן, אַזוי לאַנג שיטן שניי, ביז איך וועל אַליין אין שניי פאַרוואַנדלט ווערן...

ס'איז שוין פאַרנאַכט. איך בין ווייט אַוועק. זיך איינגע-פלאָנטערט אין די שווייגענדיקע בוימער. דאָס פרעסטל איז שטאַרקער געוואָרן, געסמאַלעט אַביסל די אויערן און דערביי דאַכט זיך דיר, אַז עפּעס איינער אַקלוגער, אַן עלטערער, רייסט עס דיר אָן פאַר די אויערן, ווייל דו געסט צו מענטשן און הילסט זיי איבערמאַכן, און קאָנסט נישט פאַרטראָגן זייער -

בוצלאָזע, אומגעלומפּערטע נאַרישקייטן. מיר דאַכט זיך, אַז דער איינער, דער קלוגער פרעגט:

— וואָס האַרט עס דיך? זייער וועלט און זייער נאַרישקייט...

איך פאַרענטפער זיך:

— מיר וואָלטן געקאָנט שאַפן אַ שען לעבן, אַ שטאָלץ לעבן...:

אָבער דער וואַלד שווייגט, און איך שווייג שוין אויך. עס רייסן זיך אָב די מענטשן מיט זייערע ענינים פון זכרון.

איך קוק אַריין אין וואַלד, וואו די נאַכט קלויבט זיך שוין אויס אַ געלעגער און די בוימער שטייען ווי זיילן בעהאָנגען מיט דין־געשטריקטע שפּיצן און קרויזן... וואו איז אַהינגעקומען קלאַנג און רויש? עס געדויערט לאַנג די שטילקייט, ביז אונטער די בוימער דערהערט זיך דער פייף פון באַן. אַלץ ציטערט אויף אין וואַלד און אין מיין נשמה. איך האָב נישט געוואָלט דעם פייף. איך האָב געוואָלט די אַבסאָלוטע שטילקייט. אָבער באַלד טרייסט איך זיך מיט דעם געדאַנק, אַז דער זעלבער צוג קאָן מיך אַוועקפירן אין ווייטע — ווייטע וועלדער.

עס ווערט טונקעלער אין וואַלד, ווען נישט אַזוי פיל ווייסקייט, וואָלט שוין דאָ נאַכט געווען, די גרינע נאָדל־שפּיצן, קריכן אַרויס פון דעם ווייסן פוך, שפּיציגע גלאַנצדיקע נאָדלן, מיט אַ צולהכעיס קוקן זיי אויף דעם שניי, וועלכער קאָן זיי נישט פאַרדעקן...

איך גיי און איך טראַכט פון אַזעלכע נישטיקע זאַכן: פאַרוואָס איז דאָס קליין בוימעלע מער ווייס פאַר דער גרויסער סאָסנע? פאַר וואָס שלאָפט נישט די וועוויאָרקע? מיטאַמאָל האָט זי דערלאַנגט אַזאַ הילכיגן קעצישן קוויטש? האָט זי זיך דערשראָקן פאַר מיר, צי דאָס איז אַבאַגריסונג? עס פאַרדריסט: דאָס וואָס די מענטשן רעדן, פאַרשטיי איך און דער וועוויאָרקעס קוויטש בלייבט אומפאַרשטענדלעך, ווי אַ סוד...

שפּעטער בין איך צווישן מענטשן.

מען טאַנצט. אין אַ גרויסן זאַל. עס געדויערט אַביסל. איך

גיי אַליין אַריין אין זייער שטימונג. איך בין דאָך עפּעס מיט מענטשן, ווײַל איך זיין מיט מענטשן גלייך.

טאַנץ איך מיט פּאַננאַ וואַנדאַ, איך טאַנץ און אַלע טאַנצן, עס הערט נישט אויף. די מוזיק ציט אַריין.

די לאָדנס זענען צוגעמאַכט. מיר זענען איצט ווי אַן אָפּגעזונדערט וועלטל, אַ טאַנץ־וועלטל.

נאָר איך בין דאָך נישט אינגאַנצן היינט „איך". איך האָב היינט צופיל פאַרבראַכט אין וואַלד, די ביימער מיט דער ווייסקייט זענען מיר אין דער נשמה אַריין.

איך טאַנץ און מיט מיר טאַנצט דער וואַלד. וואָס איז דאָס געוואָרן מיט די רויקע אומגעוועגליכע ביימער? זיי האָבן זיך אָנגעשיכּורט מיט דער ווינטער־ווייסקייט און זיי זענען אין אַ טאַנץ־קאַראָהאָד אַוועק...

פּאַננאַ וואַנדאַ איז אַ ביימל, אַ שלאַנקע, פאַרשנייטע סאָסנעלע...

נאָר עמיצער האָט מיר אויפן פיס אַרויפגעטראָטן אין מיטן טאַנץ און איך כאַפּ זיך אויף פון מיין ווינטער־חלום...

מיין ווייסע, מיין פאַרשנייטע סאָסנעלע האָט ליפּן און די ליפּן זענען אַזוי רויט אָנגעפאַרבט, אַזוי אומנאַטירלעך, שרייענד רויט...

איך פאַרליר דעם טאַקט אין טאַנץ...

# משהלע נאַטוראַלני

אין שטאָט קאָן מען אים גוט, — אויף אַלע בירזשעס, אין אַלע בענק. ער האַנדעלט מיט אַלצדינג, און אויב מ'זאָל גוט אַריינקוקן אין דער זאַך, האַנדעלט ער מיט גאָרנישט, נאָר ער „דרייט," ווי חברה לצים זאָגן אויף אים — ער דרייט!

און אַזוי דרייענדיק, פאַרדרייט ער זיך און די גאַנצע וועלט דעם קאָפּ. ער פאַרוואַרפט אַ נעץ און אַנדערע ציען אַרויס, אָדער פאַרקערט: אַנדערע פאַרוואַרפן און ער ציט אַרויס.

דער גאַנצער נפש איז אַלט... איז נאָך נישט אַלט קיין דרייסיק יאָר. אַ ווייב האָט ער שוין און אַ קינד אויך, אַ יינגעלע מיט געקרייזעלטע הערעלעך, וואָס וועט מסתמא אינגיכן אָנהויבן קרענקן אויף אַ צוקער־קרענק. ווייל מער ווי מיט שאָקאָלאַד און אַנדערע זיסע זאַכן שפּייזט מען אים נישט...

אַ ווייב האָט ער... גיכער האָט דאָס ווייב אים. ער איז דער ווינט און זי די ווינט־מיל. וואָס ער פאַרדינט צעמאָלט זי עס אויגענבליק. דאָ איז אַ פאַרקערטע וועלט: נישט דער ווינט טרייבט אָן די ווינט־מיל. זי דאָס ווייבל זיינס יאָגט אים. די ווינט־מיל יאָגט דעם ווינט:

— לויף און ברענג אַלדאָס גוטס, לויף, לויף!...

משהלע נאַטוראַלני, — ווען אים דאַרף מען אַ ביסל ברייטער רעדן, דאָס איז אַ מענטש, וואָס יעדע צוויי וואָכן איז ער אַ מיליאָנער, און יעדע צוויי וואָכן איז ער אויס מיליאָנער. מיט צען יאָר צוריק האָט ער אַנגעהויבן זיין קאַריערע אַלס „דרייער," אַ מענטש וואָס מאַכט קאַפּיטאַל פון לופט. מיט צען יאָר צוריק האָט ער שוין אָנגעפּאַקט פולע קעשענעס מיט אַסיג־

נאַציעס און אַלע האָבן געוואוסט, אַז אים האָט זער אָפּגעגליקט. נאָר ווי אַזוי עס האָט אים אָפּגעגליקט — דאָס האָט קיינער נישט געוואוסט; נאָר דערפאַר האָבן אַלע געזען, ווי משה נאַטוראַלני האָט גענומען ברייט לעבן: די שענסטע בגדים האָט ער זיך געקויפט, זיידענע וועש און אַ בריליאַנט...

„אַ בריליאַנט" האָט ער געזאָגט, „טראָגט מען נישט צוליב זיך, נאָר צוליב דער וועלט, אַז עס שטראַלט אויפן פינ-גער, איז אין קעשענע אַודאי און אַודאי נישט פינסטער..."

ער האָט זיך געהאַט זיין טעאָריע אויף יעדער זאַך און שטענדיק געוואָרפן מיט נישט-דערטאָקטע אַפאָריזמען.

פון די דייטשן האָט ער געכאַפּט זייערע ווערטלאַך און אומעטום אויסגענוצט. אַז מען פלעגט אים פרעגן פאַרוואָס ער צעשליידערט אַזוי פיל געלט, האָט ער שטענדיק געהאַט איין ענטפער:

„מיין טעאָריע איזט לעבן און לעבן לאַסן..."

ער האָט אויך געהאַט זיין קרייזל, אַ חברה פאַראַזיטן וועלכע האָבן אים געזויגן אויפן גרויסן אויפן.

נאָר עס האָט אויף אַלץ געסטייעט, ער איז געשוואומען אין אַ ים מיט געלט און עס וואָלט זיך קיינמאָל נישט אויסגע-שעפּט.

מאַכט זיך, אַז משהלע נאַטוראַלני האָט חתונה געהאַט. די נעשיכטע איז פאָרגעקומען זייער שנעל און נישט אַלע אַפילו פון זיינע נאָענטסטע פריינט האָבן געוואוסט מיט וועמען נאַטו-ראַלני האָט חתונה געהאַט.

ער האָט זיך באַקענט מיט אַ „מיידל פון טעאַטער", אַ כאָריסטין איז זי געווען. אַ כאָריסטין אָדער די בעסטע פרימאַ-דאָנע,—פאַר משהלען איז דאָס אַלץ איינס געווען...

אַבי אַ מיידל פון טעאַטער.

באַקענט זיך און עס איז אַוועקגעגאַנגען אַ גאַנג: בלומען, באָמבאָניערקעס, מתנות יעדן טאָג, יעדע שעה:.. באמת, די פרי-מאַדאָנע האָט געמעגט מקנא זיין דער כאָריסטקע.

געהייסן האָט משהלעס געליבטע — חנה. נאָר באַלד נאָך

די ערשטע בלומען האָט זי דעם נאָמען איבערגעמאַכט אויף „אנאַ", אַליין אַן אָרים מיידל, וואָס האָט זיך מיטן ביין דלות געקאָנט פון קינדווייז אָן איז זי באַלד אין אָנהויב פון דער נייער באַקאַנטשאַפט אַ ביסל צעדולט געוואָרן...

די „מכשפה", אַן אַלטע אַקטריסע, אַ מויד פון אַ יאָר... עפּעס וויניקער ווי פופציג, האָט געקוקט מיט קנאה אויף דעם פּאָרל און געהאַלטן אין איין נביאות זאָגן:

„זיי וועלן נישט גוט אָפּשניידן..."

„זי וועט אים משוגע מאַכן..."

„ער האָט זי אָפּגעסמט מיט זיין שאָקאָלאַד".

די מכשפה... ווער פלעגט אויף אירע רייד אכט געבן אפילו דאַמאָלט בעת זי איז פולשטענדיג געווען גערעכט.

זיי האָבן חתונה געהאַט.

אין טעאַטער און אין גאַס און אַפילו אַ ביסל ווייטער פון וואַרשע האָט מען גערעט פון זייער חתונה.

„דאָס מעבל פון רויט און שוואַרץ האָלץ. די וועש, די גאַרדינען..."

„אַ געוויינטלעכע כאָריסטין, האָט אויף אַ פּאָר שיך נישט געהאַט, און איצט, אַזאַ רייכקייט..."

„און ער, דער נאַטוראַלני, איז טאַקע אַזוי רייך?"

„או, או, או..." פלעגט מען ענטפערן, „ער איז רייך. עס האָט אים אָפּגעגליקט און אַ מענטש האַלט כסדר אין איין „דרייען..." ער דרייט מיט דער גאַנצער וועלט., קויפט סחורות אין די הונדערטער וואַגאָנען און די סחורות אַליין זעט ער פאַר די אויגן נישט אָן." און ווי לעבט זיך דאָס יינגע פּאָרל?

זייטיקע מענטשן רעכענען, אַז זיי מוזן לעבן גאַנץ גוט, און טאַקע, פאַר וואָס זאָלן זיי לעבן שלעכט? יינג זענען זיי, רייך זענען זיי...

נאָר די גאָר נאָענטע האָבן געוואוסט, אַז ביי נאַטוראַלנין אין דער הייס איז אַ גיהנום..."

עס זענען פאַראַן שטילע גיהנמס צווישן מאַן און ווייב, וואו מען פאַרשטיקט אין זיך דעם האַס, וואו אַפילו פאַראַכטונג

פון איינעם צום צווייטן ווערט באגלייט מיט א שמייכעלע. פאַ־
ראַן אָבער גיהנמס צווישן אַנדערע מאַן און ווייב, וואו מען
לאָזט וואוילגיין די אינסטינקטען. די קללה גייט נישט אַראָפּ
פון די ליפּן. די מיאוסטע באַליידיגונגען, געשריי, היסטעריק און
אפילו קלעפּ...

די געוועזענע כאַריסטען, דאָס אָרימע מיידל, איז פון רייכ־
קייט צעטומעלט געוואָרן און זי האָט אָנגעהויבן אונדזער משה־
לען פּייניגן. אַלץ איז ווייניק. זי האָט זיך געמאַכט א מאַנטל
פון מאַלפּע, א מאַנטל פון קאַראַקול, געקויפט גאַרנאַסטאַי.

ער האָט איר געקויפט פּערל, וואָס זענען געווען די איינ־
ציקע אין וואַרשע.

ער האָט אויסגעפּוצט פאַר איר נישט א וואוינונג נאָר א
פּאַלאַץ.

נאָר זי האָט זיך אַלץ געבייזערט. עס האָבן אויפגעהערט
צו פעלן די סאַמע נויטיקסטע זאַכן און צוליב דעם האָט זי
אַלץ פאַרלוירן, ווייל אַלץ איז איר ווייניג געווען...

אויב זי וועט נישט קויפן דעם בריליאַנטענעם רינג, וועט
דאָך א צווייטע קויפן און דאָס האָט זי נישט פאַרגונען.

און משהלע נאַטוראַלני האָט אַלץ דערפילט. ער וואָלט
א לעבן אָפּגעלעבט און ער וואָלט זיך נישט דערוואוסט, אַז עס
זענען פאַראַן אַזעלכע געשעפטן פון קליידער, וואו מען צאָלט
מיט טויזענטער, ער האָט נישט געוואוסט, נאָר אַנאַ האָט יאָ
געוואוסט, און ווי אַזוי וועט זי דאָס איבערלעבן, אַזאַ חרפּה,
אויב איין קלייד אפילו וועט זיין געקויפט אין א געוועגליכן
געשעפט. האָט זיך נאַטוראַלני עטליכע מאָל אָפּגעשטעלט און
זיך גענומען בעטן:

„אַזוי פיל געלט?..."

„וואָס דינגסטו זיך מיט מיר?"

און עס פלעגט אַוועקגיין א היסטעריק, א געוויין...

טייערע כלים, וואַזעס, קריסטאָלן, גלאָזוואַרג — פאַר דאָס
אַלץ האָט מען געצאָלט שווער געלט...

און באַלד וואַלגערן זיך שערבלאַך אויף דער ערד, די־

אָך אַ פּאָגראָם, און דאָס איז אַלץ דערפאַר, ווייל משהלע האָט זיך אָפּגערופן מיט אַ וואָרט.

האָט ער זיך אויסגעלערנט שווייגן. געשוויגן האָט ער פאַר מורא. און זיין ווייב אַנאַ, די געוועזענע כאָריסטן, זי האָט אָנגענומען זיין שווייגן פאַר שטאָלץ זיין... ביזט אַ יחסן, משהן אַזוי גאָר...

און זי האָט זיך געלאָזט וואוילגיין מיט די טאַפּעטן. פון אַלע וועגט האָט זי אָפּגעריסן די טייערע טאַפּעטן און טוט איר עפּעס...

זי כאַפּט אַ שער און צעשנייט מיט דעם די טייערע וועש קאַפּיטאַלן צעשנייט זי, צעטרעט מיט די פיס, בעשפּייט, בעשמוצט... זי צעהאַקט די שפּיגלען. ווען חנה... אַנאַ גייט אַריין אין משוגעת, ווען זי וויל זיך אָפּרעכענען מיט איר משה...

דאַמאָלט נעמט זי זיך פליקן די טאַפּעטן.

אַזעלכע קאַפּריזן קאָסטן געלט, מען קאָן דאָך נישט לאָזן אַזוי אַרומגעריסן אַ שטוב, מענטשן קומען אַריין, ס'איז פאַר זיך אַליין אַ חרפה... פאַרקלעפּט מען די וועגט מיט נייע.

אין אַ קורצע צייט אַרום ווערט זי ווידער צעבייזערט און ווידער אַראָפּגעפליקט די טאַפּעטן... דאָס איז איר העכסטע צערייצונג.

כאַפּט אים אַמאָל ווער אין גאַס, אַ באַקאַנטער זיינער, שוין זיך לאַנג נישט געזען. און צווישן די צוויי קומט פאָר אַזאַ מין שמועס:

„וואָס מאַכסטו משהלע?"

„וואָס זאָל איך מאַכן?... איך ברעך דעם קאָפּ"

„און וואָס מאַכט דיין ווייב... דיין אַנאַ?"

„זי ברעכט זיך אויך דעם קאָפּ."

„וואָס הייסט? איך פאַרשטיי דיך נישט, רעד קלאָר!"

„אַי, וואָס העלפט דאָס רעדן... איך וועל דיר געבן צו פאַרשטיין: איך ברעך גאַנצע טעג און נעכט דעם קאָפּ ווי אַזוי צו קריגן געלט, און זי, מיין ווייבל, ברעכט אויך דעם קאָפּ, ווי אַזוי אויסצוגעבן געלט... קליידער, היט און שיך... וועלכע

כאָטש אַ קוק געגעבן וואָס ביי מיר טוט זיך אין די שאַפעס.
און אויף די שאַפעס און אונטער די שאַפעס... מיין מאַמע
וואָלט עס געהאַט אויף צען דורות, וואָס רעד איך, מיין מאַמע,
מיין מאַמע וואָלט דען אָנגעטאָן אַזעלכע בגדים?״

און אָט קומט ער צו זיך אַהיים... נישטאָ קיין היים.
ער מוז שוין גיין עסן אין אַ רעסטאָראַן. פאַרוואָס? ווייל זיין
ווייב איז אַרויסגעפאָרן אין דערמיט ווינטער קיין אָטוואָצק, אין
אַ פענסיאָנאַט...

פאַרוואָס? ווייל די „מאַדאַם,״ — אַזוי פלעגט ער רופן
זיין ווייב, בעת ער איז געווען אין כעס — ווייל די „מאַדאַם״
האָט מיטגענומען די דינסט צו זיך אין אָטוואָצק, זי קאָן זיך
אַנדערש נישט באַגיין.

און וואָס איז עפּעס אין דערמיט סוף־ווינטער קיין אָטוואָצק?

אַז מען פרעגט דאָס ביי נאַטוראַלנין, ענטפערט ער:

„זי האָט זיך אויסגעטאַנצט... איר פאַרשטייט, זי האָט
זיך אויסגעטאַנצט, איצט מוז זי קומען אַ ביסל צו זיך.״

„וואָס הייסט „אויסגעטאַנצט״?״

„ס'איז דאָך געווען אַ קאַרנאַוואַל מיט מאַסקן־בעלער, מיט
טענץ, האָט זי אָפּגעטאַנצט אַ פּאָר חדשים און איז געוואָרן דאַר
און גרין, אַלע קליידער זענען איר ברייט געוואָרן... אַ קליינ־
קייט, אַ קאַרנאַוואַל מיט מאַסקעס, פאַרפאַלן געוואָרן אויף גאַנצע
נעכט, געטומלט אַ ווינטער מיט קאָסטיומען, מיט משוגענע מאָ־
דעס... געלויבט דער אויבערשטער, געענדיקט מיט די מאַסקן־
בעלער, האָט זיך אָנגעהויבן מיט דאָקטוירים...״

זי מוז האָבן רו.

זי מוז פאָרן אין אַ פענסיאָנאַט.

זי קאָן נישט גיין, זי קאָן נישט שטיין, זי קאָן נישט
עסן...

דער קאַרנאַוואַל האָט איינגעשלונגען אַ מאַיאָנטעק, אָטוואָצק
קאָסט אויך געוווּג און איצט גייט אַ זומער־סעזאָן מיט נייע
קליידער.

לויפט ער אַרום, נאַטוראַלני, און ער מאַכט געשעפט.

אז מען פרעגט ביי אים וועגן ווייבל האָט ער שוין אַ פּאַרטיקן ענטפער:

„זי איז אין אָטוואָצק, זי האָט זיך „אויסגעטאַנצט", איצט דוט זי אָפּ".

און אַ־יין וואַלגערט ער זיך אין אַ שמוציקן קאַלטן צי־מער. ער וואָלט שוין בייז געוואָרן, האָט ער קיין צייט נישט אויף אַזעלכע זאַכן.

אז דאָס ווייבל איז נישטאָ אין וואַרשע, זענען אויך אי־רע קרובים נישטאָ און מען צעשלעפּט נישט פון שטוב קיין חפצים.

משהלע באַטוראַלני איז צופרידן, וואָס זיין ווייבל רוט זיך אָפּ, כאָטש עס באַפאַלט אים אָפט אַ בענקשאַפט, עס איז אים אומעטיק אַליין: פאַר וועמען אַרבעט ער?

פאַר די שניידערס און שניידערקעס, פאַר דער גאַנצער וועלט אַרבעט ער, אָבער נישט פאַר זיך... אָ, ווען ער באַדאַרף אַזוי פיל נישט לויפן, וואָלט ער שוין גערעדט מיט איר וועגן אַלץ.

אין אַ קאַלטן־וואַרעמען טאָג צווישן פורים און פסח זאָגט מען אים אָן, אַז מען האָט געקלונגען פון אָטוואָצק.

זיין ווייב איז קראַנק.

אַנאַ איז קראַנק.

געקלונגען האָט אַ פרעמדער מענטש און אָנגעזאָגט האָבן דאָס אים פרעמדע מענטשן.

ווייזט אויס, אַז זי איז ערנסט קראַנק. אפשר געפערלעך. דאָס הארץ האָט אים שטאַרק גענומען קלאַפּן. זיין ליבע צו איר האָט זיך אויפגעוועקט. ער האָט זיך דערמאָנט די ערשטע באַגעגענישן מיט איר נאָך דאַמאָלט, ווען זי איז געווען אַ כאָ־ריסטין אין טעאַטער. ווי ליב זי האָט אים געהאַט, ווי שטאַרק זי פלעגט אים באַדאַנקען פאַר יעדער מתנה.

אַנאַ איז קראַנק.

זי האָט טאַקע אויסגעזען אַזוי שלעכט די לעצטע צייט. אמת, עס איז ביי איר געקומען פון צופיל טאַנצן, פון נישט שלאָפן, אָבער... אז מען האָט ליב איז מען אַלץ מוחל...

און ער איז געלאָפן צו דער באַן קיין אָטוואָצק, געווען איז עס מיטאָג-צייט, בעת אויף די בירזשע ווערט אַלץ באַשלאָסן.

אַ היציקע מינוט.

די „זשיראַדאָווער" האָבן יענעם טאָג געטאַנצט אין קדחת.

„פּאַראַוואָז" און „זאווירצע" האָבן פּראָסט נסים באַוויזן...

און ער, משהלע נאַטוראַלני, האָט עס אַלץ געלאָזט אין „ברען" און איז געלאָפן מיט אַ קלאַפּענדיק האַרץ צו אַגאַן אין אָטוואָצק.

וויפיל יסורים ער האָט דורכגעלעבט ביז דער צוג האָט זיך דערשלעפּט.

וועלכע שווערע געדאַנקען עס זענען אים אין קאָפּ געקומען.

און אָט איז שוין דער הויף פון פּענסיאָנאַט. די פענצטער מיט בלומען-טעפּ און וויס-ציכטיגע גאַרדינען.

איין פענצטער איז אָפן און פון צימער טראָגט זיך אַ פרייליך קול, עמיץ זינגט:

„מיידלעך, מען טאָר נישט,"

„יינגלאַך מען טאָר נישט..."

וואָס איז דאָס? אַנאַס קול? אַנאַ זינגט, זי איז געזונט?..

אָדער אפשר זינגט זי פון היץ? גאָט אין הימל! אפשר איז זי אויף אַן אמת משוגע געוואָרן? די שכנים זיינע און אַ סך באַקאַנטע זאָגן שוין פון לאַנג אויף איר, אַז זי איז משוגע... אַ משוגענע ווייב, רבונו-של-עולם. ער איז געלאָפן אָן אָטעם און איצט ערשט האָט ער געפילט, ווי ליב און טייער זי איז אים...

ער לויפט אַריין צו איר און יענע באַגעגענט אים מיט אַ שמחה:

— ביזט געקומען?... אוי גוט, איך האָב דיך אַריינגענאַרט, אוי גוט...

— וואָס גוט? וואָס טוט זיך דאָ?

און זי דערציילט אַ גאַנצע געשיכטע. דאָ, אין אָטוואָצק האָט מען איר רעקאָמענדירט אַ גוטע שניידערן, מען זאָגט אויף

איר, אַז זי גייט בעסער ווי אין וואַרשע און דערפאַר האָט זי באַשלאָסן דאָ אויפצוניייען עטליכע קליידער און אַזוי ווי ער, משהלע, איז אַ שלעכטער מאַן און וואָלט גלייך קיין געלט נישט געשיקט, האָט זי באַשלאָסן אים אַריינצונאַרן אין זאַק...

— און גיב טאַקע געלט, געלט, עס גייט אַ זומער, גיב געלט!

זי האָט אים פאַרלאַכט, פאַרקושט און געכאַפּט מיט אים טאַנצן איבערן צימער, ביז זי האָט באַקומען אַ פּאַק מיט געלט... זי האָט ווידער גענומען זינגען:

„ס'איז דאָ אַ סוד דערביי, עס איז נישט קיי און שפּיי...“

משהלע האָט דאַמאָלט געטראַכט, אַז זי האָט נאָך נישט פאַרגעסן אירע אַמאָליקע טעאַטער־לידלעך.

עס האָבן זיך אים דערמאַנט די גוטע טעג פון זיין ליבע, גאָלדענע טעג, ליכטיקע טעג... פאַרוואָס איז איצט נישט אַזוי? און אפשר וועט זיך נאָך אַמאָל אומקערן די גוטע צייט?

קיין כעס אויף איר האָט ער נישט געהאַט, אָבער...

— דו האָסט דאָך מיך אָפּגעריסן פון אַלע מיינע געשעפטן, אין גאַס ברענט...

— וואָס ברענט, וואו ברענט?

— אַקציעס ברענען...

— איז דאָך גוט, גיב געלט, געלט, געלט... ס'איז אַ טייערע שניידערקע. איך האָב דיך געמוזט אַריינאַרן. זאָג אַליין, בין איך נישט קיין קלוגע, דו וואָלסט אויף אַזאַ קונץ נישט געפאַלן...

ער איז צעטומלט, איבעראַשט, נאָר ער האָט זי ליב און ווייל ער האָט זי ליב וויל ער זיך מיט איר אויסרעדן.

נאָר זי הערט נישט, וואָס ער רעדט, זי שלעפּט אים אַראָפּ אונטן צו מיטאָג.

משהלע זיצט ביי אַ טיש, אַרומגערינגלט מיט אַ גאַנצן עסקאַדראָן גרינע מיידלעך און ווייבלעך.

זיי האָבן זיך אויך „אויסגעטאַנצט“—טראַכט ער ביי זיך און ווערגט זיך מיטן ביסן...

ער האָט זיך קוים דערוואַרט דער מיטאָג זאָל זיך ענדיקן און ער איז געלאָפן כאַפּן אַ צוג קיין וואַרשע. דערביי האָט ער געטראַכט און געמורמלט:

— באַ דיר אַ ווייב, באַ דיר אַ ליבע...

ער איז שטענדיג פּאַרנומען, וועגן אים חיצלט מען זיך, אַז אַזאַ נפש וועט אַפּילו נישט האָבן קיין צייט צו שטאַרבן.

ס'האָט זיך געמאַכט אַמאָל, ער איז שווער קראַנק געוואָרן, דאָקטוירים האָבן געפאָדערט אַן אָפּעראַציע.

און משהלע נאַטוראַלני איז אַזוי, קראַנקערהייט אַרומגעלאָפן איבער די גאַסן און געדרייט געשעפטן.

אַן אָפּעראַציע... און דאָס דאַרף דויערן צוואַנציג טעג...

צוואַנציג טעג!

פאַר אַזאַ צייט קאָן זיך נאָך די וועלט איבערקערן, די וואַליוטע קאָן אַ שפּרונג טאָן ביזן הימל אַריין און אַלץ קאָן דאָפּלט ווערן.

ניין!

ער וועט זיך נישט לאָזן אָפּערירן, ער וויל זיך נישט אָפּרייסן פון לעבן, פון טומל, פון דער בירזשע...

— מענטש! ס'קאָן ברענגען צו טרויעריקע רעזולטאַטן. איצט פּטר'סטו נאָר צוואַנציג טעג און אויב דו וועסט עס אָפּלייגן ריזיקיסטו מיט דיין גאַנצן לעבן!...

געלאָזן זיך איינרעדן אָבער מיט איין באַדינג:

ער וועט זיך לאָזן אָפּערירן און די דאָקטוירים אין קליניק וועט ער דאָפּלט באַצאָלן... נאָר איין באַדינג, מ'זאָל אים געבן אַ טעלעפאָן נעבן דעם קראַנקן-בעט, ער זאָל קאָנען טעלעפאָנירן אין שטאָט אַריין, צו די סוחרים.

— ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך? משה! אַן אָפּערירטער מענטש מוז ליגן רוהיק.

— כ'וועל לינן רוהיק...

— אָבער דו וועסט טעלעפאָנירן און זיך באַוועגן, אויפרעגן זיך...

— ווי איר ווילט: אַ טעלעפאָן ביים בעט, אָדער איך לאָז זיך נישט שניידן.

ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן, — די דאָקטוירים זענען אויף דעם איינגעגאַנגען.

צו זיין בעט האָט מען צוגעצויגן דעם טעלעפאָן און עס איז ווייטער נעגאַנגען אַ גאַנג — נאַטוראַלני האָט זיינע געשעפטן נישט אָפּגעלאָזן.

אַ שעה פאַר דער אָפּעראַציע קלינגט ער צו מאָניש צו־דערבוים:

— הער זיך איין, מאָניש, לויף אַריין צו גרינבערגן און נעם ביי אים צו די צען וואַגאָן צוקער.

— און דו, משה?

— איך בין פאַרנומען.

— וואָס הייסט? לערנסט זיך אפשר שפּילן קלאַווירן?...

— ניין, איך בין פאַרנומען, אין שפּיטאָל...

— וואָס? אין שפּיטאָל? וואָס קויפסטו דאָרט?

— איך קויף נישט און פאַרקויף נישט. די דאָקטוירים האָבן זיך אָנגעטשעפּעט... אין אַ שעה אַרום וועט מען מיך פאַרשלעפערן און מ'וועט שניידן, אַן אָפּעראַציע, דער שוואַרץ יאָר ווייס זיי... הערט, מאָניש, קויף עטלעכע מיליאָן דייטשע און גיב עס אָפּ גראַוויצקען, ער ווייסט שוין וואָס צו טאָן מיט דעם...

— גוט, איך וועל קויפן.

אין אַ שעה, אין צוויי שעה נאָך דער אָפּעראַציע, רייסט ער זיך שוין ווידער צום טעלעפאָן, מ'האַלט אים קוים איין, דער מענטש טאָר זיך נישט באַוועגן. ער מוז ליגן רויק, אָבער גיי, ליג רויק, בעת די וואַלוטע טאַנצט, בעת צוקער הויבט זיך...

דאָס איז געווען די שרעקלעכסטע צייט פון זיין לעבן, די טעג, ווען ער איז אין שפּיטאָל געלעגן, אַרומגערינגלט מיט זאָרג פון דאָקטוירים.

וואָס זאָרג? וואָס דאָקטוירים? וואָס לעבן? ווען גייט עס אָן? מיט די געדאַנקען איז ער געווען אויף דער בירזשע, אויף אַלע בירזשעס... צעדערבוים ממזר האָט אים שוין געוויס אָנגעפּייפט מיט די דייטשע, מיטן צוקער, מיט אַלצדינג...

אין צוואַנציק טעג אַרום גייט ער אַרויס פון שפּיטאָל א בלייכער, אַ באַוואַקסענער.

ס'איז אָנהויב זומער. אין שטוב איז די אָרדנונג נאָך מער צעשטערט געוואָרן.

— אַלץ איינס, מיר פאָרן דאָך סיי ווי סיי קיין אויסלאַנד.

— קיין אויסלאַנד? — ער פרעגט עס איבער מיט אַ זיפץ...

— יאָ, מיר פאָרן...

ער ווייסט, אַז אין דעם „מיר" גייט ער נישט אַריין. זיינע גרויסע געשעפטן לאָזן אים נישט אָפּרוען און ווען דאָס ווייבל זאָגט „מיר" פאָרן, פאַרשטייט משהלע ווען זי מיינט: אַ גאַנצע מחנה קרובים וועלן זי באַגלייטן. אַ גאַנצער שטאַב דאַרמאָיעדניקעס.

איין מומע און נאָך אַ מומע און דער מומעמס אַ מומע. געוואַלט!

פון וואַנען האָט זי אַזוי פיל קרובים זיין ווייב?

יעדע מומע שלעפּט נאָך אַ צווייטע מומע, יעדע קוזינע שלעפּט נאָך עטלעכע קוזינעס, און דאָס זעלביקע מיט די פעטערס, מיט די שוואָגערס...

ווי די בינען אַרום האָניק לויפן זיי צו אים די קרובים אירע, און יעדער איינער שלעפּט און גנבעט.

אַ קלייניקייט!

משהלע נאַטוראַלני איז אַ מיליאָנער, אַ מיליאַרדער.

אַ סך מאָל מאַכט ער אַ סך-הכל פון זיינע מיליאַרדן און עס ווערט אים פינסטער אין די אויגן.

ער דרייט דאָך אַלץ מיט פרעמד געלד און מיטן ווינט...

און אַנטקייגען שטייט אַ חיה מיט אַ גרויס מויל און שלינגט אַלץ איין. אַלץ ווערט צוגעכאַפּט פון די הענט, וואָס ציען זיך צו אים פון אַלע זייטן:

— גיב, משה!

— גיב וואָס מער!

— גיב געלט! וואָס מער מיליאָנען, גיב!

און ער לויפט אין דער וועלט אַריין, איבער די גאַסן אַ פאַרסאַפּעטער און „דרייט״ און פאַרפלאָנטערט אַלעמען, זיך אַליין און די גאַנצע וועלט.

שאַ, מען שרייט שוין ווידער, פון נאַטוראַלניס שטוב הערן זיך געשרייען.

די שכנים ווייסן שוין וואָס דאָרט קומט פאָר.

די מיליאָנערשע רייסט שוין די טאַפּעטן.

— זי איז שוין ווידער משוגע געוואָרן, געכאַפּט אַן אָנפאַל, נישט פאַר קיין יידן געדאַכט.

נאָר נישט מיט די טאַפּעטן אַליין פלעגט זיך דאָס „משוגעת״ ענדיקן: דורכן פענצטער נעמען פליען שאַכטלעך מיט שאָקאָלאַד און שאַכטלאַך אָן שאָקאָלאַד, דאַמען־היט און קינדערשע שפּילצייג: בערעלעך, קעצעלעך און פערדעלאַך.

דער סטרוזש וואַרט שוין לאַנג אויף אַזאַ רגע: ער דאַרף דאָך אַלץ אויפראַמען.

משהלע לויפט אָבער ווידער אַרום אין גאַס און דרייט...

מיט מענטשן לאַכט ער און וויצעלט זיך, פאַר מענטשן דערציילט ער נישט וואָס אין האַרצן ביי אים טוט זיך. ערשטענס, פילט ער, אַז ער איז אַריינגעפאַלן מיטן מיידל פון טעאַטער.

זי האָט דאָך פריער נישט געוואוסט אַפילו, ווי מען גיט אויס מער ווי צען מאַרק און איצט זענען שוין ביי איר מיליאָנען גאָרנישט...

צווייטנס פילט ער...

אַז ער האָט זי ליב, ער האָט זי ליב, ווי שלעכט זי זאָל נישט זיין, ער וועט אַלץ נאָכגעבן. זאָל זי נאָר זיין רויק...

זאָל זי נישט רייסן די טאַפּעטן.

שוין נישט אַזוי דאָס געלט, ווי די חרפה, מען לאַכט פון אים...

אַ שטוב האָבן זיי פון זעקס צימערן מיט אַ קיך, נאָר זיי אַליין ווייסן נישט ווי די צימערן זענען איינגעטיילט.

וואו איז דאָס עס־צימער? אָדער וואו איז דאָס שלאָף־צימער?

אַלץ איז צעדרייט און איבערגעקערט. מען האַלט אין איין קויפן וועש און עס איז נישטאָ קיין האַנטוך מיט וואָס זיך אַרומצווווישן!

און אַ גאַנץ טוץ קרובים פּלאָנטערן זיך שטענדיק אין שטוב, עסן ביי זייער טיש, שלאָפן אויף זייערע געלעגערס און ביי דער ערשטער בעסטער געלעגענהייט טראָגט מען עפּעס אַרויס.

דאָס געוועזענע מיידל פון טעאַטער איז נישט קאַרג, זי גיט אַלץ אָפּ, ווייל אַלץ ווערט איר גיך פאַרמיאוסט און ווידער...

זי האָט אַ משהלע, ער וועט ברענגען אַנדערע חפצים.

משהלע וועט ברענגען נייע.

נאָר נישט אַלע מאָל ברענגט ער:

עס טרעפט, אַז ביי זיין גאַנץ „דרייען" שטעלן זיך אַלע מיליאָנען געשעפטן מיט אַמאָל אָפּ און — אויס...

עס פאַרעקשעט זיך...

דאַמאָלט לויפט מען זוכן בעלנים אויף די פעלצן. אויף דעם גאַרנאָסטאַי.

מען פאַרקויפט דעם קלאַוויר, די בגדים...

פאַר גראָשנס...

און דאָס וואָס מען פאַרקויפט נישט, צעשלעפּן די נאָענטע פריינט, די קרובים, די שכנים...

אַ משוגענע שטוב.

אַ ווינט־מיל, וואו עס מאָלן זיך מיליאָנען און עס וואַרפן זיך אַרויס טראַנטעס, שמאַטעס, שפּענדלאַך און שערבלאַך.

גייט אַוועק אַ שטיקל צייט און דאָס רעדל נעמט זיך דרייען אויף דאָס ניי.

משהלע נאַטוראַלני האָט שוין עפּעס געפּאַקט. אויף דער בירזשע רוודערט שוין ווידער מיט אים און די שכנים באַמערקן שוין ווידער.

ווײַל די טיר בײַ נאַטוראַלגין פאַרמאַכט זיך נישט: מען האַלט אין אײן טראָגן פעקלאַך:

קלײדער...

שאַקאַלאַד...

טאָרטן, שפּילצײג, קרישטאָל און בלומען.

אַ קלאַוויר שלעפּט מען אויף די שטיגן. עס קומען שוסטער, שנײדער, יובילערן.

מען טראָגט נײַע טאַפּעטן אויסצוקלעפּן די ווענט, ווײַל אַנאַ האָט פאַר דער „אָרימער" צײט אַלץ צעריסן.

די שכנים רוקן אַרײַן אַ „נאָז."

די קרובים זענען מיט אַמאָל ווידער געוואָרן קרובים.

און משהלע נאַטוראַלני קומט יעדן טאָג מיט פּעק אַסיגנאַציעס, פּעק מיט געלט, אַלע וואַלוטעס...

ביז אַ האַלבן טאָג, ביז די בענק זענען אָפן איז בײַ אים דאָס פּנים אויסגעצויגן און פאַרזאָרגט. נאָכדעם, ווי די בענק שליסן זיך, ווערט ער פרײלעכער און מונטערער און ער לאָזט זיך אין די געוועלבער אַרײַן.

אײַנקויפן גוטע זאַכן.

און קײנמאָל סטאַיעט נישט. אַז אין שטוב בײַ אים זענען דאָ אַזוי פיל הענט.

טרעפט זיך, מענטשן פרעגן בײַ משהלען:

— געוואַלט וואו באַגראָבסטו דײַנע מיליאָנען?

— איך ווײס נישט.

— וואָס הײסט, דו ווײסט נישט? פון צוקער האָסטו פאַרדינט, פון רײַז געמאַכט אַ פאַרמעגן, פון די טשעוועקעס אָנגעשטאָפּט קעשענעס מיט געלט, פון די פּאַפּירלאַך, וואָס זענען בײַ דיר געלעגן האָסטו געהאַט הונדערט מאָל אַזוי פיל, וואו איז דאָס אַלץ אַהינגעקומען?

— איך ווײס נישט... און דערבײַ שאָקלט ער טרויעריק מיטן קאָפּ.

משהלע נאַטוראַלני איז אַ מיליאָנער נאָר ביז זײַן שוועל. און ער טאָר קײן וואָרט נישט רעדן, ווײַל ווי נאָר עפּעס

פליט באַלד דורכן פענצטער זיין מיטאָג מיט אַלץ וואָס געפינט זיך אונטער די הענט.

און אַ יינגעלע האָט ער מיט אַ קרענקליך פּנימל און קיינמאָל לאַכט עס נישט ווי אַנדערע קינדער.

עס זויגט שטענדיק שאָקאָלאַד און נאָר שאָקאָלאַד, דער מאַמען דאַכט זיך, אַז ביי אַלע רייכע קומט אַזוי פּאָר: קינדער עסן בלויז שאָקאָלאַד און דערוואַקסענע קויפן קליידער...

און זי האָט נאָר איין פראַזע וואָס פאַרענטפערט אַלץ:

— משהלע, גיב געלט!

## ווייס און רויט

אין די רוסישע וועלדער אַרום וואָלאָגדע. מיר פֿאָרן אין אַ גרויסן שליטן, אין שווערע פּעלצן.

איך — איין ייד צווישן אַ האַלבן מנין ברייטפּלייציקע קאַצאַפּעס.

שווער זיך צו באַוועגן אין ברייטן פּעלץ... און דער שליטן פֿליט האַסטיק און טראָגט אונדז פֿריילעך אין די ווייסע טונעלן פֿון פֿאַרגליווערטן וואַלד.

וואַלד צו וואַלד איז נישט גלייך, דאָ איז נישטאָ קיין אַנדער וועלט, וואַלד אַרום דיר פֿון אַלע זייטן. אויב עס איז איינטאָניק, איז די איינטאָניקייט אַ פֿריילעכע, אַ ווייסע, אַ באַגלאַנצטע זילבערקייט. עס שטייען הויכע טענענבוימער, שטאָלצע, שווייגעדיקע, אויסגעפּוצטע, ווי קעניגינס אין טייערן גאָרנאָסטאַוו, צום קניען פֿאַר זיי: קליינע, יינגע סכך־בוימלעך אויך אויסגעפּוצט אין ווייסן פּעלץ.

די מענטשן, וואָס זיצן דאָ מיט מיר לאַכן און רעדן. אַ רגע דאַכט זיך מיר, אַז דער מענטש האָט זיך דאָ פֿאַרלאָרן, ער איז אַריין נישט אין זיין סביבה. אין אַ סביבה, וואו מען קוקט נישט אויף אים, מען רעדט נישט צו אים און מען הערט זיך צו אים נישט צו...

ווייס־גרינע אַריסטאָקראַטן... וואָס קריכט דאָ דער מענטש?

און דער מענטש, דער רוסישער מענטש האָט פֿיינט צו שווייגן. עס דונערט אַ לאַכן, אַ מונטערער אויסגעשריי, אין איין שליטען זיצען דאָ מיטן פֿורמאַן אַכט מענטשן און אין פֿראָסט זעט זיך דייטליכער, ווי פֿון אונדזערע מיילער שלאָגט אַ פּאַרע.

פון ווייטן קאָן מען טראַכטן, אַז דעם שליטן האָט מען אונטער־געצונדן... עס רויכערט און אָט באַלד וועט אַ פלאַם זיך אַרויסרייסן...

קאַלט, מונטער, זאָרגלאָז און רויק.

עס רייצט דער געדאַנק, וואָס דער שווערער פעלץ האָט באַזיקט דעם דרייסיק־גראַדיקן פראָסט.

די לופט איז ווי אַ דורכזיכטיקער שטאָל. עס פליט ווידער אַרויס אַביסל פאַרע פון מויל, ווערט עס באַלד פאַרפראָרן, כאַפּט זיך אַרויס אַ וואָרט, קלינגט עס מיט אַ האַלבן קלאַנג, ווי זילבער קלאַפּט זיך עס אָפּ אין דער נאָענטער ווייטקייט, אין דער פאַרגליווערטקייט.

— עך, מאָראָז! רעט איינער.

— סלאַדקאָ! באַסעוועט אַ צווייטער.

נאָר ס'איז נישט זיס און נישט ביטער... עס איז לוכטיק אין דער נשמה...

מיר פאָרן אין וואַלד, און דאַכטן דאַכט זיך, אַז מיר פאָרן אויף אַ באַרג...

אויף אַ ווייסן באַרג... העכער, העכער, צום הימל, צו דער בלויער דורכזיכטיקייט, וואָס טאַנצט איבער די בוימער.

אַמאָל רייסט זיך דער שליטן אַרויס אויף אַ שטיק פרייען פלאַץ, פון ביידע זייטן שטייען נישט די בוימער, די שומרים, און דאָ, אויף אַזאַ פלאַץ דערפילט די נאָז דעם אמתן טעם פון אַ רוסישען פרעסטל...

אַ מחיה...

קיין אָטעם איז נישטאָ, דאָס קלאַפּן פון האַרץ שטעלט זיך אָפּ און די קעלט דערפילט זיך אינעוועניק... טיף אינעוועניק פונקט, ווי דו וואָלסט אַראָפּגעשלינגען אַ שטיקל אייז און עס קיצעלט דיר אין מאָגן...

אַ מחיה...

עס ווערט אַזוי קאַלט, מיינסט באמת, אַז דער פראָסט מיטן ווינט איינעם האָבן אַראָפּגעריסן פון דיר די בגדים, ביז דאָס לעצטע און אָט באַלד, וועסט פאַרפרוירן ווערן...

צוריק אַריין אין וואַלד. נישטאָ קיין ווינט, דאָ שנייט נישט, דער פראָסט און די צוויי קאַצאַפּעס אַרום מיר, פון זיי גייט אַ וואַרימקייט...

נישטאָ קיין סכנה, עס וועט אַלץ גוט זיין...

מיר האָבן געלאָזט הינטער זיך די גאַנצע וועלט און אַלע מענטשן.

מיר פאָרן זוכן אַ בער, שוין עטלעכע וואָכן, ווי ער שנאָרכט דאָ אַרום, דער גרויסער מזיק... פון אַלע דערפער און הויפן האָבן זיך יעגערס אַרויסגעלאָזן מיט ביקסן, מיט הינט...

אודאי צאַפּלט אין מיר ס'האַרץ, אודאי וואָלט איך וועלן, מיר זאָלן זיך מיטן בער באַגעגנען. איך האָב אַ גאַנצע וואָך געאַרבעט מיטן ביקס און עס דאַכט זיך מיר, אַז איך בין דער בעסטער שיסער.

אפשר וועל איך דאָ טאַקע זיין דער גליקלעכסטער און מיין קויל וועט טרעפן דעם בער אין קאָפּ.

— אין סאַמע קאָפּ מוז מען זיך צילן!

אַזוי האָט מען מיר עטלעכע טעג געלערנט.

אפשר בין איך גאָר דער ערשטער ייד, וואָס פאָרט אויף אַזאַ יאַגד...

מיר ווייסן דאָך נישט פון אַזעלכע פאַרגעניגענס.

איך בין שטאָלץ און צוטומלט פון דער גאַנצער געשיכטע, פון דער גאַנצער אונטערנעמונג, אין וועלכער איך בין צופעליק אַריינגעפאַלן.

מיינע געדאַנקען אַרבעטן אויס פאַרשידענע פּלענער...

ווי אַזוי אָוועקצולייגן דעם בער...

נאָר בעת איך דרינג אַריין אין דער גרויסער ווייסקייט וואָס אַרום מיר...

בעת די ווייסקייט וויקלט אַרום מיט אירע דורכזיכטיקע לייַלעכער מיין נשמה, גלויב איך עפּעס נישט, צי איך וועל קאָנען הרגנען דעם בער...

קומען צו אים אין זיינע ווייסע פּאַלאַצן און צונעמען ביי אים דאָס לעבן?

דער וואַלד אַרום, די שטילקייט, דער פראָסט, אַלץ איז באַשאַפן געוואָרן פאַר אים, נישט פאַר אונז. מיר האָבן אונדזערע הייזער מיט די וואַרעמע הויוועס, מיר האָבן אונדזער וועלט און ער האָט זיך זיין וועלט.

איינער פון די קאַצאַפּעס דערציילט:

— אַ בער שלאָפט שטענדיק ווינטער־צייט, נאָר עס טרעפט, אַז ער לייגט זיך שלאָפן אַ הונגעריקער, דאַמאָלט איז דאָס קיין שלאָף נישט... ער כאַפּט זיך אויף און לויפט זוכן אַ קי...

טראַכט איך:

צי וואָלט נישט געווען אַ יושר, ווען מיר ברענגען אים דאָ עפּעס אויפצועסן, אַ פעסעלע האָניק, אַ קעלבל צי אַ שעפּסע־לע... אַ בער איז דאָך מער נישט ווי אַ חיה, קיין געלט האָט ער נישט, אויף באָרג וועט אים קיינער נישט געבן.

און עס זעט מיר אויס אומפאַרשטענדלעך די גאַנצע גע־שיכטע, וואָס איך מיט אַנדערע פאָרן דערהרגענען אַ צאַפּלדיקן נפש.

פאַרוואָס?

די וואָס פאָרן מיט מיר האָבן קיין געדולד נישט, זיי קוקן אויף אַלע זייטן, זיי זוכן טריט אין שניי.

טריט פון די שווערע בערעשע לאַפּעס.

איך אַליין בין אינגאַנצן אין דער ווייסקייט, איך שוועב אין אַ נייע וועלט.

אפשר באַדאַרף אַזוי צוזיין? הרגענען נישט הרגענען. איך הער אויף פון דעם צו טראַכטן, דאַמאָלט, ווען די ווייס־קייט פאַרשלינגט מיך אינגאַנצן. דער פלאָנטער פון די צווייגן פאַרפלאָנטערט מיין בליק, אָבער אַזוי קענציק, אַזוי שטיפעריש, איך זאָל האָבן אינגאַנצן פון שליטן אַרויסגעשפּרונגען און איבער־טאַנץ איך צווישן די בוימער און איבער די בוימער.

טורקעט מען מיר אין זייט. איינער פון די מענטשן אין אַ פעלץ האַלט אַ פלאַש מיט בראָנפן:

— טרינק!

פאַר דעם ווייסן וואַלד, טראַכט איך, פאַר דעם שטאָלענעם פראָסט, פאַר דער שטילקייט אין מיין נשמה, פאַר אַ שטיקל ערינערונג, וואָס וועקט זיך און וועבט זיך אין מיר...

איך טרינק...

פאַרוואָס איז דאָס אַזוי? איך האָב אַזאַ געפיל, אַז די בוימער זענען מיר איצט נאָענטער, ווי די מענטשן, אַז דאָס שווייגן איז איצט וויכטיקער ווי זייער רעדן, און דער שנאַפּס זעט אויס זינדיק און נאַריש...

צו יעדער ציטער פון וואַלד הער איך זיך צו, צו יעדער צווייגן־געבויג. דער פראָסט שאַפט דאָ זיינע מאַלעריש קאָמפּאָזיציעס און דאָ פיל איך זיך ווי אַ מבין, נישט אַזוי, ווי אויף אַ בילדער־אויסשטעלונג.

דאָ אין דער גרויסער ווייסער פרעמדשאַפט פיל איך זיך ווי אַן אייגענער, צום ערשטן מאָל אין לעבן מאַך אַזאַ רייזע, מיט אַזאַ ציל פאַר זיך, ווי הרגענען אַ בער און דאָך איז דאָס פרעמדע נישט פרעמד...

ווען איך זאָל אַראָפּגיין פון שליטן און אַוועקגיין אויף נישט קיין געטראָטענעם וועג. וועט דער וואַלד מיך נאָך נאָענטער זיין.

שפּרינגט פּלוצלונג אַרויס אַ העכערער טענענבוים און פאַרייסט זיך צום הימל, ווי אַ צעשראָקענער הירש...

ווייס און שטיל, אַלט, אוראַלט איז דער וואַלד.

אויף אַלע בוימער, אויף די הויך־הויכע שפּיצן פאַלט מיין בליק און זייער מאַטע גרינקייט זעט מיר אויך אויס ווייס, דער הימל מילך־ווייס...

און ווען דער שליטן לויפט נאָך האַסטיקער, דאַכט זיך מיר דאַמאָלט אויס, אַז עמיצער אַ גרויסער ריז ביזן הימל בלעטערט אַ בוך מיט ווייסע גיגאַנטישע בלעטער און די בוימער זענען גאָטס־אלף־בית.

די, וואָס פאָרן מיט מיר, טראַכטן פון בער, זיי לייענען נישט גאָטס שריפט...

פלוצלונג ווערן מיינע באַגלייטער גוואַלדיק אומרויק, בייז...
דער שליטן שטעלט זיך אָפּ און אויפן שניי דערזעען מיר רויטע פלעקן...
רויט...
צי ווייל די אויגן האָבן זיך שוין לאַנג געבאָדן אין ווייסקייט, נאָר דער קאָנטראַסט איז אַ געוואַלדיקער.
די בונטע פלאַם־ליכטיקע רויטקייט פאַלט, ווי אַ ברענענדיקער זיגל אויף דער נשמה.
עס פּאַטשט אין די אויגן.
עס שרייט די רויטקייט, נאָר דאָס שרייען איז פאַרגליווערט געוואָרן אין דער אַרומיקער ווייסקייט.
נאָך און נאָך אַ פלעק.
רויטער ווי ראָזן, יומטובדיקער ווי פּורפּור...
אַנדערע האָבן שוין דעם בער דערשאָסן, אַנדערע האָבן שוין אַרויסגעכאַפּט די מציאה.
מיינע באַגלייטער שעלטן זייער מזל, זיי האָבן זייער גאַנצן גלייכגעוויכט פאַרלאָרן.
איך בין רויק...
אַ מאָדנער ווייטאָק קלאַפּט זיך אין האַרצן, אַ ווייטאָק איינגעוויקלט אין סאַמעט.
די רויטע פלעקן מונטערן און מאַכן טרויעריק.
איך בין רויק... איך פיל אָבער אין מיין רויקייט, אַז דעם ווייסן וואַלד האָט אַן אומגליק געטראָפן, זיין האַרץ איז דורכגעלעכערט געוואָרן. פריהער האָב איך געשלונגען די כסדרדיקע ווייסקייט, איצט נייגערט מיין בליק צו די רויטע פלעקען. איך קאָן די אויגן נישט אָפּרייסן פון זיי. וואָס? צי דען זע איך בלוט צום ערשטן מאָל? איך בין רויק, איך וויל זיין רויק.
שטייט דאָך דער גאַנצער וואַלד און קוקט צו, וואָס דאָ קומט פאָר. ער שווייגט, דער וואַלד.
די רויטע פלעקן ווערן אַלץ גרעסער, געדיכטער. דאָ האָט שוין דאָס בלוט נישט געקענט טראָפּנווייז...

ווי פון אַ קראַן האָט עס געפּלייצט. רויטע שטיקער פּיי-
ער ליגן אויפן שניי.

דער שניי איז צוטראָטן, אַ שטיק פאַרגליווערט לעבן אין
וואַלד איז צורודערט געוואָרן.

מענטשן אין פּעלצן, מיט ביקסן, מיט הינט...

זיי רינגלען אַרום אַ שטיקל פּלאַץ, וואו דער גראָ-שוואַרצער
נפש ליגט אײַנגאַנצן אויסגעשמירט אין בלוט...

טויט...

פּלוצלונג יאָמערט זיך איין הונט פאַנאַנדער, אָבער אַזוי
שרעקלעך, אַזוי האַרצרייסנד...

צום וואַלד, צו דער אייביקייט יאָמערט דער פּלב און גיי
פאַרשטיי, וואָס אַ הונט, אַ פּירפּיסיקער וויל פון ווייסן וואַלד.

דער בער איז טויט.

נאָר די מענטשן גייען צו אים נאָענט נישט צו! אפשר
לעבט ער נאָך?

די מענטשן קוקן מיט אַ הנאה אויף זייער קרבן, איינער
דעם צווייטן דערציילט העלדישקייטן.

ער איז דער מענטש, ער האָט אויסגעקלערט אַ מאַשינ-
קעלע מיט קוילן...

און וואָס קאָן דער וואַלד דערצו זאָגן?

דער וואַלד, וואָס זיין גאַנצע קראַפט איז אוראַלט און
שווייגעניש...

וואָס קאָן אַזאַ געזונטער בער מאַכן מיט די צווייפיסיקע?

זיי זענען דאָך אַזוי שוואַך אַנטקעגן אים און אַזוי שטאַרק.

אַ רגע דאַכט זיך אויס, אַז דער וואלד וועט באַלד אויפ-
וואַכן, דער וואַלד וועט באַלד נקמה נעמען.

פרעמדע זענען געקומען אין זיינע געצעלטן, פרעמדע
זענען אַ גרויס זינד באַגאַנגען.

אַ רגע דאַכט זיך, אַז דער בער וועט באַלד זיך אויפהויבן
און נעמען אַרבעטן מיט זיין שווערן שטאָלענעם קאָפּ, מיט זיי-
נע לאַפּעס.

נאָר שטיל און שאַ...

די שפּיצן פון די בוימער וויגן זיך קוים. פון ווייטן הער איך, ווי די מענטשן לאַכן. דער בראָנפן האָט שוין גענומען ווירקן. זיי ווערן אַלץ מונטערער, זיי לאַכן פון דער וועלט...

דער פראָסט נעמט פּלוצלונג אַרום, ווי אַן אייז־פּאַס מיין לייב... איך ציטער אויף: וואָס? איך זאָל דאָ ווערן אַ פאַרגלי־ווערטער בוים?

צוריק צו די מענטשן! אַ צענדליק פייערים קליגן זיך מיט פאַרשידענע קונצן אַרויפצוקלייגן דעם שווערן בער אויף אַ שליטן...

און פון דער וואַלד־חיה רינט דאָס שרייאיק־רויטע בלוט...

דער גאַנצער וואַלד זעט דאַמאָלסט אויס, ווי אַ גרויסער מזבח...

די מענטשן, די הינט, דער וואַלד... אַלע האָבן זיך שוין באַרויקט.

אויסגעדוכט האָט זיך מיר אין דער שטילקייט אַרום, אַז עמיצער האָט אַ טרייסטלאָזן זיפץ געטון...

גאָרנישט... אַביסל שניי האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון אַ בוים...

דער וואַלד שווייגט און די מענטשן שלעפּן אַרויס פון די קעשענעס פלעשלעך מיט בראָנפן.

איך טרינק אויך, נאָר נישט מיט אַזאַ אַפּעטיט, ווי מיינע שכנים.

שפּעטער טייל איך זיך אָפּ פון די מענטשן.

איך האָב עפּעס צו ריידן מיטן וואַלד:

צי דען וועט ער אַזוי אומעכטיק פאַרבלייבן דער וואַלד?

צי דען וועט ער אַזוי לאָזן דעם מענטשן געוועלטיקן און אויסשעכטן גאָטס באַשעפענישן?

איך הער זיך צו, ווי דער פראָסט שפּאַצירט צווישן די בוימער, דער פראָסט צוקנאַקט די שטיקלעך אָפּגעשטאַנענע קאָרע פון די סאָסנעס...

אויף די צווייגן ליגן פאַסקעלעך שניי, וואָס זעען אויס, ווי ווייסע איינגעטולעטע וועווערקעס, די ווייסע צווייגן פון אַלע

בוימער זעען אויס, ווי ווייסע לאַפּקעס פון חיות...
שטיל=שטיל...
אָט די פאַרגליווערטע שטילקייט ועט קיינמאָל נישט
שטאַרבן...

# גראָשענס און קאָפּיקעס

אין יעדן ווינקל פון אונדזער שטוב איז געזעסן אַ הונ-געריק קינד. דאָס פלעגט טרעפן אָפט און אַלע זענען מיר שוין געווען צוגעוואוינט צו דעם. שווערע טעג פון הונגער, ווען אין מויל איז טרוקן און די ייִנגע פיס דינען נישט, עס ווילט זיך זיצן אָדער ליגן אָן אַ באַוועגונג.

קינדער זענען שוואַכער. אָבער פון וואַנענט נעמט זיך צו די קינדער אַזאַ אויסגעהאַלטענקייט? ווען אין שטוב איז נישט געווען צו עסן, פלעגן פלוצלונג אויפהערן אַלע שטיפערייען און שרייען. מיר פלעגן זיך קאָנצענטרירען אין אַ ווינקעל, יעדער אין זיך, יעדער פאַר זיך... דאָס ליידן האָט אין זיך אַ סך גרויסקייט, דאָס קינדערשע ליידן איז גרעסער און ערלי-כער פאַר אַלץ אויף דער וועלט. איך וועל נישט פאַרגעסן יענע טעג, אַ סך מאָל שעפּ איך מוט אין זכרונות פון די קינדערשע יאָרן.

און דאָס וואָס איך דערצייל דאָ איצט איז אַ מאָמענט, ווען איך האָב צום ערשטן מאָל דערפילט דאָס גוטע געהיימניס פון מענטשן, דעפילט, אַז יעדער מענטש קאָן טאָן עפּעס גוטס, ער באַדאַרף נאָר וועלן.

מיר האָבן געהונגערט. אָפט פלעג עס דוירען אַ קורצע צייט, אַמאָל לאַנגע וואָכן, מיין טאַטע איז געווען אַ סוחר, אָבער אַ גרויסער ריזיקאַנט... מיטאַמאָל פלעגט ער רייך ווערן, און מיטאַמאָל פלעגט ער אָרעמווערן. געווען זענען אויך גוטע טעג ביי אונדז אין שטוב, אָבער שלעכטע, ביטערע טעג פון הונגער זע-נען געווען אַ סך מער.

אמתער הונגער...

נאָך שווערער פאַר דעם הונגער איז געווען דאָס שווייגן, דער טאַטע האָט נישט גערעט צו דער מאַמען, און צו אונדז קליינוואַרג האָט קיינער נישט גערעט, דער עלטערער ברודערל האָט געבראַכט אויף דער צוריסענער קאַנאַפּע זיין מאַרקן־אַלבאָם און פאַר זיך אַליין געבלעטערט... געקוקט נייגעריק אויף די קאָלירטע פּירקאַנטיקע מאַרקעס, די צייכנס פון ווייטע און נאָענטע לענדער... ווער ווייסט? דאָרט מוז מען לעבן גליקלעכער, אַודאַי גליקלעכער, דאָרט הונגערט מען נישט.

ווען אין שטוב ביי אונדז איז געווען צו עסן, פלעגט דער ברודער צו מיר זיין בעסער, ער פלעגט מיר ווייזן די פּאָסט־מאַרקן און מיט די געהיימע ווערטער מיך איבערראַשן:

— דאָס איז יאַמאַאיקאַ... אַ ווילד אינזל.

— דאָס איז טראַנסוואַל, אין אַפריקאַ. שוואַרצע ווילדע מענטשן־פרעסער לעבן דאָרטן...

מענטשן־פרעסער...

אפשר פרעסן זיי איינער דעם צווייטן, ווייל זיי זענען הונגעריק? איצט בעת אין שטוב ביי אונדז איז נישטאָ וואָס צו עסן, שטייט דער ברודער צו מיר מיט זיין שמאָלער פּלייצע און בלעטערט פאַר זיך אַליין זיינע מאַרקעס.

וואָס בין איך שולדיק, וואָס ער איז הונגעריק? איך בין דאָך אויך הונגעריק. נאָר מיר דאַכט זיך, אַז מיין ברודער טוט עס דערפאַר, כדי מיר זאָלן שווייגן. היינט באַדאַרף מען שווייגן, מען דאַרף צו קיינעם נישט רעדן, נישט אויפרעגן מיט קיין איין וואָרט.

שטיל זאָל זיין!

איך בין הונגעריק, דו ביזט הונגעריק — מען דאַרף שווייגן, דאָך בין איך מקנא געווען מיין ברודערל, ער אַליין... רייזט איצט איבער דער וועלט. אין דער זוניגער יאַמאַיקע, קיין אַפריקע, אויף אַלע ווילדע אינזלען... אים איז גוט און מיך לאָזט ער דאָ, אַ שלעכטער ברודער געווען...

עס איז זוניג און ליכטיג אויפן הויף...

פאַר אונדז איז עפּעס פינסטערלעך...

שטיל און שטום ביי אונדז אין די צימערן, איינער דעם צווייטן מיידט אויס צו קוקן אין די אויגן. די טירן זיינען צו־געמאַכט: שכנים זאָלן נישט באַמערקן, אַז ביי אונדז קאָכט מען היינט נישט. דער טאַטע איז אַוועקגעגאַנגען און געקומען צוריק מיט... גאָרנישט. שפּעטער האָט זיך אויך אויפגעהויבן די מאַמע אַרויסגעגאַנגען פון שטוב, אודאי צו אַ שכן געגאַנגען, געוואָלט עפּעס באָרגן און געקומען צוריק מיט אַ שווייגנדיקן בליק, מיט צונויפגעפּרעסטע בלייכע ליפּן.

אַ מאָדנע שווערע שטימונג, יעדער איינער פון אונדזער משפּחה טראַכט, אַז ער איז שולדיק אין דעם, וואָס מען הונ־גערט, שולדיק מיט דעם, וואָס ער לעבט אויף דער וועלט און אין דער זעלבסט־באַשולדיגונג, באַשולדיגט מען אויך דעם צווייטן: כּעס, שנאה, בייזקייט ווערט דאָ געבוירן.

זאָל איינער דעם צווייטן נישט אויפרעגן, זאָל זיך יעדער באַהאַלטן אין זיין ווינקל און שווייגן, זאָל יעדער פּאַסטן פאַר זיך און נישט רייצן דעם צווייטן מיט זיין שוואַכן זיפץ.

איך הער זיך צו, ווי קינדער שפּילן זיך אויפן הויף. איך וואָלט גערן אַרויסגעגאַנגען צו זיי, כאָטש איך בין הונגע־ריק, נאָר מיר דאַכט זיך, איך פיל, אַז איך מוז דאָ בלייבן מיט אַלעמען, טאָמער וועט מען אויפן הויף דערפילן, אַז איך בין הונגעריק און דאָס איז דאָך אַ סוד, אונדזער טרויעריגער סוד — קיינער טאָר דאָס נישט וויסן.

אין אַזאַ טאָג, אין אַזאַ שעה פון מאַכטלאָזיקייט און נויט, עפענט זיך די טיר ביי אונדז און עס קומט אַריין אַ בעטלער, אַן אַלטער ייד מיט אַ שוואַרץ־גרויע באָרד, מיט שוואַרץ־גרויע ברעמען, אויף די אויגן, גרויסע ברעמען ווי אַ מייזל גרויס, איך קוק מער אויף דעם יידס ברעמען, ווי אויף אים אינגאַנצן.

אַ בעטלער, אַ נדבה וויל ער.

ער שווייגט, ער ווייס, וואָס ער וויל און אַלע ווייסן דאָס. אַ רגע און די מאַמע רופט זיך אָב:

— נישטאָ וואָס צו געבן... נישטאָ!

איר קול איז מיד, כמעט פאַרצווייפלט, כמעט בייז.

עטליכע מאָל האָט זי דאָס שוין איבער געחזרט:

— נישטאָ וואָס צו געבן...

און איך אַליין האָב שוין געוואָלט אַ געשריי טאָן:

— גייט געזונטערהייט, נישטאָ וואָס צו געבן.

דער ייד, ווייזט אויס, איז איינגעוואוינט צו אַזאַ ענטפער און ער איילט זיך נישט אַוועקגיין. אונטער זיינע געדיכטע ברעמען זעט מען קוים זיינע אויגן, אָבער ער זעט אונדז אַלעמען. ער קוקט און וואַרט, ער וואַרט אויף זיין נדבה. די מאַמע נעמט קוקן אין פענצטער און וואַרפט בייזע בליקן אויף דעם בעטלער, ער וועט, דאַכט זיך, באַלד באַקומען אַ ביטערן „גייט געזונטערהייט", צו אים וועט זי אויסלאָזן דעם גאַנצן כעס.

די קליינע פויסטעלעך מיינע פרעסן זיך צענויף. וואָס וויל ער דער ייד? וואָס פייניגט ער? מיין ברודער רייסט אָפּ די אויגן פון אַלבאָם, פון די מאַרקעס, און אַלע אינאיינעם שטעלן מיר אָן בייזע אויגן אויף דעם בעטלער. אַ רגע איז שטיל געוועזן, אַלע האָבן געשוויגן.

מיטאַמאָל רופט זיך אָפּ דער טאַטע:

— ייד, מ'האָט דאָך אייך געזאָגט, ס'איז נישטאָ וואָס צו געבן. גאָרנישט, נישטאָ.

דער טאַטע מיינער הויבט זיך אויף פון זיין פּלאַץ און גייט צו נענטער צום יידן:

— איר פאַרשטייט! ס'איז גאָרנישט, מיר האָבן היינט אַליין נאָך גאָרנישט געגעסן, קיין מיטאָג נישטאָ, איר פאַרשטייט.

— איך פאַרשטיי, — ענטפערט דער ייד און נעמט שפּרייזן צו דער טיר.

אָבער דער טאַטע רעט ווייטער:

— אפשר... אפשר קאָנט איר באָרגן ביז מאָרגן אַ רובל...

יאָ, ביז מאָרגן.

די מאַמע מיינע ווערט בייז אויף דעם טאַטען. זי וואַרפט

בליקן פול מיט גרימצאָרן, און די בליקן בעדייטן: „פאַר װאָס מען טראָגט אַרױס די חרפּה אונדזערע?"

איך קוק אױך אױפן טאַטן, איך מײן, אַז ער שפּאַסט, ער האָט אָפּט ליב געהאַט אַזױ צו שפּאַסן אין אַ ביטערע רגע.

דער טאַטע קוקט איצט אױף קײנעם נישט, אַפילו אױפן יידן אױך נישט.

און דער ייד פאַרשטײט עס אַזױ װי עס איז, ער פאַרשטײט עס ערנסט. דער ייד, דער בעטלער הױבט אױף זײַנע אױגן, זײַנע אױגן, װאָס מען זעט נישט אונטער די געדיכטע ברעמען.

אַ רגע. אַ פאַרשעמטע רגע. ער בעטראַכט אונדז אַלעמען צוזאַמען און יעדן אײנעם בעזונדער. די גאַנצע שטוב נעמט ער אַרום און װײזט אױס, אַז ער האָט דערפילט די אומהײמליכקײט אונדזערע, די שװערע שטימונג, װאָס האָט זיך דאָ אײַנגעבירגערט אין יעדן װינקל צוליב דעם הונגער.

יענער טאָג איז טאַקע געװען אײנער פון אונדזערע שװערסטע טעג. עסן, עסן... עס האָט אַזױ געקלעמט דאָס ייִנגע האַרץ, די ייִנגע פּיסלעך האָבן קױם אײַנגעהאַלטן דעם שװאַכן קערפּערל... דער בעטלער...

ער האָט עס דערפילט. שװײַגנדיק זיך אױסגעצױגן און גענומען צײלן גראָשענס און קאָפּיקעס, געצױגן האָט ער די קופּערנע דראָבנע מטבעות פון אַלע קעשענעס זײַנע, געצױגן און געצײלט מיט זײַנע אַלטע פינגער, אין פּיראַמידקעלעך צונױפגעשטעלט, ערנסט און פאַרזיכטיק געצײלט, צען, צװאַנציק, דרײַסיק, פערציק...

דער טאַטע איז געשטאַנען פון װײַטן און געשװיגן.

די מאַמע איז געשטאַנען נאָך װײַטער און געגבײַזערט זיך מיט די אױגן.

און מיר די קינדער, מיר האָבן געקוקט מיט אונדזער קינדערישער נײַגעריקײט אױף דעם, װאָס דאָ קומט פאָר.

געלט... איך האָב דערזען מטבעות אױף אונדזער טיש. איך האָב שױן געװוּסט, אַז פאַר געלט קריגט מען צו עסן.

איך בין נייגעריק צום דאָזיגען שוואַרצן יידן, נאָר אין דער זעלבער צייט האָט שוין מיין האַרץ געציטערט פאַר פרייד.

מען וועט עסן, איך וועל עסן, דער ברודער מיינער, טאַטע־מאַמע...

אַלע וועלן עסן...

דער בעטלער האָט געענדיקט ציילן. דער בעטלער האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין אָרט און איז צום טיר געגאַנגען.

— אַ גוטן טאָג! — האָט ער געזאָגט.

און דער טאַטע מיינער האָט אים געענטפערט:

— גייט געזונט! מאָרגן אין דער זייט וועט איר אייער רובל צוריקבאַקומען.

שטיל און שטום איז געוואָרן, בעת ער איז אַרויסגעגאַנגען, עטליכע שווערע און שווייגענדיגע רגעס, נאָך שווערער געוועזן, ווי פריער, איידער דער ייד איז אַריינגעקומען, בין דער טאַטע האָט זיך אָנגערופן צו דער מאַמען:

— גיי קויף עפּעס צועסן, נישטאָ זיך מיט וואָס צו שעמען, גיי קויף עפּעס!...

נאָר די מאַמע האָט זיך נישט גערירט פון אָרט, זי איז געשטאַנען ביים פענצטער, ביים אַראָבגעלאָזטן גאַרדין, זי איז געשטאַנען און שטום געוויינט.

דער טאַטע האָט צו אונדז געשמייכלט, טרויעריק און אויפגעמונטערט האָט ער צו אונדז געשמייכלט און דערביי זיך אָבגערופן:

— ס'איז אפשר דאָס הייליגסטע געלט אין מיין לעבן און די נאַרישע יידענע וויינט גאָר.

איך האָב גאָרנישט פאַרשטאַנען, איך בין געווען אַ קינד, איך האָב אָבער איינס געפילט: דעם שווערן הונגער, נאָר שאַ! איך וועל הונגערן רויק, איך וועל קיין זיפץ נישט געבן, אַבי די מאַמע זאָל נישט וויינען.

מאָדנע מענטשן זענען די גרויסע. פריער איז נישט געווען קיין געלט, האָבן אַלע געשוויגן. איצט ליגן אויפן טיש

אַזויפיל גראָשענס און קאָפּעקעס, מען קאָן דערפאַר קויפן עסן... און די מאַמע וויינט.

מאָדנע מענטשן זענען די גרויסע.

איך האָב זיך פאַרוקט אין אַ ווינקל אין געוואָרפן אַ שטיקל אויג אויפן ברודערס אַלבאָם... ווי אַזוי אַנטלויפט מען עפּעס אויף אַזאַ ווייטן אינזעל? דאָרט, ווי די קאָלירטע פּאַפּוגאַיען פלאַפּלען, צו די חיות אַנטלויפן...

אַבי נישט זען, ווי די מאַמע וויינט...

אין דעם רופט זיך אָב צו מיר דער טאַטע:

— גיי דו!

— וואוהין?

— גיי אַריין אין אַ קרעמל און קויף ברויט, פּוטער, קעז, צוקער.

איך האָב אַראָבגעלאָזן די אויגן. נישט געוואָלט זיך בעגעגנען מיט מיין מאַמעס בליק און דער טאַטע האָט זערווייל אַריינגעשאָטן די גראָשענס און קאָפּיקעס אין מיין קעשענע, איך בין געגאַנגען, איך האָב איינגעקויפט דאָס, וואָס מען האָט מיך געהייסן קויפן און די יידענע, די קרעמערקע האָט זיך געוואונדערט און אַלץ געהאַלטן און איין פרעגן:

— וואו האָסטו גענומען אַזוי פיל גראָשענס און קאָפּיקעס? וואָס? דו ביזט איבער די הייזער געגאַנגען? — מיין יינג. האַרץ האָט געקלאַפּט און רויט בין איך געוואָרן פון חרפּה און אַ ליגן האָב איך געזאָגט:

— דער טאַטע האָט אַזעלכע געלט געבראַכט, פון אַ צווייטן באַקומען פאַר סחורה.

אין שטוב האָט מען שווייגנדיק געגעסן דעם ברויט מיט דעם קעז, מען האָט צוגעטרונקען מיט טיי.

די מאַמע, זי איינע האָט גאָרנישט פאַרזוכט, זי האָט געפאַסט אַ גאַנצן טאָג. דער טאַטע האָט גערעט וועגן גוטע מענטשן און גוטע מעשים. איך געדענק, אַז איך האָב גאָרנישט פאַרשטאַנען, איך בין געווען אַ קינד, נאָר געפילט האָב איך זיך

דאַמאָלט נענטער צום טאַטען, ווי צו דער מאַמען און איך האָב זער געוואָלט זי זאָל אויפהערן צו זיין ברוגז.

שפּעטער האָב איך זיך געשפּילט מיט די קינדער אויפן הויף, איך בין געווען זאַט, נאָר יעדער רגע זענען מיר פאַר די אויגן געקומען די גראָשענס מיט די קאָפּיקעס. אַזויפיל מטבעות געווען און זיי האָבן ביי מיר די קעשענע געמאַכט אַזוי שווער.

אויף מאָרגן צו דער אָבגערעטער צייט איז געקומען דער ייִד, דער בעטלער, ער איז שווייגנדיק אַריין, געקומען נאָך זיין חוב.

עס איז שוין פאַר אים אָנגעגרייט געווען אַ זילבערנער רובל און עטליכע קאָפּיקעס אַלס נדבה.

דעם רובל האָט ער צוגענומען, די קאָפּיקעס האָט ער צוריק אַוועקגעלייגט אויפן טיש.

— אפשר וועט איר טרונקען אַ גלאָז טיי? — האָט דער טאַטע מיינער געפרעגט — אפשר עסן מיט אונדז?

דער ייִד מיט די געדיכטע ברעמען איבער די אויגן האָט שטום געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— ניין!

און אַ „גוטן טאָג" האָט ער געזאָגט.

איז אַוועקגעגאַנגען און קיינמאָל האָב איך אים מער נישט געזען.

פון דער טיפסטער קינדהייט ביז היינט איז געבליבן אין מיין זכרון זיין געשטאַלט.

## פרי־פרילינג

די דעכער פון די הייזער... קיינער האָט נישט געזאָרגט פאַר דעם, אַז די דעכער פון די הייזער זאָלן אויסזען אַביסעלע שענער, היימליכער, ווייל פאַר די. וואָס וואוינען אויף די הויכע עטאַזשען איז דאָס אַ שווערע אָבקומעניש:

שטענדיק צו קוקן אויף דעם שוואַרצן בלעך, אויף די מוטנע־רויטע קוימענס. דאָס צימער איז ענג, קליין, גייט מען צו צום פענצטער און דער בליק פאַלט אַראָב, דער בליק לויפט צוריק אין דער נשמה אַריין. די שוואַרצע דעכער, די אומגעלומפערטע אויסקרומענישן פון די מויערן פאַרטרייבן יעדע האָפנונג.

ווען די מאַכט וואָלט זיין ביי מיר אין די הענט, וואָלט איך קודם־כל געזאָרגט, אַז די דעכער זאָלן שען אויסזען, איך וואָלט זיי געהייסן אויספוצן מיט די שענסטע פיגורן, גערטנער פלאַנצן. בוימער, פרייליכע פיגורן, סאַטירן, שלאַנקע, אַנטישע פיגורן, די עלטסטע חיות: מאַמאָנטן העלפאַנטן... קינדער וואָלטן געהאַט מיט וואָס זייער בליק צופרייען און די גרויסע אויך, איך אליין אויך. ווינטער־צייט וואָלט דער שניי די אַלע פיגורן איינגעדעקט אין ווייסקייט. אַ בליק אין פענצטער און דו זעסט אַ לעגענדע, אַ לעגענדע נישט קיין גרויקייט, וואָס פאַרטעמפט דיין בליק און דיין נשמה...

גאָטס וועלט באדאַרף זיין אַ פרייליכע וועלט, די בית־עולמס באַדאַרפן זיין אָפגעווייטערט פון די לעבעדיקע...

די דעכער פון די הייזער... עס איז אַ חרפה פאַר די, וואָס קוקן אַראָפ פון הימל, זיי מוזן זיך געוויס צאַרענען אויף־

אונדזער גרויקייט, זיי שפּאַסן פון אונדז... גרויע, פאַרזשאַווערטע בלעכענע דעכער, אונהיימלעכער ווי דער טויט זעט עס אויס.

איצט קומען נאָך צו די ראַדיאָ-דראָטן אויף אַלע הייזער פון שטאָט, די דראָטן זעען אויס ווי צלמים, די דעכער, ווי בית-עולמס.

אומעטיק און לאַנגווייליק אין קליינעם חדר.

אין מיין חדר איז יעדע זאַך איינזאַם: איין טיש, איין שטול, איין קישן, איין טיר, איין פענצטער און איין פאַרלאַנג האָב איך: פּטור צו ווערן פון דער גרויקייט, וואָס אַרום...

און דער דאָזיקער איינציקער פאַרלאַנג איז אויך איינזאַם.

פאַראַן אַ נאַרישע האָפנונג ביי יעדן מענטשן: מאָרגן וועט בעסער זיין. כאָטש אַלץ איז געגן אים און אַלץ באַשטעטיקט, אַז מאָרגן וועט אַלץ ערגער זיין, נאָר די אַלע נישט-גלויביקע, זיי גלויבן דאָך פאָרט, זיי וואַרטן, אַלע וואַרטן — אַנדערש וואָלט קיינער נישט געלעבט.

מיין צימער איז קליין און דאָך גייט אין אים אַריין די גאַנצע וועלט, ווען מיך פאַרווילט זיך משפטן, ווען איך וויל בויען לופט-שלעסער, מיינע שלעסער, מיינע חלומות... אָבער פּלוצלונג גיי איך צו צום פענצטער און די טויטע דעכער לייגן זיך מיר אויף דער נשמה, ווי שווערע שטיינערנע פּליטעס, די אויג פאַרהאַלט זיך, קאָן ווייטער נישט לויפן, די נשמה פאַרמאַכט זיך: די גרויסע שטאָט זעט אויס, ווי אַ בית-עולם, די דעכער זענען די טעמפע קעפּ פון גרויע מצבות... ווי איז דאַן, ווען אויג און נשמה האָט נישט קיין יום-טוב.

און איך וועל זוכן דאָס ביסעלע יום-טוב ביז מיין לעצטן אָטעם... איך האָב אָנגעהויבן מיט קאָרטן-שטיבלעך און איך וועל ענדיגן... ווייסט אויס, אַז איך וועל אויך ענדיקן מיט קאָרטן-שטיבלעך. אָבער זוכן און בענקען וועל איך נישט אויפהערן. אַנדערע באַקלאָגן זיך, אַז די וועלט איז ענג. נישט אמת. אַזויפיל יאָר לעב איך אין איין שטאָט און צי דען קאָן איך מיין שטאָט? די אַלע גאַסן און געסלעך. אָט דער מיליאָן

מענטשן... צי דען בין איך שוין דערגאַנגען זייער לעבן. איך פלאָנטער זיך צווישן זיי, ווי אין אַ געדיכטן וואַלד צווישן די בוימער, נאָך טיפער, נאָך טיפער... דער סוד לויפט פון מיר אַוועק...

ווערט מיר ענג מיין צימער און איך לויף האַסטיק פון די טרעפּ. איך לויף פאַרביי די צוגעמאַכטע טירען. וואָס איז מיר דער אונטערשייד. וועלכער נאָמען דאָרט איז אויסגעקריצט אויף דער טיר? „ראַבינאָוויטש" צי „זינגער". די טירן זענען גרוי, דער געדאַנק וועגן די מענטשן איז גרוי. מענטשן לעבן אין קעסטעלעך, יעדעס קעסטל מיט אַ נומער. דער נומער זעט זיך שטענדיק פריער פאַר דעם מענטש...

די ווענט צוימען אונדז אָפּ איינעם פון צווייטן, מיר זעענען זיך פרעמד און די דאָזיגע פרעמדשאַפט ווערט קולטיווירט, זי אַנטוויקעלט זיך אַלץ מער, וואָס מער פרעמדשאַפט, אַלץ מער אינטעליגענץ, אַפילו גרויסמענטשליכקייט, פיינער טאָן. צוגעמאַכט, צוגעקלאַפּט די טירען: איז איינער אָרעם, באַהאַלט ער זיך מיט זיין אָרעמקייט פון צווייטן, איז איינער רייך באַהאַלט ער זיך מיט זיין רייכקייט פון צווייטן, ווייס איינער אַביסל מער פאַרן צווייטן, באַהאַלט ער זיך מיט זיין וויסן...

עס דאַכט זיך מיר אַלץ, אַז אין איין שענעם טאָג, וועלן זיך די מענטשן כאַפּן ווי שלעכט זיי זענען איינער צום צווייטן, אָבער דערווייל, זאַמלט זיך דאָס שלעכץ. אין לאַנגע ווינטער... דער היינטיגער, דער לעצטער ווינטער איז מיר נאָך שווערער געווען, ווי אַלע אַנדערע. צי וויילל איך ווער עלטער, צי ווייל די פריינד מיינע זענען עלטער געוואָרן? און די שונאים אויך עלטער. איצט זענען זיי שוין ראַפּינירט אין זייער שנאה, זיי ווייסן שוין ווי צו דערלאַנגען, וועלכער אָרט עס טוט מיר וויי...

געדאַכט האָט זיך מיר, אַז איך וועל שוין נישט אַרויס פון ווינטער און די קעלט וועט שוין בלייבן אין מיר...

אָבער פּלוצלונג פּאַסירט עפּעס. אין אַ מיש־מאַש פון טעג און נעכט, אין אַ לאַנגער פריידלאָזער וויקלעניש פון טעג וואַרמט זיך פּלוצלונג אָן די נשמה.

איך בין נישט שולדיג, וואָס קיינער זעט נישט איצט מיין פרייד... מיינע הענט זענען אויסגעשטרעקט צו דער גאַנצער וועלט, צו אַלע מענטשן.

היינט בין איך צוגעגאַנגען ווי שטענדיק צו מיין פענצטער. איך האָב געזען די זעלבע גרויע שוואַרצע דעכער, איך האָב שוין געוואָלט דעם קאָפּ באַהאַלטן... פּלוצלונג האָב איך באַמערקט צווישן צוויי קוימענס אַ פּאַס ליכט... זון. נאָר נישט יענע קאַלטע זון פון ווינטער, וואָס בליצט, ווי שפּיגל-גלאָז, בלענט די אויגן און וואַרעמט נישט... דאָס, וואָס איך האָב איצט דערזען, דאָס האָב איך צוערשט דערפילט אין דער טיפעניש פון דער נשמה, דערנאָך אין אַלע גלידער, דערנאָך, צום סוף האָב איך אַ טראַכט געטאָן וועגן פרילינג. דערפילט זיך, ווי אַ יינגער חתן...

איך גיי חתונה האָבן מיטן לעבן.

די גרויע דעכער זענען פאַרשוואונדן. איך האָב זיך אויפגעהויבן מיט אַמאָל נאָך העכער... אָדער איך האָב זיך אַראָפּגעלאָזן אויף אַ לויטער גרינעם פעלד... פרילינג, מיין פרילינג. איצט מעגט איר מיר זידלען וויפיל איר ווילט זיך נאָר, איצט מעגט איר לאַכן פון מיר, פון מיין אַרבעט, פון אַלע וועטאָקן... מיין שותף איז געקומען, מיין פרילינג. פריער האָב איך אויך געשוויגן, איצט וועט מיר זיין לייכט צו שווייגן, איצט וועט דאָס זיין אַ שטומער געזאַנג, נישט קיין שווייגן.

איין שטראַל ליכט פון פרילינג האָט אַראָפּגעצויגן פון מיין נשמה דעם גראָבן פעלץ פון מוטלאָזיקייט. דער שטראַל איז מיינער, ער לאָזט מיך נישט אָפּ:

איצט גנבעט זיך דאָס צו מיר פון אַלע ווינקעלעך. איך בין פול מיט שרעקעדיגן האָפנונג. איך זע שוין די בלומען, וועלכע זענען נאָך נישטאָ, איך באָד די נשמה אין גרינס, וועלכע איז נאָך פון דער ערד נישט אַרויס. אמת, ברודער! עס וועט זיין פרילינג. לאָמיר לאָזן אויף אַ קורצע צייט די וועלט מיט אירע זאָרגן, לאָמיר אויפהערן צו ראַטעווען די מענטשהייט. לאָמיר זיך אויפהערן צו צאַנקען מיט אונדזערע גרויסע דערגריי-

כונגען. יעדער טאָג איז מיט עטליכע מינוט גרעסער, יעדן טאָג ווערט די זון וואַרעמער... מיר דאַרפן, מיר נויטיגן זיך אין דאָס ביסל וואַרעמקייט, וואָס דער הימעל שענקט אונדז...
איך האָב היינט צו זיך אַליין אַ מורמעל געטון:

— אײַ, ווי עס ווילט זיך לעבן.

און איך האָב זיך דערפילט גליקליך, וואָס איך באַקום אַזאַ פאַרלאַנג צום לעבן. איין האַלבער טאָג איז ליכטיק און דער צווייטער האַלבער טאָג איז פינצטער, אָבער די ליכט איז שוין געבוג פאַר דער נשמה, זי זאָל זיך פאַר דער פינצטערניש נישט שרעקן.

איך האָב היינט געליינט וועגן זעלבסטמאָרדן, נאָר איך האָב די אומגליקליכע נישט באַדויערט, איך האָב געטראַכט, אַז די מענטשן האָבן גאָרנישט געפילט, אויב מען קאָן אַוועקגיין פון לעבן צוליב אַ בייזן שפּאַס פון שיקזאַל, פילט מען גאָרנישט, ווייל לעבן זינגט צו יעדערן. זיי די צעשראָקענע פון לעבן לאָזן איבער קליינע צעטעלעך: „עס לוינט נישט צו לעבן". פרעגן ווילט זיך, שרייען ווילט זיך:
און שטאַרבן לוינט יאָ?

אָבער היינט קאָן איך נישט טראַכטן פון בייז און יאוש. די האָפנונג ליגט אומעטום:

אין שוואַרצן גאָרטן, זי גנבעט זיך צו מיר מיט דעם אָטעם פון ערשטן וואַרעמען ווינטל, אין שמייכל פון באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע.

עס לוינט דאָך צולייַדן פון ווינטער, כדי זיך דערנאָך צו פרייען מיט דער ערוואַכונג פון דער ערד. איך בין אַוועק צום טייך, איך בין געווען זיכער, אַז איך וועל זיין אַליין, נאָר אויף דער גרויסער אייזערנער הענג-בריק זענען געשטאַנען אַ סך מענטשן: מענער און פרויען, שילער און אַרבייטסלאָזע מענטשן. זיי האָבן געקוקט אין האַסטיקן שטראָם. שטיקער אייז, ווי צע-שאָסענע וועלף, שטיקער אייז, ווי פראַגמענטן פון אַן אַלטן בית-עולם-פאַרקן. עס האָט אויסגעזען גרוי דער גרויסער מוטנער

שטראָם, עס האָט אויסגעזען איינטאָניג און דאָך זענען די מענטשן נישט אַוועקגעגאַנגען. קיינער האָט נישט דערציילט, וואָס ער לעבט דורך אין דעם מאָמענט, נאָר אַלעמענס בליקן נידערן צו דעם טייך, אָנגעלענט אויף דעם אייזערנעם פאַרענטש, קוקן זיי אין דעם נישט קלאָרן וואַסער פון וועלכן עס טראָגט אַ שאַרפע קילקייט און ווילן נישט אַוועקגיין פון דאַנען, פונקט, ווי זיי וואָלטן וואַרטן, אַז אויף דער פלאַך פון וואַסער זאָל זיך פּלוצלונג באַווייזן אַ גאָלדענע שיף מיט אוצרות פאַר די אַלע ליידיגייער, וועלכע פאַרמאָגן גאָרנישט...

איך האָב דאַמאָלט גערעט מיט די אומבאַקאַנטע, גערעט מיט זיי, ווי אַ טוריזענט-יעריקער באַקאַנטער. דאָס האָט גערעט די נאַטור, וועלכע ווערט קיינמאָל נישט אַלט.

די זעלבע זון. נעכטן האָט זי געשטאָכן מיט אירע שטראַלן, היינט גלעט זי און רופט צו יעדעס פינטל גאַס וואָס זי בעלייכט. און די אַלטע בלומען-פאַרקויפעריגס, זיי זענען די אומגעדולדיקסטע. נאָך נישטאָ קיין פרילינגס-בלומען — האָבן זיי אַרויסגעשלעפּט פון די ספּעקטן די רעשטלעך פון די ווינטער-בלומען און געפאַרבטע בלעטער פון פאַרגאַנגענעם יאָר. זיי פאַרקויפן אויס די הייסע היאַצינטן, די רויטע טולפּאַנעס, ווייל באַלד וועט דער פרילינג נעמען ווייזן זיינע וואונדער...

די ערד אָטעמט שוין מיט די קינפּטיקע דופטן, אין די פאַרבאָרגענע אָדערן פון פייכטן גרונט זענען שוין אָנגעזאַמלט אַלערליי קאָלירן פאַר אונדזער יום-טוב.

איך בין ניי-געבוירן, דאָס וואָס איך האָב נעכטן געהאַסט, דעם שטאָל און אייזן פון דער שטאָט, די ענגשאַפט און גרויקייט, אַלץ איז מיר דאָס היינט ליב און טייער. איצט האָט זיך דאָס שוין צעפלאָנטערט אין מיר. איך ווייס נישט צי די פרייד פון דער וועלט גייט אין מיר אַריין, אָדער פון מיין נשמה שטראָמט פרייד פאַר דער גאַנצער וועלט.

אַמאָליגע צייטן פלעג איך אין אַזעלכע טעג לידלעך שרייבן. איינט בין איך ערגער אָדער בעסער געוואָרן. איז פאַראַן פרייד

אין האַרצן זאָל עס בלייבן אין האַרצן. איך וויל עס נישט מישן מיט טינט...

איך בין אַרומגערינגעלט אין מיין צימער מיט אַ סך שכנים. איך ווייס נישט ווער זיי זענען. איצט, אַז מען וועט עפענען די פענצטער, וועל איך אפשר כאַפּן אַ וואָרט, אַ בליק פון יענע אומבאַקאַנטע מענטשן, נאָר ביז היינט האָב איך געפילט זייער לעבן בלויז דורך די קלאַנגען פון קלאַוויר... פרעמדע הייזער, אומבאַקאַנטע מענטשן.

אָבער אין יעדער שטוב איז פאַראַן אַ קלאַוויר. מיינע שכנים האָבן קינדער. די קינדער לערנען זיך שפּילן. אָט אַזוי אַ גאַנצן ווינטער...

גאַמען, גאַמען...

אין די גרויע טעג פלעגט מיר זיך דאַכטן אָפט, אַז נישט גאַמען זענען דאָס, נאָר שווערע ציגל פאַלן אויף מיין קאָפּ...

אַ גאַנצן ווינטער.

איך כאַפּ זיך אויף זער שפּעט, ווייל איך וויל נישט פרי זיך לייגן שלאָפן, איך וויל זיך נישט אָבגעבן אין רשות פון האַלבן טויט — פון שלאָף. גיי איך שפּעט שלאָפן און איך כאַפּ זיך שפּעט אויף. איך וואָלט נאָך לענגער געשלאָפן, ווען נישט די גאַמען פון מיינע שכנים. אין פיר צי אין פינף הייזער שפּילן קלאַווירן. ביין, זיי שפּילן נישט...

מען קלאַפּט אויס גאַמען, קינדער לערנען זיך אויף האַלבע און פערטל טענער. מאָנאָטאָנע, איינטאָניגע קלאַנגען. אַ גאַנצן ווינטער צעקלאַפּן זיי מיר מיין געהער, זיי פאַרטעמפּען מיין קאָפּ. עס קאָן זיין, אַז איינע אַ קליין מיידעלע, וועלכע לערנט זיך דאָרטן וועט אַמאָל אויסוואַקסן אַ באַרימטע פּיאַניסטן. זי וועט געבן קאָנצערטן, מען וועט זי מיט בלומען פאַרשיטן און קיינער וועט נישט וויסן, אַז דאָס איז אויף מיין חשבון געווען, מיין מאַרך איז צעמאָלט געוואָרן פון אירע גאַמען...

עס קאָן זיין, אַז איינס פון די גאַמען-קינדער וועט זיך שפּעטער פאַרליבן און פאַר איר געליבטן וועט זי אויסשפּילן גאַנ-

צו פאַרענדיקטע זאַכן, נאָר קיינער וועט נישט וויסן, אַז איך בין געווען דער קרבן פון איר לערנען זיך.

גאַמען...

אַ גאַנצן ווינטער פויקט מען אונטער מיינע ווענט און שפּעטער ווען איך גיי אויף די גאַסן און די נשמה זינקט אין דעם צעטראָטענעם ברודנעם שניי, איך גיי אויף די גאַסן און די שטאָט־באַוועגונג, אַלע קלאַנגען ווידערהאַלן מיר ווידער די גאַמען פון אונטער מיינע פרעמדע ווענט.

איצט אָבער.—אָנהויב פרילינג, די זון האָט אַ שיין געטון און די גאַמען זענען מיר ליב געוואָרן.

די גאַמען זענען ווייכער געוואָרן...

צוזאַמען מיט די ליכטיקע פאַסן זון־ליכט קומען די שכנישע קלאַנגען אין מיין צימער. ווינטער האָט עס מיר אָבגעקלונגען ווי די באַגרעבונגס־קלאַנגען פון די אַלטע קלויסטער־גלאָקן. איצט איז דאָס אַ ייגנד־סימפאָניע. איך ליג נאָך אויף מיין געלעגער און אויפן קישן ליגט אַ שטראַל פון זון. איך ליג נאָך אויפן געלעגער און עמיץ שפּילט שוין פאַר מיר, אין די האַלבע און פערטל טענער, אין דער איינטאָניקייט כאַפּ איך ברעקלעך מעלאָדיעס פון דאָרפישע געזאַנגען, קלאַנגען, אָבקלאַנגען פון וואַלד. איך שטעל מיר פאָר, איך זע דורך דער וואַנט דאָס יינגע מיידעלע מיט די דינע פינגער, וועלכע מאַכט לעבעדיק די טויטע ווענט מיט איר שפּילן און עס דאַכט זיך מיר, אַז עמיצער האָט זיך טיף אין דעם קאָרן אַריינבאַקומען און רייסט דאָרט די בלויע בלומען. וואַלד רוישט, וואַסער־פאַלן שפּילען, בחורים מיט מיידלעך יאָגן זיך נאָך און פאַרשווינדן אין די טונקעלע ווינקעלעך פון ייִנגען זומער־אָווענד...

וואָס פאַר אַ קללה ליגט עס אויף דעם ווינטער, וועלכער האָט מיך מיט אַזעלכע שענע קלאַנגען געפּייניגט...

וואָס פאַר אַ ברכה פאַרמאָגט דער פרילינג, וועלכע האָט מיט די זעלבע קלאַנגען מיר דעם שענסטן חלום געבראַכט...

עס שפּילט דאָס גאַנצע הויז. פון אַלע זייטן קומען די־

קלאַנגען. אַ ים מיט קלאַנגען און איך שווים אין דעם ים. איך טראָג זיך אויף די סימפאָניע־פאַליעס...

---

זאָל מען מיר מוחל זיין... איך וויל אויך צו להג:עיט דער גאַנצער גרויער וועלט חלומען. איך וויל זיך פרייען מיטן פרילינג, איך וויל רופן אַלעמען צו פרייד, צו אָפּענהאַרציקייט, צום פשוטען מענטשלעכן סענטימענט...

# האררים פרוי.

זייער פּאַלאַץ אויף אַמוסט־ראָד, אין לאָנדאָן, איז איינער פון די שטילסטע און פיינסטע אין יענער געגענד. אַמאָל מיט יאָרן צוריק, האָבן אין דעם קוואַרטאַל געלעבט די גרויסע מיוחסים, ענגלישע מאַגנאַטן, לאָרדן.

נאָר דאָס לעבן אַרום העקנעי האָט זיך ברייט צעוואַקסן, דער טומל הילכט דאָ פון דערווייטן, די דעגענערירטע אַריסטאָ־קראַטן האָבן זיך אָפּגעטראָגן אין א רויקן ווינקל.

אין אַמוסט־ראָד וואוינען איצט אַ סך יידן. די רייכערע, די מער אויסגעאייַנגלישטע.

דאָ דערציילט זיך וועגן דער יידישער פאַמיליע גאָלד.

מאַן און ווייב זענען אַלט צו עטלעכע און דרייסיג יאָר, זיי האָבן צוויי בייביס, צוויי שטיפערישע באָיטשיקעס, וועלכע ווילן מיט יעדערן פייטן...

זיי האָבן חתונה געהאט פאַר דער מלחמה, געלעבט נישט אָרעם, אָבער אין דער צייט פון קריג זענען זיי שטאַרק רייך געוואָרן. ער, מיסטער גאָלד האָט עפּעס געהאַט אַ טעכנישע קאָנ־טאָר, בעתן קריג האָט ער אָנגענומען מיליטער־ליפערונגען און האָט אַ סך פאַרדינט.

געקויפט דעם פּאַלאַץ אויף אַמוסט־ראָד, אַ גאָרטן, אַ גאַראַזש און יעדעס יאָר נייע פאַרגרעסערטע געשעפטן.

ביידע זענען זיי געקומען קיין ענגלאַנד אַלס קינדער, ביידע האָבן פאַרגעסן יידישקייט.

פאַרגעסן און נישט פאַרגעסן, קליינינקייטן זענען געבליבן. פרוי גאָלד בענטשט יעדן פרייטאָג־צו־נאַכט ליכט. זי לעבט

אין אַ לאַנד, וואָס האָט ליב טראַדיציעס — בענשט זי דערפאַר ליכט, אין לאָנדאָן לעבט נאָך איר אַלטע באָבע, טוט זי דאָס דער אַלטער באָבע צוליב.

און גאָלד גייט דאַוונען יום־כפור...

אַ נדבה פאַר דער שול, וואו ער דאַוונט, דאָס גיט ער, אָבער מיט דעם הויבט זיך אָן און מיט דעם ענדיקט זיך זיין יידישקייט.

מיסטער גאָלד... ביזן קריג, ביז דעם טאָג, ווען ער איז שטאַרק רייך געוואָרן, איז ער געווען מער באַשיידן, מער איינגעהאַלטן.

געלט מאַכט קאַליע אַ מענטשן.

דאָס פאַרשטייט זי, זיין פרוי, מילי...

זי איז אַ קלוגע פרוי, זי זעט נאָר אויס זער יונג. זי איז באַקאַנט אין די בעסערע קרייזן פון לאָנדאָן, זי האָט אָנגעשריבן אַ בוך וועגן דעם דיכטער שעללי און דערפאַר באַקומען אַ דאַנק פון דער ענגלישער אַקאַדעמיע; זי האָט זיך דורכגעשריבן מיט די גרעסטע ענגלישע קינסטלער. ביי איר ליגן באַהאַלטן עטלעכע קלוגע בריף פון קלוגן בערנאַרד שאָאו.

אַ סך פון אירע באַקאַנטע ווייסן ווי צו שעצן איר קלוגשאַפט, איר געשמאַק און באַשיידנקייט. זי אַליין אָבער רעט נישט וועגן זיך, באַרימט זיך נישט. זי באַגעגנט אירע פריינט מיט אַ גוטן שמייכל און באַגלייט זיי מיט אַ גוטן שמייכל.

קוקסט אויף איר און דו טראַכסט, אַז די פרוי איז געקומען צו פאָלגענדן באַשלוס: איידער שען מאַכן די וועלט, מוז מען זיך אַליין שען מאַכן, און זי פוצט, באַפוצט איר ווינקעלע, יעדעס צימער איז אַן אויסשטעלונג, די קינדער פריש, ריין און געזונט.

אומעטום בלומען, בילדער. אַלץ אויפן פלאַץ, מיט סטיל, מיט ערנסט־לייכטן געשמאַק. מיטלען דערצו זענען פאַראַן, נוצט זי אויס דאָס געלט פאַר שענקייט און רייכקייט.

דאָרט אין שטוב ביי זיי קויפט מען בלומען יעדן אין דער פרי, ווי אין אַנדערע הייזער קויפט מען ברויט. אָבער

אַלץ האָט דאָרט אַן אָרט, יעדע זאַך אויפן געבעטשטן פּלאַץ.
נישט איינער האָט שוין וועגן זיי געזאָגט:

— ביי די גאָלדס איז אַ מוסטער-שטוב.

ענטפערט מען:

— דאָס איז איר פאַרדינסט, ער אַליין איז נישט אַזאַ אײדעלער מענטש...

מישט זיך אַריין נאָך איינער:

— אַלץ ווענדט זיך אין דער פרוי, איז די פרוי אַ מענטשלעכע, דאַן איז דאָס גאַנצע הויז מענטשלעך.

אָבער געלט מאַכט קאַליע...

דער מאַן אירער...

האַררי גאָלד איז אַן אַנדערער געוואָרן. דאָס געלט האָט אים צעטומלט, און באַרוישט. ער קלויבט זיך לעצטנס אויס אַנדערע פריינט און אַנדערע באַקאַנטע—נישט פון זייער שניט...

מיסטער גאָלד האַלט פון דעם כּלל, אַז דער מענטש, דער יענער, וועלכער האָט פאַר די לעצטע „גוטע" יאָרן זיך נישט געקאָנט דערשלאָגן צו אַ גרויסן קאַפּיטאַל, אַזעלכער איז אַ שלימזל, לוינט גאָר נישט צו האָבן קיין ביזנעס און צו פירן קיין פריינדשאַפט.

די פרוי זיינע, די באַשיידענע לעדי, זיין מילי גאָלד הערט זיך צו צו אַזעלכע ווערטער און פאַרבייסט מיט די ליפּן. נישט אַלע מאָל פּאַסט צו רעאַגירן. פאַר פרעמדע מענטשן אין די אויגן פון פרעמדע וועט זי אים קיינמאָל נישט שטראָפן.

ער איז שוין נישט קיין קינד, ער איז דאָך... ער איז איר מאַן, און זי וויל ער זאָל בלייבן שטאָלץ און אומאָבהענגיג.

זי קוקט זיך צו צו אים.

זי ציטערט פיל מאָל אויף:

זי זעט, ווי פון איר האַררי קריכט אָפּט אַרויס אַן אַנ-דער נפש. ווי קומט עס צו אים? אַזוי האַלטן זיך? אַזוי רעדן! אַזוי זיצן בייס טיש, מיט אַזוי פיל פלעגמאַטישע זיכער-קייט אָבלאַכן פון מענטשן?

אַפילו זיין פּנים האָט זיך געענדערט. די מאַטע באַקן

זענען רויט געוואָרן, דער קאַרק זיינער גיסט זיך אָן פון טאָג צו טאָג אַלץ מער.

אָבער זי האָט געוואוסט איין זאַך: זי האָט אויף דעם מענטשן אַ קראַפּט. איר וואָרט, איר שטראָף־וואָרט איז פאַר אים אַלץ. זי איז געווען מיט אים זער פּאָרזיכטיק, צו־פיל אויסנוצן איר קראַפּט האָט זי נישט געוואָלט — כדי עס זאָל בעסער ווירקן.

זי הערט זיך נאָר צו, זי קוקט אים נאָך, זי היט אים, ווי אַ גוטער דאָקטאָר באָאַבאַכטעט זיין געפערליכן פּאַציענט, פון דער ווייטנס, דער חולה זאָל נישט באַמערקן און דערביי שטעלט ער פריער פאַר אַלץ אַליין דעם דיאַגנאָז...

אָט אַזאַ איז מילי גאָלד.

זי האָט איינמאָל געהערט, ווי האררי רעט מיאוסע רייד. הארדי איז געזעסן אין זיין קאַבינעט מיט עטליכע פון זיינע נייע פריינד. אויפגעקומענע געלט־לייט. זי איז געווען אין דעם קינדער־צימער, קיינער האָט נישט געטראַכט, אַז זי איז דאָ הינטער דער וואַנט...

האָט זי פּלוצלונג דערהערט, ווי די מענער לאַכן, ווי די אָקסן האָבן זיי געריטשעט פון געלעכטער...

דאָס געלעכטער אַליין איז שוין געווען אַ דיסאָנאַנס צו איר גאַנצן פילן, מיט די שען אויסגעפּוצטע שטילע צימערן. עס האָט איר באַליידיקט און שאָקירט.

אַזוי לאַכט מען אין אַ ביליקן שענק...

און זי האָט אַליין געטון נישט קיין שענע זאַך: זי האָט אונטערגעהערט, זי איז נייגעריק געווען צו וויסן, פון וואָס די מענטשן לאַכן.

און זי האָט דערהערט:

מיאוסע מאַנסבילישע רייד. זיי האָבן גערעט פון פרעמדע און אייגענע ווייבער, זי אַליין די בעל־הביתטע, פון דער שטוב איז אויך נישט געשאַנעוועט געוואָרן.

איז זי אַרויסגעלאָפן אַ צעטומעלטע, איר גאָלדענעו גלייכ־געוויכט האָט זי פאַרלאָרן.

איר האַררי! איר מאַן!...

אין דריי טעג אַרום איז זי צו אים צוגעגאַנגען. אַ רויקע, ווי אַ קינד:

— האַררי! די מוזט מוחל זיין... איך האָב געטון אַ מאוּסע זאַך. ווען דו ביזט דאָרט געזעסן אין דיין קאַבינעט מיט דיינע פריינד האָב איך אונטערגעהערט...

ער איז נישט איינגעוואוינט צו אַזאַ טאָן פון איר, צו אַזאַ אונטערטעניקייט. ער האָט ביז איצט געהאַט גרויס דרך-ארץ פאַר איר און אַפילו מורא געהאַט פאַר איר, ווייל ער האָט געפילט איר אויבערהאַנט, ווייל זי איז געווען זיין שטאָלץ. דער מענטש האָט גוט געהערט, וואָס מענטשן רעדן וועגן איר, וועגן זיך אַליין האָט ער אַזעלכע גוטע ווערטער נישט געהערט.

איז ער איבעראַשט געוואָרן פון אירע ווערטער.

און כמעט בייז געוואָרן...

אַ געשריי האָט ער דערלאַנגט:

מילי...

— יאָ! איך האָב אַלץ געהערט. ער איז בלייך געוואָרן און קיין וואָרט אויפן אָרט נישט געענטפערט.

שפּעטער האָט ער זיך פאַרטיידיגט, שוין ווי אַ פאַרמשפּטער:

— מען ווערט אַריינגעצויגן אָן ווילן...

זי האָט זיך אנגערופן:

— האַררי! ווען די גייסט אויף דער גאַס און עס ליגט אַ שמוציגע זאַך, מיידסט עס אויס... יאָ? פאַרוואָס ביזטו אַזוי אומפאָרזיכטיק, ווען די גייסט רעדן...

— מילי... מער נישט, קיינמאָל נישט.

זיין בלייכקייט, זיין פאַרלאָרענקייט — זי האָט אים געגלויבט.

אַזעלכע זאכן זענען קיין סך נישט פאָרגעקומען, אָבער די געציילטע פאַקטן האָבן איר באַוויזן, אַז נאָר אַזוי קאָן די היים זייערע בלייבן אַזוי ווי זי וויל.

אָן סקאַנדאַל, אָן טומל.

מענטשן האָבן אין זיך סיי דאָס גוטס, סיי דאָס שלעכץ, מען מוז וויסן, ווי דאָס גוטע אַרויסצובאַקומען.

זי פוצט אויס דעם טיש מיט בלומען, מיט די בעסטע פרוכטן, זי גרייט צו דעם שענסטן אָוונט־ברויט.

נאָר עס קומען זיינע געסט, זיינע קאָרטן־געסט. זי באַדינט זיי, זי שמייכלט צו זיי. קיינעם פון זיי קאָן נישט איינפאַלן, אַז זי קרענקט און ליידט פון דעם.

קאָרטן! ביי איר אין שטוב איז עפּעס נישט אין אָרדנונג. ווען מענטשן קומען אָן צו אַזאַרט, צו קאָרטן, איז דאַמאָלט ביי זיי אַלץ נישט אין אָרדנונג... זי האָט אָבער קיין וואָרט נישט גערעדט, קיינמאָל זיך נישט אַרויסגערעדט, כאָטש זי האָט געוואוסט, אַז ביי איר ערשטער בייזער מינע וועט עס אויפהערן...

ניין! זי וויל, ער זאָל אַליין אויפהערן, זי וויל ער זאָל דערפילן דעם דרך־ארץ צו זיך אַליין און צו איר...

אויב ער אַליין וועט דאָס נישט דערפילן, וועט שוין גאָר נישט העלפן.

און ער האָט געשפּילט, שוין נישט נאָר אין שטוב ביי זיך, שוין ביי פרעמדע, אין פאַרבאָרגענע קלובן, אין פאַרדעכטיגע ערטער.

אין גרויען לאָנדאָן, ווערן אין אַזאַרט אַריינגעצויגן אַ סך מער מענטשן, ווי ערגעץ אַנדערש־וואו. די שווערע פאָגע פון ווינטער יאָגט דער צו.

ער איז געוואָרן צעשטרייט, צעטומלט און בלייך. אַ סך מאָל נישט געקומען שלאָפן — איינמאָל איז ער געקומען, ווען דורך די לאָדנס האָט זיך דער טאָג געריסן. זי האָט זיך געמאַכט, אַז זי שלאָפט, נאָר ווען זי האָט דערהערט זיין זיפץ האָט זי אויפגעעפנט די אויגן און געפרעגט מיט אַ שמייכל:

— אַ סך פאַרשפּילט ?...

האָט ער זיך אָנגעהויבן מתודה זיין, ווי אַ פרומע יידענע און אין אַ רגע פון גרויס אויפריכטיקייט האָט ער זיך אָנגערופן צו זיין ווייב:

— דו ווייסט, מילי! דו ווייסט, וואָס איך וועל טאָן? איך וועל אָפּשרייבן אַלץ, וואָס איך פאַרמאָג אויף דיין נאָמען. דאַמאָלט ווען דאָס געלט, וועט זיין ביי דיר, וועל איך דאָך אודאי נישט שפּילן.

— ניין, — האָט זי געענטפערט, — ס'איז דיין געלט און דיין ווילן, וועסטו נישט האָבן, קיין ווילן, וועסטו קיין געלט נישט האָבן, קיין ווייב, קיין קינד, קיין רו...

— איך גיב די האַנט, אַז איך וועל מער נישט שפּילן.

— ניין! גיב זיך אַליין דאָס וואָרט...

עס האָט אויפגעהערט מיט די קאָרטן.

אָבער...

מיט דעם איז נאָך דער ביטערער כּוס נישט אויסגעטרונקען.

דאָס שרעקליכסטע איז געשען:

זי האָט זיך דערוואוסט, אַז דער מאַן אירער פירט זיך אַרום מיט איינער פון זיינע אָנגעשטעלטע.

אין יענעם טאָג איז זי אַ סך געשטאַנען ביים שפּיגל. פריער פאַר אַלץ האָט זי זיך אַליין געוואָלט אָבשאַצן, צי זי האָט נאָך עפּעס אַ ווערט אַלס פרוי. זי האָט זיך דערפרייט: די אויגן יינג. קיין איין קנייטשעלע נישט אויפן פּנים... יאָ, זי איז נאָך יינג, זי וויל נאָך לעבן.

זי האָט געליטן אין זיך. ווי יעדע פרוי לייט פון אַזאַ באַליידיגונג. זי האָט אָבער נישט געוואָלט קיין סקאַנדאַלן. ניין! ביי איר וועט דאָס נישט זיין. די שכנים וועלן גאָרנישט וויסן, צו קיין פּראָצעס וועט נישט דערגיין, די צייטונגען וועלן זייערע נעמען נישט צעשמירן... יאָ, ווער איז זי, די קאָנקורענטן אירע?

און זי האָט לאַנגזאַם מיט אַלע פאָרזיכטיקייטן גענומען אויספאָרשן:

דאָס איז געווען אַ געל יידיש מיידל פון ווייטשעפּל, געל, רויט... אַ געמישטן קאָליר האָט איר קאָפּ געהאַט, אַ חוצפּהדיקן פּנים, וואָס האָט גערייצט די מענער... דאָס מיידל פון ווייטשעפּל האָט שוין געהאַט אַזאַ סיסטעם: אַריינבאַקומען זיך אין אַזאַ רייכן אָפּיס און פאַרדרייען דעם שעף דעם קאָפּ...

איצט איז געפאַלן דער גורל אויף האַררי גאָלד...
און ווען האַררי איז פאַרנאַכט אהיים געקומען, האָט זי
זיך צו אים אָבגערופן:
— האַררי! איך וועל דעם יום־טוב פאַרברענגען ביי מיין
שוועסטער אין גלאַזגאָ.
— וואָס איז דיר איינגעפאַלן מיט אַמאָל?
— עס האָט זיך מיר פאַרבענקט, שוין לאַנג זיך נישט
געזען מיט איר.
גוט! אויב דו ווילסט אַזוי שטאַרק...
— די קינדער וויל איך אויך מיטנעמען...
— וואָס? די קינדער אויך, ווילסט מיר ליידיק מאַכן
די שטוב?
— יאָ, די קינדער אויך, מיר איז שווער זיי דאָ איבער־
לאָזן...
— און מיר וועט שווער זיין, ווען דו וועסט זיי אַוועק־
פירן.
— וועסט זיך טרייסטן...
ביי דער פראַגע האָט האַררי עפּעס פאַרשטאַנען, עפּעס
דערפילט און געוואָרן אמורויק.
אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, אַ בליק פאַר אַ בליק, זיי האָבן
זיך דערריעט צום עיקר.
אדם האָט אודאי אַזוי פאַרשעמט נישט אַראָפּגעלאָזט זיין
בליק, בעת מען האָט אים פון גן־עדן אַרויסגעיאָגט... האַררי
גאָלד האָט קיין וואָרט נישט געענטפערט.
זי איז אים נישט געקומען פאָרוואַרפן, וואָס ער נאַרט
איר. ניין! זי האָט אַפּעלירט צו זיין אַמביציע. די, מיט וועלכע
ער פירט זיך אַרום, דאָס געלע מיידל פון ווייטשעפּל, זי זוכט
געלט... — זי האָט דיך ליב? פאַרגעס פון ליבע! דו האָסט
צופיל געלט און שטענדיק וועט דיין געלט דאָ שפּילן נישט די
קלענסטע ראָל.
ער האָט זיך פאַרלוירן דערפאַר, ווייל אַנשטאָט צו רעדן
פון זיך, רעט זי נאָר פון אים. און גערעט האָט זי אַזוי רויק

אַזוי זיכער און אָן אַ פּאַרוואָס: ער האָט דערפילט, אַז זי איז טויזענט מאָל גערעכט...

ווען דער צוג איז אַוועקגעגאַנגען, זי מיט די קינדער זענען אָבגעפאָרן, ווען ער איז געקומען אַהיים און אַלע צימערן זענען אים ליידיק געווען...

דאַמאָלט האָט ער זיך דערשראָקן פאַר דער ליידיקייט, ער האָט זיך דערשראָקן, טאָמער קומט זי שוין נישט צוריק, זי מיט די קינדער. ער האָט זיך דערפילט שולדיק און נישטיק, ער האָט זיך דערמאָנט, ווי שען זי האָט אויסגעזען אויפן וואָקזאַל, ווי רויק, ווי זיכער זי האָט געקוקט אויף אים. ביין אַזוי קוקט נישט אַ פרוי, וועלכע מען פאַרבייט אויף אַ געל מיידל פון ווייטשעסל... עפּעס העכער, שטאָלצער, איידעלער. ער האָט דערפילט, אַז אָן איר איז ער אַזוי, ווי גאָרנישט...

און ער האָט נישט אויסגעהאַלטן: מיטן צווייטן צוג איז ער אַליין שוין געלאָפן קיין גלאַזגאָ.

# דער סאַמאָוואַר

אַ גרויסער אַלטמאָדישער סאַמאָוואַר, וועלכער איז פון טיש ניט אַראָפּגעגאַנגען. דער סאַמאָוואַר איז געווען, ווי אַ מיטגליד פון דער משפחה, אַפילו אַ נאָמען האָט ער געהאַט. מען האָט אים גערופן: „דער מוזיקאַנט“.

— ברענג אַריין דעם מוזיקאַנט!

— וואָס שווייגט דער מוזיקאַנט?

דאָס איז געווען שוין איינמאָל אַ סאַמאָוואַר. ווי נאָר ער פלעגט זיך גוט דערוואַרעמען, פלעגט ער נעמען שפּילן, זינגען אונטערן נאָז, ווי איינער ציט אַ ניגון צווישן די ציין, אַ מע-לאַנכאָלישע מעלאָדיע. ניין! שווער צו כאַפּן דאָס וואָרט... דאַכט זיך, בינען זשומען, אָדער אַ מוסולמאַנין שטייט אויפן שפּיץ פון אַ מינאַרעט און דאַווענט צום הימל.

אַ מאָל שטילער, אַ מאָל העכער. אַ געזאַנג פון נאָך אַלע-מען, אַ טרייסט פון אַן אַלטן צדיק...

ער האָט זיך צוגעפּאַסט צו אַלע שטימונגען אָדער די שטימונגען פלעגן זיך צופּאַסן צו אים. שטענדיק... אין די זו-מערדיקע הייסע טעג, ווען די לופט זינגט פון זיך אַליין, דאַ-מאָלט פלעגט ער מיטזינגען, ווי אַ שותּף צו אַלע ניגונים. ווינ-טער-צייט, ווען די טיר און לאָדן איז צוגעמאַכט, ווען דער מענטש פרייט זיך אומבאַוואוסטזיניג מיט דעם, וואָס ער פאַרמאָגט, אַ וואַרעמע היים, אויף צו להכעיס דעם ווינט דעם קאַלטן... דער סאַמאָוואַר, דער היימישער מוזיקאַנט פלעגט ציען זיינע מעלאָד-יעס אין וועלכע עס האָט זיך געפילט אייביקייט און אונטער-

גאַנג, אַ סך מער טרייסט, ווי אומעט און אַ סך מער אומעט, ווי פאַרלאַנג...

אָן אַלטע יידישע משפּחה. דער זיידע איז געווען אַ ניי־קאָלאַיעווסקער סאָלדאַט, דאַכט זיך, אַז אַ סימן פון דער גוטמו־טיגער גראָבּ־זעלנערישקייט איז דאָ נאָך פאַרבליבן. דער טאַטע רעט, ווי אַ קאַצאַפּ אויפן באַס, די פּלייצעס פון דער גאַנצער משפּחה זענען ברייט. אַלע זענען פריי אין די באַוועגונגען, פריי אין אַ וואָרט, דער טאַטע טראָגט דעם נאָמען: מאָיסיי איזראַעלעוויטש, די צוויי זין: יאַקאָב מאָיסעעוויטש. און איסאַק מאַיסעעוויטש די מאַמע זעט אויס, ווי אַ באָיאַרינע פון יעקאַ־טערינעס צייטן און די טאָכטער לידיאַ מאָיסעעוונאַ, זי רעכנט זיך פאַר דאָס שענסטע מיידל פון טאַמבאָוו, די רייכסטע איז זי אַ ודאי. ס'איז אַ רייכע שטוב...

ווען מען זעצט זיך אַרום סאַמאָוואַר מיט דער גרעסטער זאָרגלאָזיקייט, דאַמאָלט פילט זיך, אַז דאָס איז אַ שטוב מיט רחבות. דאָ פלעגט קומען אַפילו אָפט דער גובערנאַטאָר צו גאַסט. די זין מיט דער טאָכטער זענען מיט דעם נישט צופרידן געווען:

— רעאַקציע, ביוראָקראַטיע...

אָבער די אַלטע זענען גליקליך געווען פון אַזעלכע ווי־זיטן. אַ קלייניקייט! דער גובערנאַטאָר אַליין, און נאָך אַזעלכע הויכע באַאַמטע, מען האָט געשפּילט אַ „וויסט” און געטרונ־קען טייערן „ראָם” און ער, דער מוזיקאַנט, דער סאַמאָוואַר האָט געטון דאָס זייניגע: געמורמעלט, און געגעבן די אמתע שטימונג.

ווען די קינדער זענען אויסגעוואַקסן, האָבן זיי גענומען אַנטלויפן פון דער היים. געלעבט אין מאָסקווע און געלערנט אין אויסלאַנד. די עלטערן פלעגן בלייבן אַליין, אין די גרויסע חדרים מיט אַ סך רייכקייט, אָבער די איינזאַמקייט פלעגט זיך פילן. פלעגט זיך פילן ביז דער סאַמאָוואַר פלעגט קומען אויפן טיש:

— עך, אַלטע! אָט אַזוי איז דאָס לעבן, קינדער וואַקסן אויס און גייען אַוועק. גיב, דאָראָגאַיאַ, אַביסל קאָנפיטורן...

אַזוי פלעגן זיי זיצן אין די ווינטערדיקע צוגעשלאָסענע אָוונטן און גערעט וועגן דער טאָכטער לידיאַ, וועגן די זין... געציילט די חדשים, די וואָכן, די טעג — די קינדער זאָלן שוין קומען. אין אַזעלכע שעהען פלעגט זיך דער סאַמאָוואַר צעלאָזן אויף זיינע בעסטע טענער. דעם גאַנצן ווינטער, די גאַנצע אומהיימליכקייט, וואָס האָט געלויערט אונטער די פענצטער, אַלץ פלעגט דער מוזיקאַנט פאַרצוקן און עס פלעגט בלייבן איין מעלאָדיע, זיין מעלאָדיע, אַ ניגון, וואָס איז געגאַנגען פון אַ מעשענעם בויך, אַ ניגון, וואָס האָט געגלעט די נשמה, אַפילו דאַמאָלט שוין, ווען די גאַנצע שטוב איז געשלאָפן, איז ער נאָך געשטאַנען אויפן טיש און געמורמעלט, ווי אַ בין וואָס האָט זיך ערגעץ באַהאַלטן אין אַ שפּאַלט אונטערן הויוון... וועלט, לעבן, טויט... גאָרנישט. דאָס ביסל וואַרעמקייט, וואָס דער מענטש האָט ביי זיך אין דער היים — דאָס איז אַלץ. דאָס באַרויקטע ביסעלע געדאַנקען — דאָס איז אַלץ. דורות זענען שוין געווען און פאַרגאַנגען, דורות נייע וועלן קומען און אויך פאַרגיין, אַביסל לעבן איז דעם מענטשן באַשערט און נאָך אים איז גאָרנישט, גאָרנישט... אָבער דאָס דאַרף נישט זיין שרעקליך. עס איז פאַראַן אַביסעלע הנאה פאַר יעדערן אין זיין קורצן וועג. דער „מוזיקאַנט" פלעגט פון דעם שטילערהייט דערציילן...

זענען פלוצלונג געקומען גרויסע געשעענישן. מען האָט אויפגעריסן די טירן פון די זאַטע הייזער, מען האָט צוגענומען די אָנגעזאַמלטע רייכקייט.

דער סאַמאָוואַר איז נאָך געשטאַנען אויפן טיש, אָבער נישט אַלע מאָל איז שוין געווען צוקער זיס צו מאַכן דעם טיי.

עס איז געקומען אַ נייער ווינטער. דער ווינטער נישט בייזער פאַר זיינע פריערדיקע ווייסע ברידער, אָבער די מענטשן זענען בייזער געוואָרן, שוין נישט די זעלבע מענטשן...

דער „מוזיקאַנט" איז געבליבן ווי פריער אַ גוטינקער, אַ געהאָרכזאַמער, זיין גלאַנציגער בויך איבער דעם גאַנצן טיש,

זי אַ אַלטער שטיפער, וועלכער שטאָלצירט מיט זיין גרויסבייכי־
קייט. אַ מעשענער בויך מיט אַ ריינעם גלאַנץ, אין וועלכן יע־
דער האָט זיך געקענט שפּיגלען. דער סאַמאָוואַר איז געבליבן,
ווי אַ אָנדענק פון אַמאָליגן גלויבן, ווי דער גלויבן אַליין. ווער
ווייסט, ווי די צימערן פון דעם דאָזיקן הויז וואָלטן אויסגעזען
אָן דעם סאַמאָוואַר, ווער ווייסט צי די מענטשן וואָלטן אויסגע־
האַלטן... אַ מאָל שפּילט דאָך אין אונדזער לעבן אַזאַ גרויסע
ראָלע אַ קלייניקייט, אַ סך קלענערע קלייניקייטן, ווי דער סאַ־
מאָוואַר איז געווען, דאָ ביים טיש האָט מען גערעט וועגן רוס־
לאַנדס לעבן און רוסלאַנדס לעבן איז דאמאָלט געווען דער טויט...

דער טויט האָט געשפּרייזט פון שטאָט צו שטאָט. שווידער־
ליכע געשיכטעס פון פאַרניכטונג... אָבער דער סאַמאָוואַר, דער
„מוזיקאַנט" האָט עס אַלץ פאַרזונגען, פון אים איז געגאַנגען
אַ וואַרעמקייט, צו אַלעמען, צו יעדן איינעם באַזונדער, צו יע־
דערנס אָנגעשראָקענע נשמה.

דאָס איז נישט געווען קיין מוזיק פון רעזיגנאַציע, קיין
רוף צו גלייכגילטיקייט, דאָס איז געווען אַ פאַרוויגונג, עפּעס אַ
מונטערע טרויעריקייט, אַן אָנרעגונג צו וועלן ליידן, ווייל אָן
ליידן איז קיין פרייד נישטאָ... דער „מוזיקאַנט" איז געווען
דער איינציגער אין יענע טעג, וועלכער האָט האָפנונג געגעבן...
אין יענע טעג פון צערשטערטע נעסטן.

און די דאָזיקע נעסט פון גוטמוטיקע מענטשן איז אינ־
גאַנצן צעשטערט געוואָרן. די צוויי זין יאַקאָב און איסאַק
האָבן זיך אויסגעקליבן צוויי באַזונדערע וועגן. איינער איז אַוועק
צו די „רויטע", דער צווייטער צו די „ווייסע"

לאַנגע טעג און נעכט האָט מען דאָ דיסקוטירט בייס טיש.
טאַטע־מאַמע האָט זיך צוגעהערט און געציטערט האָבן זיי פאַר
זייערע קינדער:

— וואו לויפט איר, וואוהין רייסט איר זיך?

— ראַטעווען רוסלאַנד, האָט איינער געענטפערט.

— איבערקערן די וועלט, אַ ניי לעבן באַשאַפן, האָט גע־
ענטפערט דער צווייטער.

דאָס זענען געווען די לעצטע טעג פון זער אידיליע.

דער „מוזיקאַנט" האָט געצויגן זיין אַלטן ניגון:

— בלייבט דאָ, בלייבט דאָ ביי דאָס ביסל וואַרעמקייט. איך וועל אייך נישע לאָזן אַריינפאַלן אין אַ מעלאַנכאָליע... עס איז קאַלט אויף דער וועלט, דער פראָסט איז צו די מענטשן אין די הערצער אַריין: זיי האָבן קליינע בוכהאַלטערישע חשבונות, דו פאַרמאָגסט, איך פאַרמאָג נישט. דו האָסט צופיל געגעסן, ווען איך בין הונגעריק געווען... קליינע חשבונות מיט די קרעמעלעך פון לעבן, מען רייסט זיך אַרום און מען קאָן זיך נישט אויסגלייכן און אָט האָבן זיי געגומען מאכן די חשבונות מיט קוילן, מיט האַרמאַטן, איינער שיסט אין צווייטן און ביידע פילן, אַז זיי זענען הייליג־גערעכט, דער מענטש באַדאַרף נישט זיין קיין מענטש פון קויל און שווערד, בעסער איז טויטן דאָס שלעכטס, איידער דעם מענטשן טויטן... דאָ, אין שטוב האַלט זיך צעזאַמען אין ביזן ווינטער, ווי אויף אַ וואַרים אינזעלע. פון צייט צו צייט כאַפן זיך דאָ אַרויף פיראַטן, זיי ראַבעווען, זיי שרעקן, אָבער ווי זיי גייען אַוועק הערשט דאָ ווידער שטיל...

בלייבט!

קיינמאָל האָט נאָך אַזוי האַרציג דער סאַמאָוואַר נישט געמורמעלט. און עס קאָן זיין, אַז צוליב אים זענען די צוויי זין אַביסל צייט נאָך געבליבן אין דער היים. ער האָט די מענטשן פאַרוויגט, ער פלעגט צושמידן די מענטשן צום טיש מיט זיין מאָנאַטאָנעם ברומען...

און געווען איז דאָס צוגעפּאַסט צו יענע קורצע ווינטער־דיקע טעג, צו יענע ווייסע פאַרשאָטענע הייזער און גאַסן, וואָס פלעגן זיך זען דורכן פענצטער, צו יענעם שרעק און אַנגסט, וואָס איז געהאָנגעז דאַמאָלט איבער אַלעמענס קעפּ. יעדן טאָג פלעגן קומען אַנדערע מענטשן און עפּעס צונעמען פון לאַנג געזאַמעלטן האָב און גוטס, יעדן טאָג אַ נייע גזירה... דערנאָך...

איין אומגליק נאָכן צווייטן. די רויטע האָבן דערשאָסן

דעם „ווייסן" איסאַק, ווייל ער איז געווען אַ קאָנטער־רעוואָלוצי־יאָנער און די ווייסע האָבן דערשאָסן דעם „רויטן" יאַקובֿ, ווייל ער איז געווען אַ רעוואָלוציאָנער. דער אַלטער האָט נישט אויסגעהאַלטן, אַ האַרץ־שלאַג האָט געמאַכט אַ סוף צו זיינע יסורים. .

זענען געבליבן אין שטוב צוויי פרויען, צוויי שאָטענס. אַן אַלטער שאָטן און אַ יינגער שאָטן. ביידע זענען זיי אַזוי ווי שטום געוואָרן פון ליידן און וויינען.

זייער היים... מיט די פאַרפרוירענע פענצטער, אַזוי ווי אַן אייז־קבֿר. אָן אַ טרייסט־וואָרט, אָן פריינדליכקייט פון די שכנים האָבן זיי אַרומגעבלאָנזשעט אין די צעשטערטע חדרים און שוין אויף נאַרנישט געוואַרט. דער אַלטער איוואַן דער הויז־באַדינער, ער דער איינציקער, וואָס איז זיי געבליבן טריי, ער פלעגט פאַרקויפן שטוב־זאַכן און ברענגען ברויט, צוקער... נו, און דעם סאַמאָוואַר פלעגט ער אַרויפשטעלן אויפן טיש...

אין די שרעקליכסטע ווינטער־נעכט, ווען די שרעק האָט געלויערט אין יעדער שאָרך פון דער נאַכט, אין שניי־שטורעמס און אין עכאָ פון אַ ווייטער שיסעריי... דער סאַמאָוואַר... ער האָט ווידער געצויגן זיין מאָנאַטאָנע מעלאָדיע און צעוואַרעמט די טויטע סבֿיבֿה. שטום האָבן געקוקט אויף אים די צוויי פרוי־ען און שטום געוויינט...

אַלץ אַרום טיש האָט אַזוי, ווי געוואַרט, יעדער שטול האָט געוואַרט, דער סאַמאָוואַר, די צוויי פרויען־שאָטענס, אַן אַלט בילד אויף דער וואַנט... אַלץ האָט געוואַרט.

אָט באַלד וועלן קומען די איבעריקע פון דער משפּחה, די שוין פאַרשוואונדענע אויף אייביק...

באַלד וועלן אַלע קומען און עס וועט ווערן היימליך, ווייל דער זינגער, דער סאַמאָוואַר פלעגט ברענגען די שטימונג פון אַמאָליקע גוטע צייטן, ביז האַרץ־רייסענד פלעגט זיך דאָס פילן... נאָר דער מוזיקאַנט האָט געשפּילט און די איבעריקע שטולן זענען ליידיק געבליבן...

איינמאָל האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טיר. די צוויי פרויען

האָבן זיך נישט דערשראָקן, וואָס צום פאַרלירן האָבן זיי שוין נישט געהאַט. מען האָט די טיר געעפנט און עס זענען אַריין מענטשן מיט ביקסן, מענשן פאַרשנייטע, מענטשן משונהדיק אָנ־געטון מיט שעפסענע היטלען אויף די קעפּ. בייזע פון פראָסט און קעלט און מונטערע פון דעם, וואָס זיי האָבן געפּאַקט עט־ליכע וואַרעמע חדרים...

— ווייבער! מיר וועלן דאָ בלייבן ביז מאָרגן, מיר וועלן אייך גאָרנישט טאָן, מיר זענען רעוואָלוציאָנערן. מיר ליגן שוין אין פעלד עטלעכע טעג צוליב דעם אַנטאָנאָוו... מיר וועלן אים ווייזן, ווי צו קעמפן געגען דער מאַכט פון די אַרבייטער.

און זיי האָבן זיך צעלייגט און אויסגעזעצט זיך אין דעם גרויסן חדר. וואו דער סאַמאָוואַר איז געשטאַנען. אויפן טיש האָבן זיך באַוויזן עטלעכע פלעשלעך בראָנפן און אַ קני פון אַ חזיר, ברויט, צוקער, עס איז אַוועק אַ זעלנערישע סעודה מיט בראָנפן, מיט שטאַרקע ווערטער... די צוויי פרויען זענען אַנ־טלאָפן פון שטוב. עס איז געבליבן איין „נפש„ מיט זיי: דער סאַמאָוואַר... מען האָט אים כסדר דערגאָסן און ער האָט כסדר געמורמעלט...

ביז פאַרטאָג...

פאַרטאָג זענען אַרום טיש געזעסן געציילטע זעלנער. שי־כורע מענטשן האָבן זיי גערעט צו זיך אַליין, צו די ווענט, צום סאַמאָוואַר:

— וואָס בורטשעסטע כּסדר, מעשענע חיה!

— בורזשוי, די בענקסט נאָך דיינע בעל־הבתים...

— בורזשוי, בויך...

— בלוטזויגער...

זיי האָבן געקוקט מיט תּמעוואַטע אויגן אויף זיין מעשע־נעם שפּיגל־גלאַנץ, דעם צונג אים באַוויזן און גענומען שפּייען אויף דעם „מוזיקאַנט״

— מאָרדאַ! און אַ שפּיי...

— גענעראַל גובערנאַטאָר! און אַ שפּיי...

— מערזאַוועץ! און ווידער אַ שפּיי...

די פליסיקייט האָט געשיפּעט אַ רגע אויף דעם אָנגעגליטן מעש און אויפגעהערט. די לעצטע זעלנער זענען אויך איינגע־שלאָפן. אויף דער פּאָדלעגע, אַרום טיש, אונטערן טיש, מענטשן האָבן געכראָפּעט און געסאַפּעט, נאָר ווען עס פלעגט אַביסל שטילער ווערן, פלעגט זיך לאָזן הערן דער סאַמאָוואַר מיט זיין אַלטן, וואַרעמען ניגון. אַן פּ־אָטעפּט, אַן פאַרלאַנג, א ניגון, אַ גוטער האַרציגער טרייסט־ניגן אין דער וויסטער נאַכט אַריין...

# אַ שמועס

פון נאַכט־רעסטאָראַן איז מען אַרויס זאַלבעדריט. בּע־רעיסקי מיט זיין יונגער כּלה און גאַנסער — בּערעיסקיס איינ־קער באַגלייטער, זיין פּאַרטרויטער, זיין פריינט.

איינע פון די ערשטע ווינטער־נעכט מיט אַ סך ווייסקייט, מיט דער יונגסטן שניי, וואָס מונטערט יעדן און זאָגט עפּעס צו... וואָס זאָגט ער צו דער ווייסער שניי? נאָכמער ווייסקייט, נישט מער ווי ווייסקייט. דאָס מיידל, די כּלה, דאָס מיידל מיט דעם נאָמען אַלאַ, זי האָט געהאַלטן די מענער אונטער די הענט, זיך אָנגעהאַנגען אויף זיי און געוואָלט זיך גליטשן, אָבער דער שניי איז צו קלעפּיק געווען און אירע פיס אין די באָטן האָבן זיך כּסדר געשטעלט צוריק. זי האָט צו ביידע מענער געשמייכלט, צו ביידן געלאַכט, אַזוי האָט אויסגעדוכט: ביידע זענען אירע חתנים, אָדער ברידער, אָדער די בעסטע פריינט.

די שפּעטיקייט פון דער נאַכט האָט זיך געלאָזט פילן אויף די איינציקע דראָשקעס און די אויטאָמאָבילן, און אויף די געציילטע מענטשן... דאָך איז עפּעס געווען אַ ליבע מונטער־קייט אין דער גרויסער באַפרייטער ליידיקייט פון דעם קוואַד־ראַט־לאַבירינט, וואָס רופט זיך: שטאָט און גאַס...

באַשטימט איז אין דער מונטערקייט שולדיק געווען דער שניי. ווייסקייט איז געפאַלן אויף ווייסקייט און די ווייסקייט האָט פאַרשאָטנט אַלץ, די קאָלירטע רויט־גרינע רעקלאַמע־פייערן, די קאָלירן די בונטע פון די באַלויכטענע שוי־פענסטער, די טונקל־שוואַרצע טויערן פון גרויסע פאַרשלאָסענע מויערן.

זעט עס נישט אויס דאָס גאַנצע ווייסקייט־שפּיל, אַז נישט

פֿאַר אונז דערוואַקסענע, קלוגע, איבערגעקליגטע ביז נאַרישקייט, איז נישט פֿאַר אונז פֿאַלט דער שניי. מען בעדאַרף אויפוועקן די קינדער די נאַאיווע, זיי זאָלן זיך שפּילן, זיי זאָלן עס נעמען אַזוי ווי דאָס איז... ווייסע פֿרייד...

אָבער די גרויסע שפּרייזן און מאַכן אַלץ ערנסט מיט זייערע שווערע טריט, מיט זייער לאַכן און שפּאַסן אפילו מאַכן זיי אַלץ ערנסט.

מען איז נאָר-וואָס אַרויס פֿון רעסטאָראַן. אין די אויערן האָבן זיך נאָך געקייקלט די טענער פֿון דער היינטיקער קעצישער מוזיק, אויף די ליפּן איז נאָך געלעגן דער טעם פֿון לעצטן קאָניאַק-טראָפּן, וועלכן מען האָט פֿאַרטרונקען מיט שוואַרצן קאַווע. מענטשן האָבן זיך געפֿילט גוט, אויפגעלייגט.

עטלעכע מאָל האָבן זיי אַלע דריי מיט אַמאָל געלאַכט, אַביסל צו הויך געלאַכט, אָבער די דריי זענען דאָך אַרויס פֿון א נאַכט-רעסטאָראַן, מען טאָר צו מענטשן קיין טענות נישט האָבן. כאָטש די נאַכט-גאַס האָט אַזוי ליב די שטילקייט און יעדער העכערער טאָן גרילצט איר אין דער נאַכט-נשמה אַריין.

זיי זענען געגאַנגען צופֿוס, ווייל עס האָט זיך געוואָלט שפּרייזן. איצט, ווען אַלע קאַרניזן פֿון די הייזער, אַלע באַלקאָנען, אַלע ראַמען פֿון די פֿענצטער, — אַלץ איז געווען פֿאַרשנייט און דער שניי איז געפֿאַלן אויף די עלעקטרישע רעקלאַמע, אויף די אויטאָמאָבילן, אויף די געציילטע פֿאַרבייגייער. עס האָט זיך געוואָלט שפּרייזן, ווייל שפּרייזנדיק האָבן זיי ביסלעכווייז אויסגעלאָדן פֿון זיך דעם טשאַד פֿון רעסטאָראַן...

ווען מען איז צוגעגאַנגען צום טויער, וואו פֿאַננאַ אַלאַ וואוינט, איז שוין נישט געווען אַזויפֿיל מונטערקייט און רייץ בײַ די אַלע דריי.

אַלאַ האָט געקלונגען.

דער טויער האָט זיך געעפֿנט. זי האָט האַסטיק צוגעוואָרפֿן איר „גוט-נאַכט", נאָך עפּעס א וואָרט, נאָך א האַלבע פֿראַזע און דער טויער איז שוין פֿאַרמאַכט. די צוויי מענער זענען געבליבן אַליין און זיי האָבן איצט געשטעלט נאָך קלע-

נערע טריט ווי פריער. די הענט זענען איצט ביי זיי פריי גע־
ווען, אָבער עס האָט עפּעס געפעלט. פריער איז צווישן זיי
ביידן געווען... דאָס לעבן, אַ יונגע דופּטיקע פּרוי איז גע־
האָנגען צווישן זיי ביידן, די הענט זייערע האָבן נאָך געפילט
אַ געשמאַקן ווייטאָק פון אַלאָס שטיפעריישע אָרעמס...

אַזוי ווי דער פרילינג אין מיטן ווינטער, אַזוי ווי אַ
שענע בלום אונטער דער גלאָז פון אַ פאַרפרוירענעם שניי־
פענסטער, וואָס שמייכלט צו להכעיס דעם פראָסט.

דאָס מיידל איז שוין נישט געווען...

איצט: צווישן זיי און אַרום זיי... ליידיק, ווייס און מע־
לאַנכאָליש ליכט פון דער ווייסער לאָמפּן-ליניע.

דער שניי פאַלט. ווען אַזעלכע צוויי בלייבן שטיין אַ לענ־
גערע צייט ווערט פון זיי צוויי זיילן שניי...

אָבער זאָל זיך שווייגן די נאַכט, מיט די באַזילבערטע
גאַס-קאָרידאָרן, זאָלן שווייגן די אַלטע הייזער, די נידעריקע
איינגעהויקערטע מיוחסים מיט די גרויסע הייזער, די אויפגעקו־
מענע קוואַדראַט-הייזער... זאָל שווייגן אַלץ, וואָס ס'איז פון
שטיין און ציגל, פון שטאָל און פון אייזן.

מענטשן האָבן שטענדיק וועגן וואָס צו רעדן, ווייל
שטענדיק קלאַפּט דאָס האַרץ.

צוויי שפּרייזן אַ לענגערע צייט שווייגנדיק. ביז איינער
פון זיי רופט זיך אָפּ:

— ווי געפעלט זי דיר? פון טאָג צו טאָג ווערט זי שע־
נער. דער צווייטער ענטפערט:

— און מיר ווערן עלטער...

— דו נעמסט שוין ווידער קראַקען, ווי אַ שוואַרצע קראָ,
גאַנסער! היינט וועט עס דיר גאָרנישט העלפן, די נאַכט איז
צו-ווייס.

— תכריכים זענען אויך ווייס...

בערעיסקי לאַכט זיך פונאַנדער, ער וויל, ווייזט אויס,
אַנטוואָפּענען זיין חבר מיט דעם זעלבן געלעכטער:

— מלאך־המות, קברים־גרעבער, תהלים־זאָגער... וואָס ווילסטו פון מיר?

— גאָרנישט, גיב אַ פּאַפּיראָס!

ווידער אַ שווייגעניש.

און אַז מענטשן ווערן שווייגנדיק און ערנסט, ווערט דאָס ארומיקע אויך אַזוי. דער שניי פאַלט נאָך ווי פריער, עטלעכע פליטערלעך פאַלן ביי בערעיסקען אויף דער נאָז און זיי בייסן זי קאַמאַרן, ביי גאַנסערן פליט אַ שנייעלע אין טיפן קאָלנער אריין, ער דערלאַנגט אַ ציטער...

ביי דער באַלויכטענער „אָאַזאַ” שטעלט זיך אָפּ אַן אויטאָמאָביל. עס שפרינגט אַרויס אַן עלטערער אָפיציר, שלאַנק, פעסט געבויט, אָבער דער קאָפּ שוין גרוי און די אויגן,—מען זעט שוין נישט, וועלכן קאָליר די אויגן האָבן אַמאָל געהאַט. דער אָפיציר שטרעקט אויס די האַנט און פון אויטאָמאָביל קריכט אַרויס אַ שמייכלדיקע פרוי, אַ בידעריקע, אַ יינגע, אַ אונרויק קעצל, אַ קעצל, וואָס לאַכט אַריין אין שניי, וועלכער פאַלט כסדר.

באַלד ווערט דאָס פּאָרל פאַרשוואונדן אין באַלויכטענעם רעסטאָראַן.

גאַנסער קוקט זי נאָך און ווען ער זעט זיי שוין נישט רופט ער זיך אָפּ:

— אָט דאָס הייסט געלעבט!

זיין חבר בערעיסקי קוקט אים אָן:

— זיי ביסטו אויך מקנא?

— זיי יאָ און דיך נישט...

בערעיסקי ווערט ערנסט, אָבער ער איז נישט בייז. ער רעדט:

— איך פארשטיי דיך, דו וואַרפסט שטענדיק שטיינדלעך אין מיין גאָרטן, זינט איך האָב באַשלאָסן חתונה צו האָבן. איך פאַרשטיי דיר, דו ווילסט נישט פאַרלירן אַ חבר, וועלכער...

— וועלכער צאָלט אין רעסטאָראַן, וועלכער באָרגט געלט, רעד, רעד!

מייזט־אויס, אז אַזעלכע שמועסן האָבן זיי שוין געפירט צווישן זיך, ווייל קיין איינער פון זיי באַליידיקט זיך נישט און דער ערשטער, בערעיסקי, רעדט ווייטער:

— האָסט אָנגעוויזן אויף דאָס פּאָרל, וועלכעס איז אַריין אין „אָאַזאַ". אַ נייעס ביי מיר! אין פּאַריז, אין ווין, אין ניו-יאָרק, איך האָב געהוליעט אין די גרעסטע וועלט-צענטערן, איך בין מיד פון דעם, איך וויל פּאַרזוכן אַן אַנדער לעבן, איך בין איצט אַכט און פערציק יאָר...

— ניין און פערציק, — רופט זיך אָן גאַנסער.

— עס פעלט נאָך אַ חודש...

— וועסט שוין פאַר דעם חודש קליגער נישט ווערן.

זיי האַלטן זיך אונטער די הענט די צוויי מענער, אפשר פון געוואוינהייט און אפשר דערפאַר, ווייל עס איז געוואָרן אַביסל גליטשיק. זיי גייען און צעטרעטן דעם פרישן שניי. קיין ציל פאַר זיך האָבן זיי נישט, אַהיים קלויבן זיי זיך נישט.

מען קאָן שפּרייזן זייער נאָנט און זיין ווייט איינער פון צווייטן, אַזוי זענען איצט געווען די צוויי פריינד. אַסך גאַסן זענען זיי דורכגעגאַנגען.

גאַנסער האָט פון צייט צו צייט געבעטן אַ פּאַפּיראָס, און דאָס זענען געווען זיינע איינציקע ווערטער, דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן דער ערשטער צו רעדן:

— איך האָב דיר אָנגעוויזן אויף דאָס פּאָרל און דערביי אויסגערופן: „אָט דאָס הייסט געלעבט". איך האָב עס נישט געטון דערפאַר, ווייל איך האַלט זיי פאַר די גליקלעכסטע, נאָר דערפאַר, ווייל עס איז קיין ברירה נישט, קיין אַנדער לעבן איז נישט פאַראַן. אונזערס אַ מענטש קען אַנדערש נישט לעבן. אָט דאָס הייסט געלעבט, זאָג איך נאָך אַמאָל, ביז דעם לעצטן טאָג נעמען פון לעבן אַלץ, ביז דער לעצטער נאַכט ביים טיש, אונדזערס אַ מענטש קאָן אַנדערש נישט לעבן און טאָר אַנדערש נישט לעבן.

בערעיסקי שטעלט זיך אָפּ, ער איז פאַרוואונדערט אָדער ער מאַכט זיך פאַרוואונדערט:

— גאנסער! וואָס הייסט עס ביי דיר: אונדזערס אַ מענטש?

יענער האָט זיך צעלאַכט:

— דו ביסט געוואָרן נאַאיוו צוליב דער אלא, אָדער דו מאכסט זיך נאַאיוו, דו האָסט שוין פאַרגעסן אונדזערע געשפּרעכן פון צוויי צענדליק יאָר... אונדזערס אַ מענטש הייסט ביי מיר, אַזעלכער, וועלכער ווייסט קלאָר, אז סוף כּל סוף שטאַרבט מען...

— אַלע ווייסן דאָס...

— ניין! ניין און נײַנציק פּראָצענט פון אַלע וועלט־אי־דיאָטן ווייסן דאָס נישט, זיי טראַכטן, אז דער מלאך־המות וועט זיי נישט באַמערקן, צי זיי טראַכטן דאָס יאָ צי זיי טראַכטן דאָט נישט, אָבער יעדער איינער פון זיי זאַמלט און זאַמלט, ביזן לעצטן טאָג... לאָז זיי צורו, לאָז מיך צורו... אונדזערס אַ מענטש הייסט ביי מיר אַ זעלכער, וועלכער טראָגט גלייך דעם קאָפּ, אַ זעלכער, וועלכער האָט דערפילט דעם שלעכטן בײַגעשמאַק פון היינטיקן פאַמיליען־לעבן.

— אין שענק איז בעסער?

— קיין ברירה נישטאָ... אין שענק איז ווייניקער שקר, ווייניקער באַטרוג...

בערעיסקי ווערט עפּעס מיט אמאָל אויפגעמונטערט, ער האָט געכאַפּט אַ געדאנק, מיט וועלכן ער קאָן זיך פאַרטיידיקן:

— דו פאַרשטייסט, גאַנסער, דאָס, וואָס איך גיי איצט מאַכן איז דאָך אַ פאָרטזעצונג, אַ המשך פון דעם, וואָס איך האָב ביז איצט געטון...

— וואָס הייסט?

— איך גיי ווידער לעבן, איך גיי נעמען דאָס שענסטע. וועסט דאָך נישט אָפּלייקענען, אַז אַלאַ איז איינע פון די וואויל־סטע מיידלעך... זאָל איך, אַזאַ ערפאַרענער שאַרלאַטאַן, דער־לויבן, אז זי זאָל אַריינפאַלן עפּעס צו אַ יונגן שניעק. איך בין דער אמתער מבין אויף איר...

— און וועסט האָבן אַ ווייב...

— איז וואָס?

— אָך און ווי איז צו דיר און צו מיר, וואָס איך באַדאַרף עס הערן...

— און דיינע ניין און פערציק יאָר?

— עס פעלט נאָך אַ חודש...

— און אין דעם חודש זאָל דאָס זיין דיין לויה... דיין חתונה מיין איך?

און גאַנסער האָט זיך פאַנאַנדערגערעט נאָך אַ לענגערן שווייגן:

— ס'איז עפּעס אַ גרויסער שקר אין דער היינטיקער וועלט־אָרדנונג, אין אַלצדינג און איבערהויפּט אין דעם חתונה האָבן. חתונה האָבן אין היינטיקן לעבן איז דער גרעסטער ציניזם, מען מאכט אַ טראַנזאַקציע...

— ווער, איך?

— דו? דו ביזט אַוועק מיטן קאָפּ אַראָפּ, אָבער אַלאַ זי האָט עס גאַנץ גוט אויסגערעכנט.

בערעיסקי האָט קיין וואָרט נישט געענטפערט און גאַנסער האָט ווייטער גערעדט:

— חתונה־האָבן, פאַרבינדן זיך מיט אַ מענטשן...

— הער אויף מיט די פילאָזאָפיעס, האָט בערעיסקי שוין נישט אויסגעהאַלטן.

— ביזט גערעכט, ס'איז נישט מיין פאַך...

צי די נאַכט האָט געווירקט, דער שניי, אָדער אַנדערע סיבות — זיי זענען געצוואונגען געווען צו שווייגן.

דער ערשטער, ווער עס האָט געפונען אין זיך אַ פּאָר ווערטער איז געווען בערעיסקי:

— שטעל זיך פאָר, גאַנסער! ווען דו וואָלסט זיין אויף מיין אָרט, ווען דו וואָלסט אַזוי געלעבט פון גרייטן, ווי איך לעב פון מיין ירושה... געלעבט, געלעבט און אַביסל אָפּגעלעבט. עס פאַרבענקט זיך נאָך עפּעס אַנדערש, נאָך פרישקייט, נאָך ריינקייט, ווען דו אין מיין לאַגע באַגעגנסט אַזאַ אַלאַ... זאָג אליין, עס צאַפּלט דיר נישט די נשמה בעת זי רעדט צו דיר...

— אזא יאָר מיר, ס'אַר אַ מיידל...

— נו, און אַזאַ אַלאַ ווייסט דאָך נישט פון אונזערע פּי־לאָזאָפיעס, פון אונזערע פרייהייטן, אַזאַ אַלאַ, מיט אַזאַ מיידל מוז מען חתונה האָבן מיט אַלע צערעמאָניעס, אַנדערש וועסטו זיך נישט דערשלאָגן צו איר...

— און פאַר וואָס? צוליב וואָס גייט זי חתונה האָבן מיט דיר?

— ווייל איך האָב געלד, הייזער... יאָ, און אַז אַ יינגע גייט חתונה האָבן מיט אַ יינגן, קוקט זי זיך נישט ארום, צי איר באַשערטער איז גוט איינגעאָרדנט... איך האָב געלט, נו איז וואָס? זאָל איך דאָס געלט אַרויסוואַרפן? אַלאַ אַרויסוואַרפן? דאָס לעבן אַרויסוואַרפן...

— טו וואָס דו ווילסט, בערעיסקי! עס וועט קומען אַ צייט וועסט זיך אַליין אַרויסוואַרפן...

— וואָס ווילסטו זאָגן?

— איך וויל זאָגן... איך וויל זאָגן, אַז איך וויל נישט זען דיין מפּלה.

— איך פאַרשטיי דיך. אַלאַ איז יינגער פאַר מיר מיט אַכט און צוואַנציק יאָר, זי וועט מיך נאַרן...

— זי וועט דיך באַשטימט נאַרן, אויף יעדן טריט וועט זי דיך נאַרן. זי מוז דיך נאַרן...

— העע, נישט אַלע פּרויען נאַרן...

גאַנסער דרייט אום דעם קאָפּ צו בערעיסקין און לאַכט:

— זאָג נאָר, וואָס האָסטו געזאָגט? נאָכאַמאָל זאָג עס.

— נישט אַלע פרויען נאַרן, שטאַמלט בערעיסקי.

— נו, דו גלויבסט שוין אין די ווייבער?... יתגדל, ויתקדש... באַגראָבן אַ חבר, באַגראָבן... און ווען מען נאַרט אָפּ אַ פּופּציק־יעריקן איז דער רחמנות נאָך גרעסער, ווייל ער קאָן זיך שוין נישט רעוואַנזשירן... פאַרשטייסט, ווען מען שמייסט אַ חדר־יינגל, איז דאָס גאָרנישט, אָבער דאַמאָלט, ווען מען קאַטעוועט אַזאַ יינגגמאַנטשיק, ווי דו... ביין און פערציק יאָר אָן אַ חודש און אָפּגעשמיסן... איך וויל דאָס נישט זען... אַ גוטע נאַכט!

בערעיסקי איז אויפגערעגט. ווען גאַנסטער וויל אַוועקגיין האַלט ער אים צו:

— אידיאָט! וואו לויפסטו, קום מירן נאָך אַריינגיין אין „ניטוש".

---

אין קאַבאַרעט טרינקט מען ווידער שוואַרצע קאַווע מיט אַבריקאָטין. גאָר ביידע חברים שווייגן, איינער פון זיי האָט גע־נוג פון וואָס צו טראַכטן...

# די קליינע פוז עלזאַס

איך האָב זיך באַקענט מיט איר דעם פּערצנטן יולי, אין דער נאַכט, ווען פּאַריז האָט געטאַנצט ביז משוגעת און אפשר נאָך אַביסעלע ווייטער, ווי ביז משוגעת. איך בין אַרומגעגאַנגען איינער אַליין, נישט אין קיין פריילעכער שטימונג. איך ווייס נישט פאַרוואָס... אפשר דערפאַר, ווייל אנדערע האָבן זיך צופיל געפרייט. איך האָב זיך געפּלאָנטערט אין אַ באַוועגלעכן ים פון מענטשן, אַלע צעדולטע פון אַזויפיל מוזיק און אַזויפיל... מענטשן.

אין ראַיאָן פון מאָנפּאַרנאַס, ביי עטלעכע גרויסע קאַפע-הייזער. טויזנטער טישלעך אויף די טראָטואַרן, די באַוועגונג אָפּגעצוימט. נישטאָ קיין טראַמוואַי, קיין אויטאָמאָביל, די בלאַטע גאַס איז פאַרן טאַנץ...

מען האָט געשפּילט און מען האָט געטאַנצט. אַ רגע גייט עס צו ערנסט, די פּאָרלעך באַוועגן זיך אין ברען, גלאַט-אַזוי פון מצוה-וועגן, אָט דאָ און דאָרט איז אַביסל שיטערלעך פון מענטשן... נאָר פּלוצלינג ציגדט זיך דאָס אָן, דער באַל פון דער גאַס אויפן גאַס... אַלע פּרעדיקער פון גלייכהייט און פריי-הייט האָבן נישט אויפגעטון אַזויפיל מיט זייערע דרשות און ביכער וויפיל דער טאַנץ האָט דאָ באַוויזן, דער טאַנץ האָט דאַ-מאָלט אויף די פּאַריזער גאַסן געבראַכט די אמתע גלייכהייט. פאָלק מיט פאָלק האָט געטאַנצט, איין ערד-טייל מיט דעם צווייטן ערד-טייל, ווייסע מיט שוואַרצע מענטשן, דער אַפּאַש מיט אַ טאָכטער פון אַ רייכן פאַבריקאַנט, דער געלער כינעזער מיט אַ קאָוונער יידיש מיידל...

חייל אַמאָל מיט יאָרן צוריק אין אַ פּערצנטן יולי האָט דער המון צעשמעטערט די באַסטיל... ניין! קיינער טראַכט נישט פון דער פאַרגאַנגענער רעוואָלוציע, מען טאַנצט ווייל... מען וויל טאַנצן.

אַרום דעם קאַפע „לא ראָטאָנד". צווישן די טישלעך, איך בלאָנדזשע און איך זוך אַ פּנים, אַ באַקאַנטן. אין דער דזשוי־קער גרויסער שמחה זיין איינער אַליין איז זייער אַ שווערע זאַך...

פּלוצלינג כאַפּט מיך ווער אָן פאַר מיין האַנט. ביי אַ טישל זיצט אַ יינג בלאָנד מיידל, זי לאַכט צו מיר און לאָזט נישט אָפּ מיין האַנט. רעדט צו מיר האַסטיק פראַנצויזיש, פאַר־שטיי איך נישט אַלץ מיטאַמאָל, ווייזט זי מיר אָן אויפן עולם... אָ, איך פאַרשטיי שוין, זי פרעגט, צי איך וויל אויך טאַנצן...

— יאָ, איך שאָקל מיטן קאָפּ און... ס'איז מיין חלום אפילו נישט געווען. איך האָב מיט עטלעכע מינוט צוריק נישט געטראַכט וועגן דעם.

איך בין אין קאַראַהאָד פון דעם טאַנצנדיקן עולם... איך? ווער איך בין ווייס איך, אָבער ווער איז מיין דאַמע? אַ יינגע, אַ בלאָנדע מיט אַ ספּאָרט־היטעלע. דאַכט זיך, אַז זי איז הייַנט געקומען פון וועג און זי מוז זיין מיד פון וועג, ווייל זי פאַלט צו צו מיר אין טאַנצן, ווי איינע, וואָס וויל זיך אָפּרוען. מיר פאָלגן דעם טאַקט פון דער מוזיק. מיר זענען פרעמדע, אָבער איצט איז דאָך אַ רגע פון אַלגעמיינער אחדות, ס'איז אַ שוויי־גענדיקע איינשטימיקייט צווישן מענטשן...

איך טאַנץ, גלייך מיט אַלעמען.

און דאָך נישט גלייך מיט אַלעמען. עפּעס באַוואונדער איך זיך צופיל, וואָס איך האָב געהאַט אַזויפיל מוט און זיך געלאָזן טאַנצן אין מיטן דער גאַס...

ווען מיינע פריינט פון פוילן זאָלן דאָס זען.

ווען מיין מאמע זאָל מיך פּלוצלינג אזוי דערזען אין דעם סאַנצנדיקן ים...

וואָס מער איך טראַכט, וואָס מער איך דערמאָן זיך, אַלץ שווערער ווערט מיר דאָס טאַנצן, אַ לאַסט הענגט אויף מיינע פיס...

האַ! וואָס רעדט זי די קליינע צו מיר? אַ מאָדנע שווערע שפּראַך דאָס פראַנצויזישע, אפילו דאָס, וואָס אַ שען מיידל רעדט צו דיר פאַרשטייסטו אויך נישט...

איך פאַרשטיי נישט...

און פּלוצלינג געשעט א נס: די קליינע פרעגט:

— שפּרעכען זי דויטש?

דאַכט זיך, אַז די גאַס איז פרייער געוואָרן, דער טאַנץ לע־בעדיקער און לוסטיקער. „דויטש", דייטש, מען וועט זיך שוין אַן עצה געבן...

און שוין אזוי טאַנצנדיק דערגיי איך פון איר, אַז זי שטאַמט פון עלזאַס. דער פאָטער אַ פראַנצויז, די מוטער — אַ דייטשין.

איך האָב באַקומען לשון, ערשט איצט בין איך געוואָרן אַ שותּף צו פּאַריז, צו אַלע שמחות פון פּאַריז.

*

און אַביסל צייט שפּעטער בין איך מיט איר געזעסן אויף דעם ערשטן שטאָק פון קאַפע „לא ראָטאָנד". איך האָב באַ־שטעלט ווייַן, מיר האָבן לאַנגזאַם געטרונקען, לאַנגזאַם געררו־כערט און נאָך לאַנגזאַמער געשמועסט. דאָס קינד פון עלזאַס, דאָס צוואַנציק יעריקע קינד איז געווען מיד פון היינטיקן אָוונט, מיד פון אַ פּאַריזער נאַכט, עטלעכע בלאָנדע הערעלעך זענען מיד אַראָפּגעפאַלן אויף איר שטערן, זי האָט זיך געפּוילט עס ארויפצושאַרן. איך האָב עס געטון, דערביי האָב איך אַ גלעט געגעבן איר שטערן און זי האָט באַדאַנקט מיט אַ שמייכל. דאָס איז געווען אַ שמייכל פון אַ פרוי, וועלכע בענקט... ניין! איך וויל נישט דערציילן פון שטימונגען...

אונטן דאָרט אויף די גאַסן הוליעט מען, ווי שיכורים און איך וועל דאָ רעדן פון סענטימענטן. אין יענער רגע איז זי געווען פאַר מיר די שענסטע, די איינציקסטע און געטראַכט האָב איך, זיכער בין איך געווען, אַז הייַנטיקע נאַכט איז אונדזערע...

אָבער אַ מענטש טראַכט...

אין דער רגע איז פאַרבייגעגאַנגען אַ יונגערמאַן מיט אַ פּנים פון אַ האַלבן לאָרד און אַ האַלבן אַפּאַש, מיט אַ קאָ-לירטן זיידענעם שאַל פאַרוואָרפן אויף די אַקסלען. מיין קליינע האָט אים באַמערקט, זי איז אויפגעשפּרונגען, אַוועקגעוואָרפן אויף מיין טישל איר סיגאַרעט, אַ געשריי געגעבן:

— זשאָרזש!

און איז מיט אים פאַרשוואונדן געוואָרן.

אַ רגע. און איך האָב דערפילט די גרעסטע ליידיקייט פון דער וועלט, ליידיק, ליידיק, גאָרנישט געבליבן אין מיר... איך האָב געקוקט אויף איר וויין, וואָס זי האָט נישט דערטרונקען, אויף איר סיגאַרעט, וואָס זי האָט נישט אויסגערויכערט און איך האָב געפילט... זאָל עס גיין מיט דעם, וואָס אַ מענטש פילט פון איינזאַמקייט, קיינער באַדאַרף עס נישט וויסן.

איך בין ווידער געווען אויף דער גאַס. דער רויש נישט שוואַכער געוואָרן, דער עולם נישט קלענער, עס גייט אַ קאַראַ-האָד... אַלט, יונג, שיין, מיאוס, דיקע און דאַרע פרויען. אַלע פאַרשוויצט, פאַרשמאַעט, פאַרסאַפּעט. מען טאַנצט, מען טאַנצט מען טאַנצט. אויף די דאַמען האָט זיך שוין די פאַרב צענויפ-געמישט מיטן שווייס, די קורצע האָר טאַנצן מיט, די קליידער צעקנייטשט, די קאַוואַלירן זענען פרעכער געוואָרן: אָנטאַפּט אַרומנעמען מיט איין האַנט, נעמען זיי שוין אַרום מיט ביידע הענט. ביי אַנדערע מענער זענען די ליפּן רויט, זיי האָבן שוין ביי זייערע דאַמען פאַרזוכט דעם טעם פון ליפּן-פּאָמאַדע.

דער קאַראַהאָד גייט אַלץ מיט מער אומרואיקייט, מיט מער אימפּעט, מיט מער דורשטיקייט...

איין מאָמענט איז געווען: דער טאַנץ האָט זיך פאַר־קלענערט. אַ סך האָבן אויפגעהערט צו טאַנצן און זיך אַרויס־געגנבעט פון קאַראַהאָד...

וואָס איז געשען?

אַ גרופּע אינוואַלידן זענען אַרויסגעקומען אויף דעם בול־וואַר. אַ שרעקלעכע גרופּע: מענטשן אָן הענט, מענטשן אָן פיס, עטלעכע מיט צעהאַקטע פּנימער, דער אָן אַ נאָז, יענער מיט אַ האַלבן פּנים, דער דריטער אָן אויערן: עטלעכע בלינ־דע... די אומגליקלעכע האָבן ווייזט אויס דערפילט, אַז זיי צע־שטערן דעם יום טוב און זיי האָבן זיך באַלד אַוועקגערוקט... און באַלד איז טאַקע ווידער אַוועק די זעלבע טאַנץ־וואקכא־נאַליע...

איך האָב געזוכט און נישט געפונען. די קליינע פון עלזאַס... וואו איז זי אהנגעקומען?

*

ווי אַ שוים איז דאָס אַלץ אוועק, אָט די שטימונג און די פריילעכקייט פון דער גאַס, עס האָט זיך האַלב פאַרגעסן יענער אָוונט מיט די טענץ, מיט דעם פריילעכן פייערווערק, וואָס האָט געברענט און געפינקלט איבער די סיין, עס האָט זיך פאַרגעסן דער ליאַרעם פון פרייד. מיליאָנען מענטשן זענען אַוועק צו זייער גרויער וואָכעדיקייט. איך האָב אָבער נישט פאַרגעסן די קליינע פון עלזאַס. דורך דעם סיגאַרעטן־רויך, ווען מיר זענען אין קאַפע געזעסן אינאיינעם, האָב איך געזען צו זיך געווענדעט א גוטן שמייכל און אָט דער שמייכל האָט זיך נישט פאַרגעסן. ס'איז געווען אין מיר אַ פאַרדריסלעכע בענק־שאַפט, ווייל יעדער צופאַל מוז זיך אויסלעבן, עס מוז עפּעס בלייבן... דער געוויינלעכער געדאנקען־גאַנג אין דעם דאָזיקן פאַל וואָלט געדאַרפט זיין גאַנץ געוויינלעך: א פאַריזער מיידל, איינע פון הונדערט טויזנט, זי האָט געכאַפּט א יאָלד, דערווייל איז אָנגעקומען א בעסערער יאָלד איז זי אַוועק מיט יענעם... אזוי האָב איך באַדאַרפט טראַכטן און אזוי האָב איך אפשר

געטראַכט, נאָר אויסער אַלע טראַכטענישן, װאָלט איך זיך זע־
דערפרייט, װען איך באַגעגן זי נאָכאַמאָל...

אין אַ צייט אַרום, אין „לאַ ראָטאַנד". זי זיצט מיט אַ
גאַנצע חברה יונגע און עלטערע מאָלערס, זיי שפּאַסן מיט איר,
זי שטיפט מיט זיי, זי איז דער אָטעם און דער נערוו פון
דער גרופּע.

גיי איך פאַרביי און באַגריס זיך. זי ענטפערט, אָבער
נישט מער, װי זי ענטפערט. דאָס פאַרדריסט, װייל איך פיל צו
איר מער נאָנטקייט.

נאָך אַביסל צייט אַריבער. ביי באַקאַנטע דערגאַנגען עס־
װאָס װעגן איר. זי איז אַ מאָדעל ביי די מאָלערס און אויסער
דעם לעבט זי פון די צייטװייליקע ליבעס. זי... זי איז אַ גרוי־
סע אויסקלויבערין. פריער פאַר אַלץ מוז איר דער מאַן געפעלן
װערן, אויב נישט ענטפערט זי אים אפילו מיט קיין שמייכל
נישט. בין איך אַ ביסעלע צעפרידן: צו מיר האָט זי דאָך יאָ
געשמייכלט, בין איך אַ ביסעלע אומצופרידן אויך; פאַרװאָס האָט
זי אויפגעהערט צו מיר שמייכלען?

איך פלעג יעדן אָװנט גיין אין „לאַ ראָטאָנד". באַגעגנט
באַקאַנטע און פריינט, פאַרבראַכט, גענאַשט אייז־קרעם און גע־
פלוידערט, אָבער מיין בליק פלעגט שטענדיק שװעבן צו יענעם
טישל, װאו די קליינע איז געזעסן מיט אירע מאָלערס, זי פלעגט
אויך קומען אין קאַפע יעדן טאָג...

•

איינמאָל האָב איך געכאַפּט אַ האַלבן בליק פון איר. אַזאַ
בליק, װאָס איז מער װי אַ בליק און מער װי אַ װאָרט. איך
בין געבליבן אַ צייט נאָך ביי מיין טישל מיט מיינע פריינט.
איצט שוין אָן אויפגעמונטערטע. װען די פריינט מיינע װאָלטן
געהען אויפמערקזאַם, װאָלטן זיי אודאי באַמערקט די פאַרענ־
דערונג אין מיר, די װערטער פליען פון מויל מיט מער אָנ־
רעגונג אין אַזאַ מאָמענט, מיט מער עטװאָס איינגעהאַלטענע

אויפרעגונג, פונקט, ווי ביי דער פינפטער גלעזל פון עכטן קאָניאַק...

דערנאָך בין איך אוועק פון טישל און זיך אַוועקגע־שטעלט אין איינע פון די טירן פון קאַפע, איך האָב באַמערקט, אַז דורך דער דאָזיקער טיר איז זי עטלעכע מאָל אַרויסגעגאַנ־גען און צוריק אַריין.

געשטאַנען און געוואַרט. געדולדיק ווי אַ זעלנער, און אומגעדולדיק, ווי אַ פאַרליבטער... חכם! דו ביסט דאָך אין פּאַ־ריז. וואַרף אַוועק די נאַרישקייטן, אַ פּרוי איז דאָ... אַ פלעשל וויין, אויסגעטרונקען און אַוועק... יאָ, אָבער צו דעם פלעשל וויין האָב איך חשק. איך וועל פון דאַנען נישט אַוועק. בין איך געשטאַנען און געשטאַנען, ביז אין האָב זיך דערוואַרט. זי איז געגאַנגען צו דער טיר. איך האָב זי באַגריסט, ווי צו אַן אַלטע באַקאַנטע און אַרויסגעוואָרפן די ערשטע ווערטער, וועלכע זענען געקומען אויף מיינע ליפּן:

— קליינע! ווילסט פאָרן אַביסל אין „בוא דע בולאָן״?

הערט זיך איין מיין העזה און מיין דרייסטקייט: איך זאָג צו איר „דו״ און קוקט זי צו: זי נעמט אָן, ווי אַ געוויינלעכע זאַך. אָבער פאָרן מיט מיר אין „בוא דע בולאָן״ שפּאַצירן?...

— ניין, נאָן, מאָסיע!

איך גלויב, אַז אין די אויגן מיינע האָט זיך דאַמאָלט די האָפנונג איינגאַנצן פאַרלאָשן, ווייל דאָס מיידל האָט אויף מיר אַ קוק געגעבן מיט מיטגעפיל:

— דו ווילסט עס שטאַרק?

— וואָס הייסט, ווי גאָט איז דיר ליב...

— עס גייט...

און זי האָט מיך גענומען פאַרן האַנט, דורכגעפירט אַ שטיק קאַפע צום טישל, וואו אירע באַקאַנטע זענען געזעסן. זי האָט גענומען איר רעדיקול, זיך אָפּגעזעגנט און זיך איבערגע־ווינקען מיט אירע באַקאַנטע... וואָס ווינקט זי? דאָס ווייס איך

נישט, נאָר רויט בין איך געוואָרן, דאָס האָב איך גוט געפילט...
...זי האָט געפּאַקט אַ פּרייער

•

מיר פאָרן איבער אַלעקסאַנדער דעם דריטנס בריק. פון אַלע זייטן גייט אַ פאַרשטיקטער גערויש פון בייגאַכטיקן פּאַריז. אַ ווייטע און נאָנטע פייפערייַ פון אויטאָמאָבילן... די לופט איז פול מיט קלאַנגען, מיט עכאָס פון קלאַנגען. דער אייפל-טורעם איז באַלויכטן פון קאָפּ ביז די פיס. אַ משוגעהדיקער ריז, פינטלט מיט טויזנטער עלעקטרישע אויגן.

די באַלויכטענע נאַכט איז מיר דאָ פרעמד און די וואָס זיצט דאָ לעם מיר אַזאַ יינגע מיט אַזאַ שמאָלינקע פיגורל, מיט קינדערשער גוטסקייט אין די אויגן... מען דאַרף אַרויסרופן שטימונג, אַז זי זאָל מיר אויך פרעמד נישט זיין, חאָטש איך האָב זיך געיאָגט נאָך איר.

איך טראַכט מיט איראָניע צו זיך אַליין: „מיט אַזאַ בעדאַרף מען האָבן שטימונג"? און זי, וואָס שווייגט זי? זי זוכט אויך שטימונג?

אין מיינע הענט ליגט איר קליין הענטל, אַזוי קליין, איך פיל דיביינדלעך פון די פינגער, די דאָזיקע פינגער רעדן פון צאַרטקייט, פון אומשולדיקייט, דאָס קאָן אַ פאַרהאַרטעטן מענטשן אויך מאַכן אַביסל סענטימענטאַל. איך שווייג, ווען דער אויטאָמאָביל גליטשט זיך אָן רויש, זי שווייגט מיט... און דאָס ערגערט נישט. עס טראַכט זיך דערביי, אַז זי איז נאָך אַ שטיקל מענטש, זי קאָן שווייגן...

מיטאַמאָל טוליעט זי זיך נענטער צו מיר און רעדט אַרויס:

-- איך מוז... איך מוז האָבן צוויי הונדערט פראַנק.

שווער איז מיר געוואָרן. איך האָב דאָך פריער געוואוסט, חאָטש איך האָב פון דעם נישט געטראַכט, איך האָב פריער געוואוסט, אַז אַזאַ באַגעגעניש איז פאַרבונדן מיט געלט, אָבער איצט האָב איך נישט געוואָלט, נישט געטאָרט הערן פון דעם,

ווען דער אויטאָמאָביל וואָלט אַזוי האַסטיק נישט געלאָפן, איך וואָלט באַשטימט אַרויסגעשפּרינגען. איך שפּרינג נישט און זי וואַרט אויף אַן ענטפער:

— גוט, וועסט האָבן צוויי הונדערט פראַנק.

— מערסי!

איצט האָט זי געגומען פּלאַפּלען אָן אַ סוף. גערעט פון איר קינדהייט, זי האָט זיך אַמאָל שיר נישט דערטרונקען, מען האָט זי קוים אָפּגעראַטעוועט... אַ שוידער! מיט וועמען וואָלט איך דאָ איצט געפאָרן? זי האָט גערעט וועגן אירע חברים, וועגן די מאַלערס דערציילט. זי פּאָזירט שעהנווייז, זי פּאָזירט אין אומהיימלעכע אַטעליעס און די קבצנים צאָלן נישט קיין געלט, איידער זי באַקומט אַרויס עטלעכע פראַנק, פּייניקט זי זיך געגווג אָן.

יעדע רגע פאַרגעסט זי, אַז איך בין אַביסל צעקריקט מיט דער פראַנצויזישער שפּראַך, באַלד כאַפּט זי זיך און גייט אַריבער אויף דייטש. איך בין איר דערפאַר אין האַרצן דאַנק־באַר...

— מעסיע! רופט זי פּלוצלינג אויס...

— וואָס איז? קליינע!

מיר האָבן זיך דאַן געפונען אויף די גליטשיקע און גלאַנ־ציקע וועגן. פון „בוא דע בולאָן" דער פּאַלאַץ איז זער באַ־לויכטן געווען: פון אַ גרויסאַרטיקן רעסטאָראַן איז די ליכט בעגאַנגען...

— וואָס איז? — פרעג איך.

און זי ציט אויס אַ פּיסל און באַווייזט מיר: אַן „אייגל" פון דעם זאָק האָט געפּלאַצט, דער זיידענער זאָק איז צעריסן...

— איך מוז האָבן אַ פּערטל טוץ זאָקן.

— גוט! מאָרגן וועסטו האָבן זאָקן...

— ניין! היינט...

— איצט איז דאָך שוין שפּעט, שוין נאָך צוועלף.

— אויף מאָנמאַרט זענען אָפן די געשעפטן אַ גאַנצע נאַכט..

— גוט, גוט...

אויפגעהערט וועגן דעם רעדן, געשוואומען איבערן וואַלד, וואו אויטאָמאָבילן זענען אפשר מער געווען, ווי בוימער. אויטאָמאָבילן מיט באַלויכטענע לאמטערנעס, אויגן, וואָס קוקן פריילעך אַריין אין אַלע ווינקעלעך פון וואַלד...

מיר פאָרן צוריק. אויף „פּלאַס דע קאָנקאָרד" שרייט זי אויס צום שאָפער:

— לינקס! אויף מאָנמאַרט...

איך האָב פאַרשטאַנען... די זאָקן

*

אין צען מינוט אַרום בין איך געשטאַנען מיט איר אין אַ גרויסן וועש-געשעפט און זי האָט זיך אויסגעקליבן זיידענע זאָקן... זאָל זיין...

אָבער מיין לאַגע איז געווען אַ ביסל אַ קאָמישע: אין דעם דאָזיקן געשעפט, וועלכער איז אָפן אַ גאַנצע נאַכט בין איך נישט געווען דער איינציקער קונה. עס זענען געווען נאָך אַ זיבן, צי אַכט מענער, אַלע מיט פריילינס, וועלכע זענען געקומען קויפן זיידענע זאָקן...

איך בין געווען דער אַכטער צי דער ניינטער פרייער און מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די פאַרקויפערין שמייכלט מיט שפּאַס פון מיר און פון די איבעריקע מענער. אָפּגעפּטרט.

ווען מיר זענען געפאָרן צוריק האָט זי זיך נישט אויפגעהערט צו פרייען מיט דאָס קליין פּעקעלע, געדריקט עס צום האַרצן אין איך? וואו בין איך? איך האָב געאייפערט צו די זאָקן.

געקומען צו מיר אין האָטעל. אונטן און פאָיע:

— איך בין מיד, זאָגט זי און איך זע, זי האָט פאַרגעסן וועגן די זאָקן, זי האָט אַלץ פאַרגעסן, דער בליק אַן אַנדערער, דער שמייכל אַן אַנדערער, פאַרבענקט. צוריקגעצויגן פון דער פריערדיקער בייציקער מיידל, זי איז איצט שוין געווען מער

מיט דער נאַכט, ווי מיטן טאָג... אַ געליבטע, מיינע צי יענעמס, אָבער בלויז אַ געליבטע.

— איך בין מיד, טראָג מיך אַרויף אויף די טרעפּ...

קוק איך זי אָן.

— איך קאָן נישט גיין און איך וועל נישט גיין.

אַזוי, ווי זי וואָלט קלענער געוואָרן, עפּעס פון אַ קינד, וואָס איז באַליבט ביי טאַטע־מאַמע, עפּעס פון אַ פרוי, אַן אויסגעבענקטע נאָך צערטלעכקייטן.

איך האָב זי גענומען אויף די הענט... לייכט... עס שפּרייזט זיך, טריט נאָך טריט אויף דעם ווייכן טרעפּ־דיוואַן. פּאָרזיכטיק, קיינער זאָל נישט הערן מיינע טריט, קיינער זאָל מיך נישט זען אין אַזאַ לאַגע... און זי אַזוי ווי פאַרחלשט, אַ טאַטע טראָגט אויף די טרעפּ זיין איינגעשלאָפענע טאָכטער, אַ ברודער טראָגט אַרויף זיין שוועסטערל...

קוים זיך אַריינגעגנבעט אין צימער. אָנגעצונדן די ליכט. זי די קליינע שטאַמט פון עלזאַס, דער פאָטער אַ פראַנצויז, די מוטער אַ דייטשין. א טראַכט געגעבן: דאָרט אין אויטאָמאָביל איז מיט מיר בעוועגן די דייטשין... דאָ ביי מיר אין צימער — די פראַנצויזין. זי האָט א וואָרף געגעבן דאָס פּעקעלע מיט די זאָקן, נישט צוגעקוקט זיך אַפילו, וואו דאָס איז אַראָפּגע־פאַלן און צוגעשפּרונגען צו מיר

אָן ווערטער געפּאָדערט אַ קוש, געפּאָדערט צערטליכ־קייטן...

אויפגעכאַפּט זיך אין דער פרי... לעם מיר איז זי נישטאָ. עפּען איך אָן אויג און זוך... אויפן טישל אַנטקעגן שפּיגל זיצט זי אַ נאַקעטע און שפּילט זיך מיט די זאָקן, איין פּאָר אויף די פיס און די צווייטע פּאָר אויף די הענט, קוקט אין שפּיגל און לאַכט צו זיך אליין, מאַכט גרימאַסן, ווי אַ צויי־בערן...

א סך זון אין צימער, זון אויף דער פּאָדלאָגע, זון אויף איר קערפּער און דאָס שפּיגלט זעט אויס פון די שטראַלן, ווי צעפלאָסענער זילבער...

— באָן זשור!... שטאָט צו ענטפערן, פרעגט זי מיר:

— האָסט עפּעס אַ סך געלט?

— און אויב יאָ?

— וועלן מיר פאָרן צוזאמען קיין אינדיען...

— קינד! אינדיען איז אַביסל צו ווייט און מיין קאַפּי־טאַל איז צו קליין...

פאַרטרויערט זי זיך:

— איך האָב נישט קיין מזל, אַלע מיינע פריינר האָבן נישט קיין געלט און די וואָס האָבן געלט, האָבן דערצו גוזי־סע בייכער און שלעכטע כאַראַקטערן, פע! כ׳האָב פיינט אַ מאַן מיט אַ גרויסן בויך.

נישט דאָס איז אָבער איצט דער עיקר: מען באַדאַרף זיך אָנטון, מען באַדאַרף עסן פרישטיק און מען דאַרף מאַכן דעם סדר פון טאָג, ווייל די קליינע פאַרבלייבט ביי מיר. אויף ווי לאַנג? מיר טראַכטן נישט פון דעם...

זי איז ביי מיר אין צימער שוין נישט פון נעכטן, שוין פון לאַנג, קיין שום פרעמדשאַפט נישט. זי האָט מיר אויף איר אויפן אַ נייעם נאָמען געגעבן און זי רופט מיר מיטן נייעם נאָמען, איך רוף זיך אָפּ. זי אַליין הייסט אַנזשעלינא. אַביסל צו לאַנג, קלויב איך אויס איין פערטל פון איר נאָמען, איין זילבע: „לין״. און די משפּחהלע איז פאַרטיק. מיר געהען צו־זאַמען עסן, מיר זעען צוזאַמען כמעט דעם גאַנצן טאָג...

די ערשטע צייט האָט זי גאָרנישט געקאַרגט מיט מיין געלט: זיידענע שאַלן, פּערפוּם, דעם בעסטן וויין אין רעסטאָראַן. דערנאָך האָט זי זיך אינגאַנצן געביטן, זי האָט דערפילט אין מיר אַ פריינט, אַן אמתן פריינט און אַ פריינט, מוז מען שאָנע־ווען. זי האָט זיך פּשוט געזידלט מיטן גאַרסאָן, ווען ער פלעגט מאַכן אַ צו גרויסן חשבון, זי האָט איצט געפירט מיין ווירט־שאַפט, געריסן זיך מיט דער וועשן, געהאַט פּרעטענזיעס צום אייגנטימער פון האָטעל...

די „דייטשקע״ פלעגט אָפּט אַרויסשפּרינגען.

אָבער דער גוטמוטיקער שמייכל פון דער פראַנצויזין פלעגט אַלץ פאַרטרייבן.

*

פאַרליבט? דאָס וואָרט איז ווייט געווען פון מיר ביי דער דאָזיקער באַגעגעניש... אמת! מען האָט זיך געקאָנט פאַרליבן אין דער קליינער „לין"... צו מיר האָט זיך געטוליעט א יונג וועזן, זי האָט געגעבן ליבע, זי האָט געגעבן אַן אויפריכטיקן שמייכל, א גוטן בליק פון נאַאיווע יונגע, גאָר יונגע אויגן, א ינגאנצן יוגנט.

און מאָס האָט זי געהאַט. קיין איין שאבלאָן אין איר האַלטן זיך, קיין איין איבעריקע פראַזע, קיין פרעטענזיע... זינ־דיקז... שטראָף מיך גאָט, אויב איך וואָלט זי געקאָנט באַליי־דיקן מיט אַ געדאַנק אפילו. זינדיק... ניין! גיכער איז דאָס געווען אַ יונג לעבן, וואָס האָט זיך געריסן צום לעבן און דעם אמתן פלאַץ נישט געפונען. געלט? די ערשטע צייט פלעגט זי ביי מיר א כאפ טון אַ הונדערט פראַנק האַלטן עס, צעקניי־טשען און אַוועקוואַרפן אויפן טישל.

זי האָט געהאַט קאַפריזן, אַ סך קאַפריזן, וועגן דעם האָט מען מיר פריער דערציילט, אָבער איך האָב זיי נישט געפילט, זי האָט עס באַהאַלטן, ווי אַ קעצל באהאַלט אירע נעגל, עס האָט זיך אַליין באַהאַלטן.

איך בין נישט געווען פאַרליבט אין איר, ביי אַ ליבע שטורעמט מען מער, ביי אַ ליבע איז מען אייפערזיכטיק און אומרואיק.

איך בין געווען רויק פאַר איר, פאַר זיך. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן די רויקייט פון יענע טעג. איך האָב זייער פיל געאַרבעט, דאָס לעבן מיינס איז אַוועק, ווי אַ שיף איף אַ רויקן וואַסער.

איינמאָל בלויז אויפגעציטערט: זי האָט באַקומען אַ בריוול פון אַ באַוואוסטן מאָלער, זי זאָל קומען... ער מוז ענדיקן דאָס

בילד, פאַר וועלכן זי האָט פּאָזירט, זאָל זי קומען, ער האָט שוין גרייט געלט פאַר איר.

אין האַרצן האָב איך נישט געוואָלט זי זאָל גיין. אָבער חירקן אויף איר האָב איך אויך נישט געוואָלט.

— וואַן גייסטו?

— איך וועל נישט גיין, איך באַדאַרף דאָך איצט נישט קיין געלט.

איך בין געווען צופרידן, איך האָב נישט געוואָלט טראַכטן פאַרוואָס איך בין פון דעם צופרידן.

זי האָט געהאַט אינטואיציע און אינסטינקטיוו זיך צוגעפּאַסט צו מיר, געוואָרן אַ שותּפטע צו מיינע שטימונגען, צו מיין האַלבער מעלאַנכאָליע אין דער גרויסער פרעמדער וועלט־שטאָט.

איינס האָב איך באַמערקט אין איר כאַראַקטער, דאָס שטאַרקסטע: זי האָט נישט געדולדעט, ווען מען איז נישט געווען אויפמערקזאַם צו איר, אַ גלעט, אַ קוש, אַ וואָרט, אַ בליק, אַ שמייכל... עס האָט שטענדיק געמוזט זיין פאַראינטערעסירונג מיט איר און אַזוי איז עס טאַקע געווען. די קליינע „לין", לעם איר איז די וועלט מיט אונזערע גרויסע פאַרלאַנגען גאָר קליין געוואָרן... וואָס האָב איך דאַמאָלט באַדאַרפט? וואָס געפּאָדערט? גאָרנישט... ווען מען זאָל שטאַרק וועלן יעדע זאַך אַ נאָמען געבן, וואָלט איך געזאָגט אויף מיין דאַמאָלסטיקן צושטאַנד: איך בין רויק ביז גליק... די וועלט איז געווען אין מיין צימער, לעם מיר האָט געקלאַפּט אַנזשלינעס האַרץ, דער וועלטס האַרץ איז נישט גרעסער, עס קלאַפּט נישט שטאַרקער, און נישט געטרייער.

*

מיין דערציילונג ענדיקט זיך אַזוי שנעל, ווי די גאַנצע געשיכטע מיט אַנזשעלינען האָט זיך געענדיקט.

די דריטע טיר פון מיין צימער אין האָטעל־קאָרידאָר פלעגט זיך זער אָפט עפענען און עס פלעגט זיך אַרויסרוקן

פון דאָרטן אַ שענער קאָפּ פון אַ מולאַט, אַ שלאַנקע פיגור מיט זער איידעלע שטריכן פון געזיכט גישט קוקנדיק אויף זיין שוואַרצער הויט. אין טונקעלן קאָרידאָר פלעגן די ווייסלען פון זיינע אויגן אַ בליץ טון, ווי שטיקלעך ווייסע פאָרצעליי, ער פלעגט אָן אַ פאַרדאָן שמייכלען צו מיין קליינער לין און זי פלעגט שמייכלען... צו אים...

— ער געפעלט דיר?

— יאָ...

— וואָלסט געגאַנגען צו אים?

— ס'קאָן זיין...

דאָס איז געענטפערט געוואָרן אין שפּאַס, נאָר ווען זי האָט מיך אויף די טרעפּ אַ שטאַרקן קוש געטון, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז מיט מיר ענדיקט זיך: לין וועט לאַנג ביי מיר נישט בלייבן.

איינמאָל האָט אונדז דער מולאַט באַגלייט פון די טרעפּ און ווען מיר זענען ארויס פון האָטעל, האָט ער זיך אָן צערעמאָניעס פאַרגעשטעלט.

ער האָט אויסגעזען ווי אַן אַקטיאָר און געווען איז ער צירק-מענטש, אַ באַרימטער צירק-מענטש. אַנזשעלינען האָט עס אימפּאָנירט און איצט, ווען זיי האָבן ביידע גענומען רעדן אויף אַ שנעלן פראַנצויזיש, האָב איך זיך באַלד דערפילט, ווי אַ פינפטער ראָד צום וואָגן. נאָר איך האָב נישט געליטן, איך בין באַלד געוואָרן אַ באָאָבאַכטער און געלאָזן גיין, ווי עס גייט...

דער מולאַט איז שוין עטלעכע מאָל געווען ביי מיר אין צימער און לין איז שוין צו אים אויך אַריינגעלאָפן.

איך האָב געוואַרט אויף דעם סוף מיט אַן אומפאַרשטענדלעכער רויקייט און לאַנג האָב איך נישט באַדאַרפט וואַרטן: איך האָב דער קליינער געלאָזן אַליין אין צימער און געגאַנגען דערליידיקן עטלעכע ענינים. ווען איך בין צוריקגעקומען האָב איך דערהערט אַ געזאַנג אונטער מיין טיר, נישט איין שטימע, צוויי שטימען האָבן געזונגען.

כ'האָב געעפנט די טיר: אַנזשעלינע מיטן מולאַט האָבן

זיךביידע געוויגט אויף דעם איינציקן וויג־שטול פון צימער, אויף דער פאָדלאָגע איז געשטאַנען אַ פלעשל פון קאָניאַק מיט צוויי ליידיקע גלעזלעך, מיין פלעשל קאָניאַק. זיי זענען געווען ביידע אין אַ געהויבענער שטימונג:

— וויוואַט! מיר פאָרן קיין אַלזשיר, האָט אויסגעשריגן אַנזשעלינע.

— יאָ, קיין אַלזשיר, האָט באַשטעטיקט דער מולאַט, אונדזער גאַנצער צירק פאָרט אַהין אַריבער. דער מולאַט האָט געהאַלטן אַ יידיש בוך, וואָס ער האָט גענומען פון מיין טיש, ער האָט געלאַכט און כסדר געפרעגט:

— ווי לייענט מען עס? און ער דרייט, דרייט דאָס בוך אויף אַלע זייטן... —

עס האָט זיך מיר אַ ביסל צעטומלט דער קאָפּ פון דעם דאָזיקן בילד: דער מולאַט אויף מיין וויג־שטול, אַנזשעלינא אויף זיינע קני, מיין יידיש בוך אין זיינע הענט, מיין קאָניאַק אויסגעטרונקען.

איך בין צוגעגאַנגען צום פענצטער און אַראָפּגעקוקט אויף דער גאַס, הין און צוריק זענען געפלויגן די שוואַרצע אויטאָמאָבילן, אין האַסטיקע זיגזאַגן און אין גלייכע פלינקע ליניעס. אַ גרויס לעבן מיט אַ גרויסן פלאָנטער. וואָס איז איין באַגעגעניש און וואָס איז איין צעשיידעניש?

— וויוואַט! מיר פאָרן קיין אַלזשיר...